## אַבלאַמאָוו

ער האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן זייגער: צוויי. עס איז שוין צייט צו פאָרען צו אָלגאַ'ן. היינט מיטאָגט ער ביי איר. ער האָט גענומען ווערען פרעהליכער, געשיקט נאָך אַ דראָשקע און אוועקגעפאָרען צו אָלגאַ'ן.

— אַט איז ביי די אילינסקים געווען אַ געלערנטער, — האָט ווייטער גערעדט זאַכאַר, — האָט ער טאַקע צוגעצויגען דאָס זילבער פון בופעט.

„פולשטענדיג גערעכט, — האָט אָבלאָמאָוו אַ טראַכט געטאָן, — אַט די אַלע געבילדעטע זיינען אוממאָראַליש, שלעפּען זיך איבער קרעטשמעס... ניין, עס איז נאָך ניט געקומען די צייט פאַר שולען.״

— אויף וואָס נאָך איז אַוועק דאָס געלט? — האָט ווייטער געפרעגט אָבלאָמאָוו.

— פון וואַנען זאָל איך וויסען? אַט האָט איר געגעבען געלט מיכעי אַנדרעיאַיטש'ן, ווען ער איז געקומען אין דאָרף אריין צו אונז.

— גערעכט, — האָט זיך דערפרעהט אָבלאָמאָוו, דערמאָנענדיג זיך וועגען דעם געלט. — איז עס אַזוי: דעם קוטשער דרייסיג רובל, מיכעי אַנדרעיאַיטש'ן, דאַכט זיך, פינף און צוואַנציג... וואו איז דאָס איבעריגע געלט?

ער האָט פאַרטראַכט און פרעגענדיג געקוקט אויף זאַכאַר'ן. אַנגעכמורעט, פון אַ זייט האָט זאַכאַר געקוקט אויף אים.

— אפשר גערענקט אַניסיאַ? — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו.

— זי זאָל גאָר גערענקען! — האָט מיט פאַראַכטונג זיך אָפּגערופען זאַכאַר.

— איך קאָן זיך ניט דערמאָנען! — האָט מיט טרויער זיך אָפּגערופען אָבלאָמאָוו. — זיינען דאָ ניט געווען קיין גנבים?

— ווען עס וואָלטען געווען גנבים, וואָלטען זיי אַלץ צוגענומען, — האָט געזאָגט זאַכאַר, ארויסגעהענדיג.

אָבלאָמאָוו האָט זיך געזעצט אין דער שטול אריין און פאַרטראַכט זיך. „וואו וועל איך נעמען געלט? — האָט ער געטראַכט און באַגאָסען זיך מיט קאַלטען שוויים. — ווען און וויפיל וועט מען מיר צושיקען פון דאָרף?״

„וואו איז אהינגעקומען דאָס געלט?" האָט ער זיך ווידער־אַמאָל געפרעגט.

— זאכאר! זאכאר!

— וואָס פארלאַנגט איר, הער?

— וואו איז אהינגעקומען דאָס גאנצע געלט? מיר האָבען דאָך אין גאַנצען קיין געלט ניט איצט? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

זאכאר האָט גענומען זוכען אין די קעשענעס. ער האָט ארויסגענומען א האלב קערבעל און א קופערנע מטבע און אוועקגעלייגט זיי אויפ'ן טיש.

— איך האָב פארגעסען אייך אָפּגעבען, עס איז ביי מיר פארבליבען פון איבערקלייבען זיך, — האָט ער געזאָגט.

— וואָס שטופּסטו מיר עפּעס גראָשענס? דו זאָג בעסער וואו און אויף וואָס איז אוועק אכט הונדערט רובל.

— וואָס פרעגט איר מיך? פון וואנען זאָל איך וויסען אויף וואָס איר גיט אויס דאָס געלט? וויפיל האָט איר דאָס אָנגעצאָלט געלט פאר קארעטען? — האָט געפרעגט זאכאר.

— יאָ, ביסט גערעכט, אויף עקיפּאַזשען איז אוועק א סך געלט, — האָט זיך אָבלאָמאָוו דערמאָנט, קוקענדיג אויף זאַכאר'ן. — דו געדענקסט ניט וויפיל מיר האָבען דעם זומער באצאָלט פאר קארעטען?

— ווער קאָן געדענקען! — האָט זיך אָפּגערופען זאַכאר. — איך געדענק בלויז פון דרייסיג דאָלאר וואָס איר האָט מיך געהייסען באצאָלען דעם קוטשער.

— דו וואָלסט געדארפט פארשרייבען! — האָט אים פאָרגעוואָרפען אָבלאָמאָוו. — ניט גוט ווען מען איז א גראָבער יונג! מען דארף קאָנען שרייבען!

— איך וועל מיר שוין אָפּלעבען מיינע יאָרען ניט ערגער פון אנדערע, כאָטש איך קאָן ניט שרייבען! — האָט געענטפערט זאכאר, קוקענדיג אָן א זייט.

„גערעכט איז שטאָלץ, מען דארף איינפירען שולען אין די דערפער", האָט אָבלאָמאָוו א טראכט געטאָן.

האָט געזאָגט איוואן מאטוועיאַיטש, אָנווייזענדיג פון דער וויי־טען מיט'ן פינגער וואו דאָס שטעהט. — איין טויזענט פיר און פופציג רובל, אכט און צוואנציג קאָפּ. צוזאמען, — האָט ער פארענדיגט:

— וואו וועל איך דאָס נעמען? איך האָב קיין געלט ניט! — האָט געענטפערט אָבלאָמאָוו, שפּאנענדיג אויף און אָפּ אין צימער. — נויטיג דארף איך דאָס האָבען אייער קרויט און אייערע ריבען...

— באאומרואיגט זיך ניט, — האָט שטיל געזאָגט איוואן מאטוועיאיטש, — איך וועט דאָ זיין זער גוט. און וואָס אנ־באלאנגט דאָס געלט, וועט די שוועסטער צואוואַרטען...

— איך קאָן ניט... מיינע אומשטענדען ערלויבען עס ניט! איר הערט, וואָס איך זאָג אייך?

— איך הער. טוט ווי עס איז אָם בעסטען פאר אייך, — האָט מיט א געהאָרכזאמער מינע געענטפערט איוואן מאטוועי־איטש, צוריקטרעטענדיג אויף א טראָט.

— איך וועל זיך איבערלייגען און זען אימיצען איבער־נעבען די דירה, — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו און א נויג געטאָן זיך צו אים.

— עס וועט אייך זיין שווערליך; איבריגענס פּרוּ־בירט! — האָט געזאָגט איוואן מאטוועיאיטש און דריימאָל פארנויגענדיג זיך פאר אָבלאָמאָוו'ן, איז ער ארויס פון צימער.

אָבלאָמאָוו האָט איבערגעצעהלט זיין געלט: אלץ ארום איז געווען דריי הונדערט און פינף רובל. ער איז בלייך גע־וואָרען.

„וואו האָב איך אהינגעטאָן דאָס געלט? — האָט אָב־לאָמאָוו זיך געפרעגט מיט פארוואונדערונג, כמעט מיט שרעק.— אָנפאנג זומער האָט מען מיר געשיקט פון דאָרף צוועלף הונ־דערט רובל, און איצט האָב איך בלויז דריי!"

ער האָט אָנגעהויבען רעכענען, דערמאָנען זיך, און מער פון צוויי הונדערט און פופציג רובל האָט ער ניט געקאָנט צוזאמענרעכענען.

— איר קאָנט קריגען אַ קאָפּיע פון קאָנטראַקט, דער קאָנטראַקט אַליין באַלאַנגט צו דער שוועסטער, — האָט זיך ליבליך אָפּגערופען איוואַן מאַטוועיאיטש, נעמענדיג דעם קאָנ־טראַקט אין דער האַנט אַריין. — אויסער דעם, פאַר דעם רעכט צו באַנוצען זיך מיט קרויט, ריבען און אַנדערע גרינסען פון גאָרטען, צוויי הונדערט און פופציג רובל...

— וואָסער גאָרטען? וועלכע קרויט? איך הויב ניט אָן צו וויסען, וואָס איר ווילט פון מיר! — האָט כמעט אַ צאָרנדיגער אויסגעשריען אָבלאָמאָוו.

— אָט שטעהט עס אין קאָנטראַקט. אַנדרעי מיכעי־איטש האָט געזאָגט, אַז איר דינגט די דירה צוזאַמען מיט די פּראָדוקטען פון גאָרטען.

— וואָס זאָל דאָס באַדייטען? איר ווילט פאַרוואַלטען מיט מיין טיש אָן מיין וויסען? איך דאַרף ניט אייערע רי־בען... — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו, אויפהויבענדיג זיך פון שטול.

איוואַן מאַטוועיאיטש האָט זיך אויך אויפגעהויבען פון שטול.

— אָן אייער וויסען? וואָס איך קאָן איינפאַלען! אָט איז דאָך אייער אונטערשריפט! — האָט ער געענטפערט.

און ווידער האָט זיך אַ גראָבער פינגער געטרייסעלט איבער דער אונטערשריפט, און דאָס גאַנצע פּאַפּיר האָט זיך געטרייסעלט אין זיין האַנט.

— וויפיל צוזאַמען פאָדערט איר? — האָט אומגעדולדיג אים געפרעגט אָבלאָמאָוו.

— איצט קומט נאָך פאַר'ן קאַלכען דעם סופיט, פאַר'ן פאַרבען די טיר, פאַר'ן איבערמאַכען די פענסטער אין דער קיך, פאַר'ן פאַרריכטען די טירען — הונדערט און פיר רובל מיט אַכט און צוואַנציג קאָפּיקעס.

— וואָס? דאָס אויך אויף מיין רעכענונג? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט אַן ערשטוינטער. — דאָס קומט דאָך זיכער אויף דער רעכענונג פון ווירט.

— אין קאָנטראַקט שטעהט, אַז אויף אייער רעכענונג, —

— וואָס מיינט איר דאָס מיט זיך? — האָט אַ זאָג געטאָן אָבלאָמאָוו. — איך האָב קיין גאַנצע צוויי וואָכען דאָ ניט געוואוינט, און איר ווילט, אַז איך זאָל באַצאָלען פאַר אַ גאַנץ יאָר!

— זעט וואָס עס שטעהט אין קאָנטראַקט, — האָט געזאָגט איוואַן מאַטוועיאיטש, אָנצייגענדיג מיט'ן מיטעלסטען פינגער צוויי שורות און באַהאַלטענדיג גלייך דעם פינגער אין אַרבעל אריין, — זייט אזוי גוט און לעזט עס איבער: „און זאָל איך, אָבלאָמאָוו, וועלען פאַר דער צייט ארויסקלייבען זיך פון דער דירה, בין איך פאַרפליכטעט צו קריגען אַ צווייטען שכן, אויף די זעלבע באַדינגונגען, אָדער, ווען איך קאָן עס ניט באַווייזען באַפרידיגען זיי, פּשעניצינא, פאַר אַ גאַנץ יאָר.", האָט דורכגעלעזען אָבלאָמאָוו.

— וואָס זאָל דאָס הייסען? — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט. — דאָס איז זער ניט יושר'דיג.

— עס איז לויט'ן געזעץ, — האָט באַמערקט איוואַן מאַטוועיאיטש. — איר האָט אליין גע'חתמ'עט, אָט איז אייער אונטערשריפט.

ווידער האָט זיך באַוויזען דער פינגער אונטער דער אונטערשריפט און ווידער איז ער פאַרשוואונדען אונטער'ן אַרבעל.

— וויפיל־זשע ווילט איר?

— זיבען הונדערט, — האָט ער אָנגעהויבען רעכענען, — פאַר דער דירה, הונדערט און פופציג רובל פאַר אַ שטאַל פאַר פערד...

— גאָט איז מיט אייך, — האָט אים איבערגעשלאָגען אָבלאָמאָוו, — איך האַלט ניט קיין פערד. צו וואָס דאַרף איך אַ שטאַל?

— פאַראַן אין קאָנטראַקט, — האָט באַמערקט איוואַן מאַטוועיאיטש, אָנצייגענדיג מיט'ן פינגער אויף אַ שורה. — מיכעי אַנדרעיאיטש האָט געזאָגט, אַז איר וועט האָבען פערד.

— ער ליגט, דער מיכעי אַנדרעיאיטש, — האָט מיט ערגערניש געזאָגט אָבלאָמאָוו. — גיט מיר דעם קאָנטראַקט.

# אבלאַמאָוו

כאָטש אָבלאָמאָוו האָט אַלע אין דער פרי געהערט אונ־טער'ן פענסטער דאָס קוואָקען פון די הינער, האָט ער עס אָבער אַזוי ווי ניט געהערט. פאַר זיינע אויגען האָט שטענדיג גע־שוועבט אָלגאַ'ס בילד, און ער האָט כמעט ווי ניט באמערקט וואָס עס קומט ארום אים פאַר.

— ניין, דאָס שטערט מיר ניט, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב געמיינט אַז איר רעדט דאָס וועגען די קאַנאריקלעך, זיי הייבען טאַקע פון דער פרי אָן צו צוויטשערען.

— מיר וועלען זיי ארויסנעמען פון אייער צימער, — האָט איוואַן מאַטוועיאיטש געזאָגט.

— ניין, אפילו דאָס שטערט מיר ניט, — האָט באמערקט אָבלאָמאָוו, — דער עיקר איז וואָס עס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז מיר איז אוממעגליך צו בלייבען דאָ וואוינען.

— ווי איר ווילט, — האָט געענטפערט איוואַן מאַטוועי־איטש. — אויב איר זאָלט ניט געפינען קיין שכן, וועט איר דאָך דארפען צולייגען אַ סך געלט. איר ווייסט דאָך, דער קאָנטראַקט...

— וויפיל קאָן עס אויסמאַכען? — האָט אים אָבלאָמאָוו געפרעגט.

— איך ברענג גלייך דעם קאָנטראַקט.

ער האָט געבראַכט דעם קאָנטראַקט.

— אָט איז די רעכענונג: פאַר דער דירה אַכט הונ־דערט רובל. געגעבען האָט איר הונדערט, קומט פון אייך זיבען הונדערט, — האָט ער געזאָגט.

— איר ווילט ביי מיר פאַר אַ גאַנץ יאָר, ווען איך וואוין נאָך ביי אייך אפילו קיין גאַנצע צוויי וואָכען ניט? — האָט אָבלאָמאָוו אים איבערגעשלאָגען.

— ווי דען? — האָט ער געוויסענהאַפט און ווייך ארויס־גערעדט. — די שוועסטער איז אַן אָרעמע אלמנה און זי דאַרף ניט ליידען אומזיסט. איר גאַנצע איינקונפט באַקומט זי פון דעם, וואָס זי קריגט ארויס פון דער דירה. פון די הינער און אייער קען מען זער ווייניג האָבען.

געהאַלטען אויף דער פּלייצע און מיט דעם נאָגעל פון דעם מיטעלסטען פינגער פון זיין צווייטער האַנט האָט ער פּאַר־זיכטיג אָנגעצייגט אויף עפּעס א שורה, א וואָרט. ווי ער האָט עס נאָר געהאַט באַוויזען, האָט ער גלייך צוריקגעכאַפּט און באַהאַלטען די האַנט. מעגליך, אַז די אורזאַך פון אַזא אויפ־פירונג איז געווען דאָס, וואָס זיינע פינגער זיינען געווען גראָב־ליך, רויט און האָבען געציטערט. ער האָט געהאַט אַן אורזאַך צו האַלטען, אַז עס איז ניט זער אַנשטענדיג זיי צופיל ארויס־צואווייזען, ווען מען קאָן זיך באַגעהן אָן דעם.

— איר האָט באַפוילען, — האָט ער אָנגעהויבען, וואר־פענדיג אויף אָבלאָמאָוו'ן זיין צווייעַנדיגען בליק, — אַז איך זאָל קומען צו אייך.

— יאָ, איך האָב געוואָלט מיט אייך זיך דורכרעדען וועגען דער דירה. ביטע, זעצט אייך! — האָט ליבליך געענט־פערט אָבלאָמאָוו.

— די אומשטענדען האָבען געבראַכט דערצו, אַז איך מוז אויפגעבען די דירה, — האָט אָנגעהויבען אָבלאָמאָוו, — און דערפאַר וואָלט איך וועלען זי איבערגעבען א צווייטען.

— איצט איז שווער צו געפינען א שכן, — האָט זיך אָפּ־גערופען איוואַן מאַטוועיאיטש, ארייננהוסטענדיג אין דער פויסט אריין און באַהאַלטענדיג זי אויף גיך אין ארבעל אריין. — ווען איר זאָלט עס זאָגען צום סוף זומער, וואָלט מען געקאָנט עמיצען געפינען, ווייל א סך האָבען זיך געפרעגט אַויף דער דירה.

— איך בין דאָ געווען, אָבער איר זייט אין דער היים ניט געווען, — האָט אים אָבלאָמאָוו איבערגעשלאָגען.

— די שוועסטער האָט מיר דערצעהלט, — האָט געזאָגט דער באַאַמטער. — איר דאַרפט ניט זיין באַזאָרגט וועגען דער דירה: אייך וועט דאָ זיין זער גוט. אפשר באַלעסטיגען אייך די פייגעל?

— וואָסערע פייגעל?

— די הינער.

# אַבלאַמאָוו

זיינען געוועזן מענשען, באַזונדערס אין דער פרי. פון דער קירך האָט זיך דערטראָגען אַ קלאַפּעריי פון מעסער. מען האָט געהערט דורכ׳ן פענסטער ווי מען שווענקט וואָס אין וואַסער אין ווינקעל פון דער קיך, ווי דער דוואָרניק האַקט האָלץ, אָדער ער פירט אויף צוויי רעדער אַ פּעסעל וואַסער; פון אונטער דער וואַנט האָט זיך דערטראָגען אַ געוויין פון קינדער, אָדער דער טרוקענער הוסט פון דער זקנה.

אָבלאָמאָוו האָט פאַרנומען פיר צימערען, די באַלעבאָסטע מיט איר פאַמיליע — צוויי, און דער ברודער האָט געהאַט אַ צימערל אין דער הויך.

די פענסטער פון אָבלאָמאָוו׳ס קאַבינעט און שלאָפצימער זיינען אַרויסגעגאַנגען אין הויף אַריין, דער גאַסטצימער — אין סעדעל אַריין, און די פענסטער פון זאַל זיינען אַרויסגע־גאַנגען אין גרויסען גאָרטען, וואָס איז געווען פול מיט קרויט און קאַרטאָפעל. די פענסטער פון גאַסטצימער זיינען געווען דראַפּירט מיט פאָרהאַנגען פון ציץ, וואָס זיינען אָפּגעקראָכען געוואָרען פון דער זון.

דער ברודער איז אַריינגעגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער און דריי מאָל זיך פאַרבויגען אויף אָבלאָמאָוו׳ס באַגריסונג. דער מונדיר איז געווען פאַרקנעפּעלט אויף אַלע קנעפּלעך, אַז מען האָט ניט געקאָנט וויסען צי ער טראָגט אונטען וועש צי ניט.

ער איז געווען אַרום פערציג יאָר. זיינע גרויע אויגען האָבען ניט גלייך אַ קוק געטאָן אויף אייך; אין אָנפאַנג האָ־בען זיי אַזוי ווי בגנבה אַ קוק געטאָן אויף אייך, אָבער ביים צווייטען מאָל האָבען זיי זיך שוין אָפּגעשטעלט אויף אייך.

ער האָט זיך אַזוי ווי געשעמט מיט זיינע הענט, און ווען ער האָט גערעדט האָט ער זיך באַמיט צו באַהאַלטען זיינע הענט, אָדער ער האָט ביידע הענט באַהאַלטען אויף דער פּלייצע, אָדער ער האָט איינע באַהאַלטען אונטער דער פאַכווע און די צווייטע אויף דער פּלייצע. ווען ער האָט געדאַרפט דערלאַנגען אַ פּאַפּיר און עפּעס ערקלערען זיין שעף, האָט ער איין האַנט

אַריינקוקען אין דער טיר אריין, נאָר די טיר האָט זיך פאַר־קלאַפּט.

— וואָס לאָזט איר אויף זיך ניט קיין קוק טאָן און ווינ־שען אייך אַ גוטען מאָרגען? — האָט אָבלאָמאָוו איר פאַר־געוואָרפען.

די ווירטין האָט אַ שמייכעל געטאָן הינטער דער טיר.

— איך בין נאָך אַלץ ניט אָנגעטאָן. די גאַנצע צייט בין איך אין דער קיך. איך טו זיך באַלד איבער; דער ברו־דער קומט גלייך פון דער קירך, — האָט זי געענטפערט.

— גוט, וואָס איר האָט דערמאָנט אייער ברודער, — האָט באמערקט אָבלאָמאָוו, — איך דאַרף מיט אים עפּעס איבער־רעדען. זייט אזוי גוט און זאָגט אים, אַז ער זאָל אַריינקומען צו מיר.

— גוט, איך וועל אים זאָגען, ווען ער וועט נאָר קומען, — האָט זי געזאָגט.

— און ווער הוסט עס ביי אייך? ווער האָט עס ביי אייך אזא טרוקענעם הוסט? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

— דאָס הוסט די באָבע. שוין דאָס אכטע יאָר ווי זי הוסט.

און די טיר האָט זיך פאַרקלאַפּט.

„זי איז דאָך אזא פּראָסטע... — האָט אַ טראַכט געטאָן אָבלאָמאָוו, — אָבער עס איז אין איר דאָ עפּעס אזוינס... און זי האַלט זיך אזוי ריין!“

ביז איצט איז אים נאָך אַלץ ניט געלונגען באַקאַנט צו ווערען מיט דער באַלעבאָסטע'ס ברודער. ליגענדיג אין בעט האָט ער געזען, און דאָס אויך זעער זעלטען, ווי פאַרביי דעם דראָט פון דער צאַם איילט אַ מאַן מיט אַ גרויסען פּאַקעט אונטער'ן אָרעם און פאַרשווינדט אין אַ צווייטען געסעל אריין; פאַרנאַכט ווידער האָט ער געזען דעם זעלבען מענשען מיט'ן זעלבען פּאַקעט פאַרביישלייכען זיך פאַרביי זיין פענסטער. אין הויז האָט מען אים קיינמאָל ניט געהערט.

און דאָך האָט מען געקאָנט גלייך דערקאָנען, אַז אין הויז

# אבלאמאװ

לעבאסטע האט געהייסען פרעגען, צי זיי װעלען פארזוכען פון זייער פיראג.

— עס מוז ניט זיין זער קיין פיינער פיראג, — האט נאכלעסיג באמערקט אבלאמאװ.

— ניט ערגער פון די אבלאמאװקער פיראגען, — האט זאכאר געענטפערט.

— אויב אזוי, ברענג! װער באקט עס ביי זיי? די שמוציגע פרוי דארט?

— אן איינפאל, — האט מיט פאראכטונג געזאגט זאכאר. — די באלעבאסטע זיצט אליין אין דער קיך. דאס האט זי מיט אניסיא'ן צוגעגרייט דעם פיראג.

אין פינף מינוט ארום האט זיך פון דעם זייטיגען צימער ארויסגערוקט צו אבלאמאװ'ן א נאקעטע האנט. די האנט איז געװען צוגעדעקט מיט א שאל, װאס אבלאמאװ האט שוין פריער געזען. די האנט האט געטראגען א טעלערל, אויף װעלכען עס איז געלעגען א גרויסער שטיק פיראג, װאס האט ארויסגעלאזען פון זיך א הייסען דאמף.

— א שעהנעם דאנק, — האט ליבליך ארויסגערעדט אבלאמאװ, צונעמענדיג דעם פיראג, און, א קוק טוענדיג אין דער טיר, האט ער אויסגעשטעלט א פאר אויגען אויף א הויכען בוזעם און אנטבלויזטע אקסעל.

די טיר האט זיך גיך צוגעמאכט.

— װילט איר אויך אפשר א שנאפס? — האט געפרעגט די שטימע.

— א שעהנעם דאנק, איך טרינק ניט, — האט נאך ליבליכער געענטפערט אבלאמאװ. — אבער אייערען װעל איך פארזוכען.

די נאקעטע האנד האט זיך װידער דורכגעשפארט דורך דער טיר מיט א טעלערל און א גלעזעל בראנפען. אבלאמאװ האט אויסגעטרונקען, דער שנאפס איז אים זער געפעלען געװארען.

— איך דאנק אייך זער, — האט ער געזאגט, װעלענדיג

זי אומבאַמערקט פאַרשוואונדען; האָבען אָבער געגומען פּאַ־לען גלעזער, איז זי גלייך צוגעשפּרונגען צו אים און געהאָלפען, אַז די איבעריגע זאָלען ניט פאַלען. אין אַזאַ פאַל פלעגט זיך זאַכאַר פאַנאַנדערשיטען מיט קללות צום ערשטען אויף די זאַ־כען, דערנאָך אויף דער ווייב און דערביי זיך פאַרמעסטען מיט׳ן עלענבויגען איר אין ברוסט אריין.

— אָ, סאַר אַ פיינע קאָפע! ווער האָט עס צוגעגרייט? — האָט געפרעגט אָבלאָמאָוו.

— די ווירטין אליין, — האָט געזאָגט זאַכאַר, — שוין דעם זעקסטען טאָג ווי זי אליין מאַכט די קאָפע. „איר, זאָגט זי, לייגט אריין צופיל ציקאָריע, און לאָזט ניט גענוג קאָכען. לאָזט מיך אמאָל!״

— פיינע, זער פיינע, — האָט אָבלאָמאָוו ווידערהאָלט, אָנגיסענדיג זיך נאָך אַ טאַסע קאָפע. — דאַנק איר דערפאַר.

— אָט איז זי דאָך אליין, — האָט געזאָגט זאַכאַר, אָנ־ציינגענדיג אויף אַ האַלב אָפענער טיר פון אַ זייטיגען צימער.

אָבלאָמאָוו האָט נאָר געקאָנט זען די פלייצע פון דער ווירטין, איר נאַקען, אַ טייל פון איר ווייסען האַלז און די אנטבלויזטע עלענבויגענס.

— וואָס באַוועגט זי אַזוי גיך מיט די עלענבויגענס? — האָט געפרעגט אָבלאָמאָוו.

— ווער ווייס איר דאָרט, — האָט געענטפערט זאַכאַר.

אָבלאָמאָוו האָט נאָכגעפאָלגט, ווי עס האָבען זיך באַ־וואויגען די עלענבויגענס, ווי איר רוקען האָט זיך איינגעבויגען און אויסגעגלייכט זיך.

אונטען, ווען זי האָט זיך איינגעבויגען, האָט זיך ארויס־געזען אַ ווייס אונטערקליידעל, ריינע זאָקען און רונדע אויס־געפילטע פיס.

„בלויז אַ באַאַמטען׳ס אַ ווייב, און עלענבויגענס האָט זי ווי אַ גרעפין, מיט גריבלעך נאָך!״ האָט אָבלאָמאָוו אַ טראַכט געטאָן.

מיטאָג צייט איז זאַכאַר געקומען און געזאָגט, אַז די באַ־

מען דער טאַנטע וועגען קיין זאַך ניט זאָגען, און זען זיך דאַר־פען מיר אויך וואָס זעלטענער...

— יאָ, יאָ, אמת... — האָט צוגעלייגט אָבלאָמאָוו, פאַר־לירענדיג אין גאַנצען דעם מוט.

— דו וועסט מיטאָגען ביי אונז זונטאָג, — האָט זי באַ־שלאָסען. — דערנאָך וועלען מיר זיך טרעפען אין טעאַטער; איך וועל דיר לאָזען וויסען, וואו מיר וועלען זיין, וועסטו אויך אהין קומען.

— זער גוט, — האָט ער ארויסגערעדט א דערפרעהטער, וואָס זי האָט אויף זיך גענומען איינצואָרדנען זייערע צוזאַ־מענקונפטען.

— אויב עס וועט צופאַלען א שעהנער טאָג, — האָט זי פאַרענדיגט, — וועל איך פאָרען אין זומער גאָרטען, קום אויך אהין. דאָס וועט אונז דערמאָנען אָן פארק... אָן פארק! — האָט זי מיט געפיל ווידערהאָלט.

ניט אויסרעדענדיג קיין וואָרט האָט ער איר געקושט די האַנט און געזעגענט זיך מיט איר ביז זונטאָג. טרויעריג האָט זי אים באַגלייט מיט די אויגען און דערנאָך זיך אוועקגעזעצט צום פאָרטעפיאַן און פאַרזונקען געוואָרען אין זיינע קלאַנגען. דאָס הארץ האָט אין איר געוויינט און געוויינט האָבען אויך די קלאַנגען. זי האָט געוואָלט זינגען, אָבער עס האָט זיך נים געזונגען!

צו מאָרגענס, ווען אָבלאָמאָוו איז אויפגעשטאַנען, האָט ער זיך געהייסען דערלאַנגען דאָס רעקעל, וואָס ער האָט גע־טראָגען אין דאָרף. מיט דעם שלאָף־ראָק האָט ער זיך שוין פון לאַנג געזעגענט און געהייסען איב פארפאַקען.

זאכאר, ווי זיין געוועהנהייט איז געווען, האָט זיך ווייטער געוואַקעלט ווען ער האָט דערלאַנגט צום טיש. און ווי געוועהנ־ליך, האָט הינטער זאכאר'ן ארויסגעקוקט פון דער האַלב אָפע־נער טיר אניסיא'ס קאָפּ. דאָס האָט זי אכטונג געגעבען, צי ער וועט דערטראָגען צום טיש בשלום די טאַץ מיט די גלעזער. ווען זאכאר האָט דערטראָגען די טאַץ א גאַנצע צום טיש, איז

האָט ער געזאָגט אַ דערשראָקענער און אַן אומצופרידענער פון זיין אומאַנגענעמער לאַגע.

די טאַנטע קוקט אויך אויף אים מיט אירע גרויסע מאַטע אויגען און שמעקט דערביי אַזוי איר שפּירט, ווי עס וואָלט איר דער קאָפּ וועה געטאָן פון אים. און דאָס פאָרען נעמט אַזוי לאַנג! דאָס פאָרען און דאָס צוריקפאָרען נעמט אים גאַנצע דריי שעה.

— לאָמיר זאָגען דער טאַנטע, — איז ער צוגעשטאַנען צו אָלגאַ'ן, — וועל איך קאָנען ביי אייך זיין פון דער פרי אָן, און קיינעם וועט עס ניט אויסקוקען מאָדנע.

— און דו ביסט שוין אין געריכט־הויז געוועזן? — האָט אים אָלגאַ געפרעגט.

אָבלאָמאָוו האָט שוין געוואָלט זאָגען: „געוועזן און אַלץ באַזאָרגט", אָבער ער האָט געוואוסט, אַז אָלגאַ וועט אויף אים אַזוי אויפמערקזאַם אַ קוק טאָן, אַז זי וועט גלייך דערקאָנען, אַז עס איז אַ ליגען. ער האָט אַ טיפען זיפץ געטאָן.

— אַך, ווען דו וואָלסט וויסען ווי שווער דאָס איז! — האָט אָבלאָמאָוו ארויסגערעדט.

— און מיט דער ווירטין'ס ברודער האָסטו גערעדט? און אַ דירה האָסטו געזוכט? — האָט זי געפרעגט אַ ווייל׳ע שפּעטער, ניט אויפהויבענדיג די אויגען.

— ער איז קיינמאָל אין דער היים ניטאָ אין דער פרי, און אין די אָווענדען בין איך שטענדיג דאָ, — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו, אַ צופרידענער וואָס ער האָט געפונען כאָטש אַן אויסרייד.

אָלגאַ האָט אויף דעם קיין וואָרט ניט געענטפערט, נאָר האָט אַ טיפען זיפץ געטאָן.

— מאָרגען וועל איך שוין געוויס רעדען מיט דער ווירטין'ס ברודער, — האָט אָבלאָמאָוו זי בארוהיגט, — מאָרגען איז זונטאָג, און זונטאָג געהט ער ניט ארויס פון הויז.

— ביז וואַנען דאָס אַלץ וועט ניט באַזאָרגט ווערען, קאָן

דריי מאָל א טאָג; דאָ קומט שוין ניט צולויפען צו אים קאַטיאַ און ער שיקט ניט זאכאר'ן מיט א צעטעלע. און די גאנצע זומערדיגע, בליענדיגע פּאָעמע פון ליבע האָט זיך אזוי ווי אָפּגעשטעלט, האָט זיך גענומען ציען פוילער, ווי עס וואָלט איר אויסגעפּעלט אינהאלט.

עס פלעגט טרעפען, אז זיי האָבען געשוויגען צו האלבע שעה נאָכאנאנד. אָלגא האָט זיך פארטיפט אין איר האנטארבייט און ער — אין זיינע כאטאָטישע געדאנקען און ער האָט איבערגעלעבט געשעהענישען פון א פיל שפּעטערער צייט.

בלויז טיילמאָל פלעגט פּאסירען, אז איינקוקענדיג זיך אויפמערקזאם אין איר פּנים, האָט ער א ליידענשאפטליכען צי־טער געטאָן, אדער זי האָט, ווארפענדיג אויף אים א פארביילוי־פענדען בליק, א שמייכעל געטאָן, דערזעענדיג א שטראל פון צאַרטער אונטערטעניגקייט און שווייגענדיגען גליק אין זיינע אויגען.

דריי טעג כסדר איז ער געפאָרען אין שטאָדט אריין צו אָלגא'ן מיט'ן אויסרייד, אז די נייע דירה איז נאָך אלץ ניט אין אָרדנונג, אז נעקסטע וואָך קלייבט ער זיך איבער.

אָבער אויף דעם פערטען טאָג איז אים שוין געווען עפּעס אומבאַקוועם צו קומען און, ארומדרעהענדיג זיך א ביסעל צייט פאר זייער הויז, איז ער מיט א טיפען זיפץ אהיים געפאָרען.

אויפ'ן פינפטען טאָג האָבען זיי ניט נעגעסען אין דער היים.

אויפ'ן זעקסטען טאָג האָט אים אָלגא געזאָגט, אז ער זאָל קומען אין עפּעס א געשעפט, אז זי וועט דאָרט זיין, אין דערנאָך קאָן ער זי צופוס באגלייטען אהיים, און דער עקי־פּאַזש וועט זיי נאָכפאָרען.

דאָס אלץ האָט זיך עפּעס ניט געקלעפּט; אויפ'ן וועג האָבען זיי באגעגענט באקאָנטע, האָבען זיך באגריסט, אנדערע האָבען זיך אָפּגעשטעלט און פארפירט א געשפּרעך.

— אוי, גאָט מיינער! דאָס זיינען דאָך אמת'ע יסורים!—

## 3

סוף אויגוסט האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו רעגענען און די קוימענס פון די זומער־וואוינונגען, וואו עס זיינען געווען אויזוענס, האָבן אָנגעהויבן צו רויכערן, און וואו עס זיינען קיין אויוונס ניט געווען, זיינען די איינוואוינער ארומגעגאַנגען מיט אונטערגעבונדענע באַקען, און ענדליך האָבן די זומער־וואוינונגען געוואָרן ליידיג ווערן.

אָבלאָמאָוו האָט זיך ניט באוויזן אין דער שטאָדט. אין איין שעהנעם טאָג האָט מען פאַרביי זיין פענסטער פאַרביי געטראַגן איליִנסקים מעבעל. כאָטש אין זיינע אויגען איז שוין מער ניט געווען קיין העלדענטאַט זיך איבערקלייבן אין א נייער דירה, אָפּעסן וואו ניט איז און ניט צושפּאָרן זיך א גאַנצן טאָג, אבער ער האָט ניט געוואוסט, וואס צו טאָן.

איבערבלייבן איינער אליין אויף א זומער־וואוינונג, ווען פּאַרק און וואלד זיינען שוין פּוסט, ווען עס זיינען שוין פאַרקלאַפּט די לאָדען פון אָלגא'ס פענסטער, האָט אין זיינע אויגען אויסגעזען, ווי עפּעס אוממעגליכעס.

ער האָט דורכשפּאַצירט איבער אירע ליידיגע צימערן, ארומגעגאַנגען דעם פּאַרק, ארונטערגעגאַנגען פון באַרג; זיין האַרץ איז געווען דורכגענומען פון טרויער.

ער האָט געהייסען זאַכאַר'ן און אַניסיע'ן אוועקפאָרען אין וויבורגער קוואַרטאַל, וואו ער האָט באַשלאָסען צו פאַרבלייבן ביז ער וועט אויסזוכען א נייע דירה, און אליין איז ער אוועקגעפאָרען אין שטאָדט אַריין, געמיטאָגט אין א רעסטאָראַן און דעם אָווענט האָט ער פאַרבראַכט ביי אָלגא'ן.

אָבער די הערבסטיגע טעג אין שטאָדט זיינען ניט געווען ענליך אויף די לאַנגע און ליכטיגע טעג און אָוועגדען אין פּאַרק און אין וועלדעל. אין שטאָדט האָט ער זי שוין ניט געקאָנט זען

# אַבלאָמאָוו

באַגלייט פון דעם שוידערליכען בילען פון הונט, איז אַבּ־לאָמאָוו ארויסגעפאָרען פון הויף.

אין דער ענדע פון דער גאַס, האָט ער דערזען א מיטעליע־ריגען מענשען אין אן אָפּגעטראָגענעם מאַנטעל, מיט אַ פּאַפּי־רענעם פּאַקעט אונטער'ן אָרעם, מיט א גראָבען שטעקען און אין גומענע קאַלאָשען, כאָטש אין גאַס איז געווען טרוקען און הייס.

ער איז געגאַנגען גיך, אומגעקוקט זיך אויף אַלע זייטען און געקלאַפּט האָט ער אזוי ווי ער וואָלט געוואָלט דורכברעכען דעם הילצערנעם טראָטואַר. אָבלאָמאָוו האָט אים נאָכגעקוקט און ער האָט געזען אז ער איז אריין אין טויער פון פּשעניצינ'ס הויף.

„דאָס מוז עס זיין דאָס ברודערל אירס, — האָט ער באַ־שלאָסען. — כאַפּט אים דאָס גוטע יאָר! ער וועט אויך אָפּ־פּלוידערען א שעה צייט, און איך וויל עסען, און עס איז הייס! און אָלגא ווארט אויף מיר. . . ניין, א צווייט מאָל!"

— גיכער! — האָט ער א זאָג געטאָן צום קוטשער.

„געהן אָנקוקען איצט אַ נייע דירה? — האָט ער זיך מיט־אמאָל דערמאָנט. — ניין, אַן אַנדערש מאָל!" האָט ער באשלאָ־סען.

— פּאָר גיכער!

אָנשטעלענדיג זיינע אויגען גלייך אויף איר ברוסט, — אז די אומשטענדען. . .

— און ער קומט נאָך אַלץ ניט, און מען זעט אים נאָך אַלץ ניט, — האָט זי איינטאָניג ארויסגערעדט, קוקענדיג אויף דעם צאַם, וואָס האָט אָפּגעטיילט זייער הויף פון דער גאַס. — זיינע טריט אפילו דערקען איך; מען הערט ווען ער געהט אויף דעם הילצערנעם ברוק. דאָ געהען ווייניג מענשען. . .

— ווען איר אים איבערגעבען וואס איך האָב אייך געבעטען? — האָט פארנויגענדיג זיך און אוועקגעהענדיג אָבלאָמאָוו געזאָגט.

— אין אַ האַלבער שעה ארום וועט ער אליין קומען, — האָט מיט אנגסט ארויסגערעדט דיווירטין, וועלענדיג אים איינהאַלטען מיט איר קול.

— איך קאָן מער ניט ווארטען, — האָט ער באַשלאָסען, עפענענדיג די טיר.

ווען דער הונט האָט אים דערזען אויפ'ן גאַניקעל, האָט ער זיך ווייטער צעבילט און גענומען זיך רייסען פון דער קייט. דער קוטשער, וואָס האָט געדרימעלט אָנגעשפּארט אָן דעם עלענבויגען, האָט זיך גענומען פּאַר די לייצען, די צושראָקענע הינער האָבען זיך ווידער געלאָזען אין אַלע זייטען. אַ פּאָר קעפּ האָבען ארויסגעקוקט פון פענסטער.

— וועל איך זאָגען מיין ברודער, אז איר זייט געוועזן, — האָט די ווירטין געזאָגט, ווען אָבלאָמאָוו האָט זיך אריינגעזעצט אין קאַליאַס.

— יאָ, און זאָגט אים אויך, אז עס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אז איך קאָן זיך ניט באַנוצען מיט דער דירה און אז איך וועל זי איבערגעבען אַ צווייטען, אָדער ער זאָל עמיצען אָפּזוכען. . .

— אין דער צייט קומט ער געוועהנליך, — האָט זי געערעדט אַ צוטראָגענע, — איך וועל אים זאגען, אז איר האָט ניט געוואָלט ווארטען.

— איך וועל זיך אין גיכען אריינכאַפּען צו אים, — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט.

— ניין, דער ברודער איז ניטאָ, — האָט זי איינטאָניג ווי־דערהאָלט, — עפּעס קומט ער אַלײן ניט... — און אַ קוק טו־ענדיג אויף דער גאס: — ער געהט פאַרביי דאָ, פאַרביי דעם פענסטער, זעט מען ווען ער געהט, איצט איז ער ניטאָ. . .

— איך געה, — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט.

— ווען דער ברודער וועט קומען, ווען, זאָל איך אים זאָ־גען, קלײבט איר זיך איבער? — האָט זי געפּרעגט, אויפשטע־הענדיג פון דער סאַפע.

— איר גיט אים בלויז איבער דאָס, וואס איך האָב אייך געבעטען, — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט, — אז אזוי ווי די אומ־שטענדען. . .

— איר וואָלט בעסער מאָרגען אליין געקומען און אים אי־בערגעגעבען, — האָט זי ווידער געזאָגט.

— מאָרגען קאָן איך ניט.

— אויב ניט מאָרגען, קומט איבערמאָרגען. ביי אונז איז שטענדיג דאָ שנאַפּס און עפּעס איבערצובייסען. און מיכעי אַנדרעיאיטש קומט זונטאג.

— מיכעי אַנדרעיאיטש קומט אויך אהער? — האָט אָב־לאָמאָוו געפּרעגט.

— ערען וואָרט, אז ער קומט, — האָט זי צוגעלייגט.

— איבערמאָרגען האָב איך אויך קיין צייט ניט, — האָט אָבלאָמאָוו ארויסגערעדט אן אומגעדולדיגער.

— וועט איר עס מוזען אָפּלייגען אויף נעקסטע וואָך. . . — האָט זי באַמערקט, — און ווען קלייבט איר זיך איבער? איך וואָלט געהייסען דעם דיל אָפּוואַשען און דעם שטויב אָפּווי־שען, — האָט זי געפּרעגט.

— איך וועל זיך ניט אריבערקלייבען אהער, — האָט אָב־לאָמאָוו געפּרעגט.

— וואָס הייסט? און וואס וועט מען טאָן מיט די זאכען? — האָט זי געפּרעגט.

— איר וועט אזוי פריינדליך זיין און זאגען אייער ברו־דער — האָט אָבלאָמאָוו אָנגעהויבען צו רעדען מיט פויזען, און

— דאָס וואָלט מען געדאַרפט פאַנאַנדערנעמען,—האָט אָב־לאָמאָוו געזאָגט, אָנווייזענדיג אויף זיינע זאכען.

— מיר האָבען עס שוין געוואָלט טאָן, אָבער דער ברודער האָט ניט געהייסען, — האָט זי אים לעבעדיג איבערגעשלאָגען און שוין אין גאנצען פריי א קוק געטאָן אים אין פנים אריין. — „גאָט וויים, — האָט דער ברודער געזאָגט, — וואס עס געפינט זיך אין זיינע טישען און שראנקען, עס קאָן נאָך עפּעס געהן פארלאָרען, וועט ער נאָך האָבען טענות צו אונז. . . ”

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און א שמייכעל געטאָן.

— ווי פאָרזיכטיג אייער ברודער איז דאָס, — האָט אָב־לאָמאָוו באמערקט.

זי האָט ווידער א לייכטען שמייכעל געטאָן און ווידער אָנגענומען איר געוועהנליכען אויסדרוק.

דער שמייכעל איז ביי איר געווען מער אַן אנגענומענער מיטעל צו פארדעקען איר אומוויכענהייט אין א געוויסער פראַגע, אדער וועו זי האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען.

— מיר איז צו לאנג צו ווארטען, — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט, — זייט אזוי גוט און גיט אים איבער, אז די אומשטענדען האָבען געמאכט אזוי, אז איך דארף מער די דירה ניט האָבען און דערפאר בעט איך, אז ער זאָל זי איבערגעבען אַ צווייטען; איך, פון מיין זייט, וועל אויך זוכען אימיצען.

טעמפּ האָט זי זיך איינגעהערט צו זיינע רייד און געבלינצעלט מיט די אויגען.

— און וועגען דעם קאָנטראקט, זייט אזוי גוט און זאגט אים. . .

— ער איז ניטאָ אין דער היים איצט, — האָט זי ווידערהאָלט דאָס אייגענע, — טרעט שוין בעסער מאָרגען נאָך אמאָל דאָ אָפּ, מאָרגען איז שבת, און שבת איז ער ניט פארנומען.

— איך בין זער פארנומען, איך האָב קיין פרייע מינוט ניט, — האָט אָבלאָמאָוו געענטפערט, — איר וועט נאָר אזוי פריינדליך זיין און אים זאגען, אז אזוי ווי דאָס האנד־געלט בלייבט ביי אים, און א שכן וועל איך אים קריגען אַ נייעם, וועט . . .

— ניין, — האָט זי געענטפערט, — איך האָב נים קיין צייט, ווען זיך פארנעמען מיט בלומען. דאָס איז אקולינא מיט די קינדער געגאנגען אין גאָרטען פון גראף און דער גערט־נער האָט זיי געגעבען די בלומען.

אין דעם מאָמענט האָט זיך אַקולינא מיטאמאָל אריינגעריסען אין צימער אריין. אין אירע הענט האָט זיך געריסען און געווארפען א גרויסער האָן.

— אַגאַפיא מאטוועיעוונא, זאל איך דאָס אָט דעם האָן אוועקגעבען דעם קרעמער? — האָט זי געפרעגט.

— וואָס איז דאָס מיט דיר? געה דיר! — האָט א פאַר־שעמטע ארויסגערעדט די ווירטין. — זעסט דאָך, געסט.

— איך האָב בלויז געוואָלט פרעגען, — האָט זי געענט־פערט, נעמענדיג דעם האָן פאר די פיס מיט דעם קאָפּ אראָפּ, — זיבעציג קאָפּיקעס גיט ער.

— געה דיר, געה שוין אין קיך אריין! — האָט די וויר־טין געזאָגט, — דעם גרויען גיב אים, ניט דעם, — האָט זי איי־לענדיג צוגעלייגט און אליין זיך פארשעמט; זי האָט באהאל־טען די הענט הינטער דעם שאל און אַראָפּגעלאָזען די אוי־גען.

— א באלעבאטישקייט! — האָט אָבלאָמאָוו זיך אָפּגע־רופען.

— יאָ, מיר האָבען א סך הינער; מיר פארקויפען הי־נער און אייער. פון אלע זומער וואוינונגען דאָ אין דער גאס און פון גראפס הויף קויפט מען ביי אונז, — האָט זי געזאָגט, קוקענדיג שוין געוואגט אויף אָבלאָמאָוו'ן.

און איר פנים האָט אָנגענומען א טעטיגען אויסדרוק: די טעמפּקייט איז פארשוואונדען, ווי נאָר זיי האָבען אָנגעהויבען רעדען וועגען אן ענין, וואס איז איר געוועזן באקאנט. אויף יעדער פראגע ווידער, וואָס האָט ניט געהאַט צו טאָן מיט עפּעס פּאָזיטיוועס, האָט זי געענטפערט מיט א שמייכעל און א שטיל־שווייגען.

## א. א. גאנטשאַראָוו

זי האָט הארציג א שמייכעל געטאָן, און אין דער רגע האָט איר פּנים ווידער אָנגענומען זיין געוועהנליכען אויס־דרוק.

— איר וואוינט דאָ אליין מיט אייער ברודער? — האָט געפרעגט אָבלאָמאָוו.

— ניין, איך האָב צוויי קינדער פון מיין פארשטאָרבענעם מאַן: א אינגעל פון אכט און א מיידעל פון זעקס יאָר, — האָט זי גאנץ גערן אָנגעהויבען צו רעדען און איר פּנים איז גע־ווארען א ביסעל לעבעדיגער, — אויך מיין באָבע איז מיט מיר; זי איז א קראנקע, קוים וואס זי רירט זיך, קוים וואָס זי געהט און דאָס בלויז אין דער קירך אריין; און אין דער קירך זיצט זי אם מיינסטען אויף די טרעפּ, ווייל עס איז איר שווער צו שטעהן. מער וואוינט דאָ קיינער נים. אמאָל קומט די שוועגערין צו גאסט אויף א קורצער צייט, אמאָל — אנדרעי אַנדרעיאיטש.

— און אנדרעי אנדרעיאיטש קומט אָפט צו אייך? — האָט געפרעגט אָבלאָמאָוו.

— קומט גאנץ אָפט און בלייבט אמאָל אויף א גאנצען מאָ־נאט דאָ, — האָט זי געענטפערט.

און אזוי ווי זי וואָלט אויסגענוצט אלע ווערטער און גע־דאנקען, וואס זי האָט פארמאָגט, איז זי געבליבען שטיל.

— אָ, ווי שטיל איז דאָ ביי אייך! — האָט געזאָגט אָבלאָ־מאָוו, — ווען דער הונט וואָלט ניט אזוי געבילט, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אז עס געפינט זיך דאָ ניט קיין לעבעדיגער מענש.

זי האָט א שמייכעל געטאָן.

— איר געהט אָפט ארויס פון הויז? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

— אמאָל זומער צייט.

— איך זע ביי אייך בלומען. איר האָט ליב בלומען? — האָט געפרעגט אָבלאָמאָוו.

זי האָט א שמייכעל געטאָן.

בען, ווען זי האָט זיך אוועקגעזעצט אויף דער סאָפע, ווייט פון אים, און האָט געקוקט אויף די שפיצען פון איר שאַל, וואס האָט זי פארדעקט ביז'ן דיל. די הענט האָט זי אויך געהאַלטען אונ־טער'ן שאַל.

— איך האָב געדונגען די דירה. אָבער די אומשטענדען האָבען געבראכט דערצו, אז איך מוז זוכען א דירה אין א צוויי־טער זייט פון שטאָדט, ביז איך געקומען מיט אייך איבער־רעדען. . .

שטומפזיניג האָט זי זיך איינגעהערט און שטומפזיניג האָט זי זיך פארטראכט.

— איצט איז דער ברודער ניטאָ, — האָט זי א ווייַלע שפעטער זיך אפגערופען.

— דאָס הויז איז דאָך אייער, ניין? — האָט געפרעגט אבלאָמאָוו.

— יאָ, האָט זי געענטפערט.

— גלויב איך, אז איר וועט אַליין קאָנען באַשליסען. . .

— אָבער דער ברודער איז ניטאָ, ער איז אונזער פארוואַל־טער, — האָט זי איינטאָניג געזאָגט, א קוק טוענדיג צום ערשטען מאָל אָבלאָמאָוו'ן גלייך אין פנים אריין און ווידער ארונטער־לאָזענדיג די אויגען.

„זי האָט א פשוט, אָבער אַן אנגענעם געזיכט, — האָט אָבלאָמאָוו באַשלאָסען, — אפנים, א גוטע פרוי.״

אין דעם מאָמענט האָט א קאָפּ פון א מיידעל ארויסגע־רוקט זיך פון דער טיר. אגאַפיא מאַטוועיעוונא האָט איר, אז אָבלאָמאָוו זאָל ניט זען, א סטראַשע געטאָן בייז מיט'ן קאָפּ און דער קאָפּ איז פארשוואונדען.

— וואו דינט אייער ברודער? — האָט אָבלאָמאָוו גע־פרעגט.

— אין א קאַנצעלאַריע.

— אין וואָס פאר א קאַנצעלאַריע?

— וואו מען פארשרייבט פויערים... איך ווייס ניט ווי מען רופט זי. . .

אין צימער איז אריין די זעלבע פרוי, וואָס ער האָט פריער געזען מיט אַ נאַקעטען האַלז און מיט נאַקעטע עלענבויגענס.

זי איז געווען אַ יאָר דרייסיג, האָט געהאַט זער אַ בלייך און אַ פול געזיכט; עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז קיין רויטקייט קאָן זיך ניט דורכשלאָגען דורך אירע באַקען. ברעמען האָט זי כמעט ניט געהאַט, אויף זייער אָרט האָבען זיך געפונען צוויי אַזוי ווי געשוואָלענע, גלאַנצענדיגע פּאַסעקלעך, באַוואַקסען מיט שיטערע, ליכטיגע הערלעך. די אויגען — גרויע און אָפּענהערציגע, ווי דאָס גאַנצע געזיכט; די הענד ווייסע, אָבער צושפּאָלטענע און מיט בלויע אָדערען.

דאָס קלייד איז געהאַנגען אויף איר; עס איז געווען קלאָר, אַז זי האָט ניט באַנוצט קיין שום קונסט ביים קליידען זיך, אַז זי האָט אפילו ניט באַנוצט קיין איבריג אונטער קליידעל, וואָס דורך דעם וואָלט זי אויסגעזען ברייטער ביי די היפּטען און שמאָלער אין דער טאַליע. דערפון האָט איר בוזעם, אפילו ווען ער איז געווען פאַרדעקט, געקענט דינען פאַר אַ מאָלער אדער פאַר אַ סקולפּטאָר אַלס מאָדעל פון אַ שטאַרקער, געזונטער ברוסט. איר קלייד, פאַרגלייכענדיג עס מיט איר יום־טוב׳־דיגער הויב און שאַל, האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַלט און אָפּגעטראָגען.

זי האָט זיך ניט געריכט אויף קיין געסט, און ווען אָבלאָמאָוו האָט זי געוואָלט זען, האָט זי אויף איר וואָכעדיג קלייד ארויפגעוואָרפען איר זונטאָגדיגען שאַל, און דעם קאָפּ האָט זי פאַרדעקט מיט אַ הויב. זי איז אריין אומזיכער און זיך אָפּגעשטעלט, קוקענדיג אַ דערשראָקענע אויף אָבלאָמאָוו׳ן.

ער האָט זיך אויפגעהויבען און באַגריסט זי.

— האָב איך דאָס פאַרגעניגען צו זען פרוי פּשעניצין? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

— יאָ, — האָט זי געענטפערט. — איר דאַרפט געוויס רעדען מיט מיין ברודער, — האָט זי אומאַנטשלאָסען ארויסגערעדט, — ער וועט ערשט פינף אַ זייגער זיין אין דער היים.

— ניין, איך וויל אייך זען, — האָט אָבלאָמאָוו אָנגעהויי־

# אבלאמאָװ

די אױגען פאַר דער זון, האָט ער פֿױל באַטראַכט אַבלאָמאָװ'ן און דעם קאָליאַס.

און דער הונט בילט און בילט אַלץ. קוים האָט זיך אַבּ־לאָמאָװ אַ ריר געטאָן, אָדער דאָס פערד האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער קאָפּיטע, האָט דער הונט זיך גענומען פאַרצװײפעלט רײסען פון דער קײט.

— איר דאַרפט האָבען אַנאַפּיא מאַטװעיעװנא'ן? — האָט געפרעגט די זקנה. — צו װאָס דאַרפט איר זי?

— זאָג דער װירטין פון הויז, — האָט אָבלאָמאָװ געזאָגט, — אַז איך װיל זי זען: איך האָב דאָ געדונגען אַ דירה.

— איר זײט עס דער נײער שכן, מיכעי אַנדרעיאַיטשעס באַקאַנטער? װאַרט צו אַ רגע, איך זאָג גלײך.

זי האָט געעפענט די טיר, און פון דער טיר זײנען אָפּגע־שפּרונגען אײניגע קעפּ און האָבען זיך געלאָזען לױפען אין די צימערען אַרײן. ער האָט נאָך באַװיזען צו באַמערקען עפּעס אַ פרוי מיט אַנטבלױזטע האַלז און עלענבױגען, אָן אַ הױב, װאָס האָט אַ שמײכעל געטאָן דערפון, װאָס עס האָט זי געזען אַ פרעמדער; זי איז אױך אַפּגעשפּרונגען פון דער טיר.

— קומט אַרײן, — האָט געזאָגט די זקנה, װען זי איז צו־ריקגעקומען; זי האָט אַרײנגעפירט אָבלאָמאָװ'ן דורך אַ קלײ־נעם קאָרידאָר אין אַ צימליך געראַמען צימער און געבעטען צו װאַרטען. — די װירטין װעט גלײך קומען, — האָט זי צו־געלײגט.

„און דער הונט בילט נאָך אַלץ", האָט אָבלאָמאָװ אַ טראַכט געטאָן, באַטראַכטענדיג דאָס צימער.

מיטאַמאָל איז זײן בליק געפאַלען אױף באַקאַנטע זאַכען: דאָס גאַנצע צימער איז געװען פול מיט זײן גוטס. זײן גאַנץ מעבעל איז געלעגען פאַרשטױבט, צוזאַמענגעװאָרפען אין אומ־אָרדנונג.

„װאָס זאָל דאָס באַדײטען? — האָט ער געזאָגט, — אַלץ איז צוװאָרפען, אין אומאָרדנונג. סאַר אַ שװײנערײ!"

מיטאַמאָל האָט הינטער אים אַ סקריפּ געטאָן די טיר און

דער הויף איז ניט געווען גרעסער פון א צימער, און דער קאַליאַס האָט א זעץ געטאָן אין דער וואנט אריין אזוי, אז א קופּע הינער האָט זיך דערשראָקען אויף טויט און געלאָזט זיך אויף אַלע זייטען, און דער גרויסער הונט האָט גענומען רייסען זיך אויף דער קייט און פארצווייפעלט בילען; ער האָט זיך אַלץ געוואָלט א ווארף טאָן אויף די פערד.

אַבלאָמאָוו איז געזעסען אויף דעם קאַליאַס און ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן. אין די פענסטער, וואָס זיינען געווען פארשטעלט מיט וואזאנען, האָבען זיך גענומען באווענען קעפּ. אַבלאָמאָוו איז ארויס פון קאַליאַס. דער הונט האָט נאָך שטאר־קער זיך צעבילט.

ער איז ארויף אויפ'ן גאניקעל און זיך אָנגעשטויסען אָן א זקנה.

— וועמען זוכט איר? — האָט זי געפרעגט.

— די ווירטין פון הויז, פרוי פשעניצין, — האָט אַבלאָ־מאָוו געזאגט.

די זקנה האָט אומגלויבליך א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— דארפט איר דען ניט איוואן מאטוועיאיטש'ען? — האָט זי געפרעגט. — ער איז ניטאָ אין דער היים, ער איז נאָך ניט געקומען פון זיין באשעפטיגונג.

— איך דארף האָבען די ווירטין, — האָט אַבלאָמאָוו געענטפערט.

דערווייל האָט דער טומעל אין הויז נאָך אַלץ אָנגעהאַלטען. אָט קוקט פון איין פענסטער, אָט פון א צווייטען ארויס א קאָפּ; הינטער דער זקנה עפענט און פארמאַכט זיך די טיר און פון דאָרטען קוקען ארויס פארשידענע געזיכטער.

אַבלאָמאָוו האָט זיך אומגעדרעהט: אויפ'ן הויף זיינען געשטאַנען צוויי קינדער, א אינגעל און א מיידעל און האָבען אים נייגעריג באטראַכט.

פון ערגעץ־וואו האָט זיך באוויזען א פארשלאָפענער פּויער אין א שאָפּען פּעלצעל און פארשטעלענדיג מיט דער האנט

אין איינעם! אלץ איז עפּעס ניט אזוי ווי ער האָט זיך פאר־געשטעלט. סאָ'ר א זאַנדערבארע איז די אָלגא! זי בלייבט ניט שטעהן אויף איין אָרט, פּארטראַכט זיך ניט אויף א פּאָע־טישער עדשיינונג, אזוי ווי זי וואָלט איינגאנצען ניט געהאט קיין פאנטאזיע, ניט געפילט קיין נויטוועגדיגקייט פארזונקען ווערען אמאָל אין חלומות! פאָר גלייך, טו גלייך — פּונקט ווי אנדרעי! אזוי ווי זיי וואָלטען זיך אפּגעערדט אונטערצויאָ־גען דאָס לעבען!"

צומאָרגענס איז אבלאָמאָוו געפאָרען מיט א פּאפּיר אין שטאָדט איין. אים איז געוועזען לאנגווייליג. ער האָט ניט גע־וואוסט גענוי ווי עס געפינט זיך די פּאלאטע און ער איז אוועק צו איוואַן געראסימיטש געוואָר צו ווערען אין וועלכען דע־פּארטאמענט דארף מען זיך ווענדען צו באשטעטיגען א פול־מאכט.

איוואַן געראסימיטש האָט זיך אזוי דערפרעהט מיט אָב־לאָמאָוו'ן, אז ער האָט אים ניט אָפּגעלאָזען און ער האָט גע־מוזט האָבען מיט אים פרישטיק. דערנאָך האָט ער געשיקט נאָך נאָך א פריינד געוואר צו ווערען פון אים וואו מען דארף זיך ווענדען, ווייל אליין האָט ער שוין ניט געדענקט מער.

דער פרישטיק און דאָס שמועסען האָבען פארנומען ביז דריי אזייגער. עס איז שוין געווען צו שפּעט צו געהן אין דער פאלאטע, און אזוי ווי מאָרגען איז געווען שבת און די פּאלאטע איז געווען צו, האָט מען געמוזט ווארטען ביז מאָנטאָג.

אָבלאָמאָוו איז אוועק אין וויבורגער קווארטאל, אויף זיין נייער דירה. ער האָט ניט געקאָנט אויסגעפינען דאָס הויז. א לאנגע צייט איז ער געפאָרען אהין און צוריק. ער האָט ענד־ליך געטראָפען א מענשען, וואס האָט אים צוגעפירט צו א קליין הייזעל, און געזאָגט:

— אָט איז דאָס הויז.

„דאָס הויז פון דער אלמנה פון קאָלעגיען סעקרעטאר פשעניצין", האָט אבלאָמאָוו דורכגעלעזען אויפ'ן טויער און ער האָט געהייסען אריינפאָרען אין הויף אריין.

— היינט... היינט איז אזא טאָג... און אויפהויבען זיך און גאָר אוועקגעהן פון דיר, אָלגא.

— זאָל זיין מאָרגען. און דערנאָך וואָס?

— דערנאָך וועט מען זאָגען דער טאַנטע, שרייבען שטאָלצ'ן.

— ניין, דערנאָך דארף מען פאָרען קיין אָבלאָמאָווקע... אנדרעי איוואַניטש האָט דאָך געשריבען, אז מען דארף פאָרען אין דאָרף אריין; איך ווייס ניט וואָס אייגענטליך איר דארפט דאָרט באַזאָרגען; איז עס ניט אויפשטעלען עפּעס א געביי־דע? — האָט זי געזאָגט, קוקענדיג אים גלייך אין פּנים אריין.

— גאָט מיינער! — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו, — ווען מען זאָל פאָלגען אַלץ, וואָס שטאָלץ הייסט, וועט קיינמאָל ניט קומען די ריי דערצעהלען דער טאַנטע! ער זאָגט, אז מען דארף צום ערשטען אָנהויבען בויען א הויז, דערנאָך לייגען א שאָסיי, איינאָרדנען שולען... אין הונדערט יאָר וועט מען דאָס אלץ ניט פארטיג מאכען. מיר, אָלגא, וועלען אהין פאָרען צוזאמען, און דאמאָלט...

— און וואו וועלען מיר פארפאָרען? איז דען דאָ א הויז?

— ניין, ניטאָ... אן אַלטע חורבה פאראן.

— טאָ וואו וועלען מיר פארפאָרען? — האָט אָלגא גע־פרעגט.

— מען דארף דאָ זוכען א דירה.

— צוליב דעם דארף מען פאָרען אין שטאָדט אריין, — האָט זי באמערקט, — דאָס איז דער צווייטער שריט, וואס מען דארף טאָן.

— דערנאָך, האָט ער אָנגעהויבען...

— דו מאַך פריער די ערשטע צוויי טריט, דערנאָך וועסטו טראכטען וועגען ווייטער.

„וואָס זאָל דאָס אַלץ באדייטען? — האָט אָבלאָמאָוו טרויעריג א טראכט געטאָן. — ניט קיין פליסטערען, ניט קיין געהיימניספולע אפּרעדען וועגען צוזאמענגיסען צוויי לעבענס

וועל איך עס אזוי צושרייען איבער דער גאנצער וועלט, אז די וועלט וועט זאגען: „אַבלאַמאָוו איז גליקליך, אַבלאַמאָוו האָט חתונה!” איצט לויף איך צו אָלגא׳ן: דאָרט וואַרט אויף מיר א לאַנג דויערענדעס סוד׳ען זיך, א געהיימניספול אפרעדען צוזאמען צוזאמענגיסען צוויי נשמות אין איינער!...”

ער איז אוועקגעלאָפען צו אָלגא׳ן. מיט א שמייכעל אויף די ליפען האָט זי אויסגעהערט זיינע פאנטאַזיעס; אָבער ווי נאָר ער איז אויפגעשפּרונגען, כדי עס צו זאָגען דער טאַנטע, האָבען זיך ביי איר צוזאמענגעצויגען די ברעמען, אז ער האָט פארלאָרען דעם מוט.

— קיינעם קיין וואָרט ניט דערפון! — האָט זי געזאגט, און האָט צוגעלייגט איר פינגער צום מויל און אים געדראָט, אז ער זאָל רעדען שטילער, כדי די טאַנטע, אין צווייטען צי־מער, זאָל ניט הערן. — עס איז נאָך די צייט דערפאר ניט געקומען.

— וואָס הייסט די צייט איז דערפאר נאָך ניט געקומען, ווען צווישען אונז איז שוין אלץ אפגערעדט? — האָט אָב־לאָמאָוו מיט אומגעדולד א פרעג געטאָן. — וואָס זאָל מען איצט טאָן? פון וואָס אָנהויבען? — האָט ער געפרעגט. — מען קאָן דאָך ניט זיצען מיט צוזאמענגעלייגטע הענט! עס הויבט זיך דאָך איצט אָן א צייט פון פליכטען, און ערנסטע צייט...

— יאָ, עס הויבט זיך טאקע אָן, — האָט זי נאָכגעזאָגט זיינע ווערטער, און געקוקט אָננעשטרענגט אויף אים.

— האָב איך טאקע געוואָלט מאכען דעם ערשטען טראָט אין געהן צו דער טאַנטע...

— דאָס איז שוין דער לעצטער, — האָט געזאגט אָלגא.

— און וואָס איז דער ערשטער?

— דער ערשטער שריט איז צו געהן אין געריכט־הויז, מען דארף דאָך פארפערטיגען עפעס א פאפיר.

— יאָ... מאָרגען...

— פארוואָס ניט היינט?

ביען דאָס הויז, דאָס דורכפיהרען א שאָסיי, דאָס שטענדיגע פארנומען זיין מיט די פויערים א. אז. וו., א. אז. וו.

בלויז אמאָל און דאָס ניט צו־אָפט לויכט אויף אָלגא׳ס בליק, דערהערט זיך איר געזאנג, גיט א קלונג א גיכער קוש, אָבער גלייך הויבט זיך ווידער אָן דער געוועהנליכער גאנג פון לעבען.

עס קומען געסט — אָבער דאָס דערפרעהט אויך ניט. זיי רעדען וועגען ווייז, האָבער, טוך, לייוועגט... גאָט מיינער! איז דאָס זיין צוקונפט? איז דען דאָס בכלל א לעבען? און דאָך לעבען אלע אזא לעבען. אפילו אנדרעי׳ען געפעלט אזא לעבען.

אָבער דאָס חתונה האָבען — דאָס איז דאָך פאָרט די פּאָעזיע פון לעבען, דאָס איז דאָך א קנאָספּ, וואָס איז גרייט זיך פאנאנדערצולאָזען. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי ער פירט אָלגא׳ן צום אלטאר. זי איז אין א לאנגען שלייער. עס הערט זיך א געמורמעל פון באוואונדערונג, פון אנטציקונג. א פארשעמטע, מיט איר שטאָלצען און גראציעז־איינגעבויגענעם קאָפּ, דערלאנגט זי אים די האנט און ווייס ניט, ווי זי זאָל קוקען אויף די איבעריגע. אָט באווייזט זיך אויף איר פנים א שמייכעל, אָט ווערען נאס די אויגען פון טרערען.

אין דער היים, ווי נאָר די געסט געהען אוועק, ווארפט זי זיך אים אויף דעם האלז, פונקט ווי היינט.

„ניין, איך וועל לויפען צו אָלגא׳ן, מיר איז שווער צו טראכטען און איבערלעבען דאָס אליין אליין, — האָט ער געחלומ׳ט, — איך וועל דערצעהלען אלעמען, דער גאנצער וועלט דערצעהלען... ניין, צום ערשטען וועל איך דערצעהלען דער טאנטע, דעם באראָן, איך וועל שרייבען שטאָלצ׳ן — א, ווי ער וועט דאָס פארוואונדערט ווערען! דערנאָך וועל איך עס דערצעהלען זאכאר׳ן: ער וועט פאלען צו די פיס און זיך צו־יאָמערען פאר פרייד; איך וועל אים געבען פינף און צוואנציג רובל. עס וועט קומען אניסיא, וועט כאפּען די האנט און קו־שען: איר וועל איך געבען צען רובל... דערנאָך... דערנאָך

## 2.

ער איז אוועק, און אָבלאָמאָוו האָט זיך אוועקגעזעצט. א לאנגע צייט האָט זיך אָבלאָמאָוו געפּילט שלעכט און ניט גע־קאָנט באפרייען זיך פון דעם איינדרוק, וואָס עס איז אים גע־בליבען נאָך טאראנטיעוו'ס באזוך. ענדליך האָט ער זיך דער־מאָנט אן דעם היינטיגען פרי־מאָרגען און אויף זיין פּנים האָט זיך ווידער באוויזען א שמייכעל.

ער האָט זיך אוועקגעשטעלט פאר'ן שפּיגעל, ער האָט א לאנגע צייט זיך פארריכט דעם שניפּס, ער האָט א לאנגע צייט געשמייכעלט, געקוקט אויף דער באַק, צי עס געפינט זיך נאָך אויף איר א שפּור פון אָלגא'ס הייסע קושען.

צוויי מאָל האָט אָלגא געזאגט „קיינמאָל ניט", — האָט אָבלאָמאָוו ארויסגערעדט; ער האָט עס ארויסגערעדט שטיל, מיט א פריידיגען ציטער, — און וואָס פאר אן אונטערשיד איז צווישען זיי: פון איינעם איז שוין לאנג קיין זכר ניטאָ, און דער צווייטער האָט אזוי פּרעכטיג זיך פאנאנדערגעבליט...

דערנאָך האָט ער זיך פארטראכט. ער איז פארזונקען אין טיפע געדאנקען. ער האָט דערפילט, אז עס איז שוין פאר־איבער דער לוסטיגער יום טוב פון ליבע, אז די ליבע הויבט אָן צו ווערען א פליכט און הויבט אָן פארלירען אירע רעגענפאר־ביגע קאָלירען.

עס איז מעגליך, אז היינט אָוועגט איז פארלאָשען געוואָ־רען איר לעצטער ראָזער שטראל, און זי וועט שוין מער ניט גלאנצען העל, נאָר ווארעמען אומבאמערקט דאָס לעבען. דאָס לעבען וועט איינשלינגען די ליבע, און די ליבע וועט זיין דעם לעבענס שטארקסטע, אָבער פארבאָרגענסטע שפּרינגפעדער.

די פּאָעמע פארשווינדט און עס הויבט זיך אָן א שטרענגע צייט: דאָס געריכט הויז, דאָס פאָרען קיין אָבלאָמאָווקע, דאָס

## א. א. גאָנטשאַראָוו

— כאַפּט דיר דאָס גוטע יאָר! — האָט געזאָגט טאַראַנטיעוו, שאַרענדיג זיך צו דער טיר. — עפּעס קאָן איך דיך היינט ניט דערקענען.... דו רעד זיך נאָר דורך מיט איוואַן מאַטוועאיטש'ן, און פּרוביר נאָר ניט מיטצוברענגען מיט זיך דאָס געלט.

# אבלאַמאָוו

— פּאַרוואָס ?

— איך האָב דאָרט שונאים, וואָס טראַכטען אַלץ ווי מיך אומצוברענגען.

— וועל איך עס שוין אליין באַזאָרגען, — האָט געזאָגט אבלאַמאָוו און זיך גענומען פאַר'ן הוט.

— אָט זעסטו, אז דו וועסט זיך איבערקלייבען אויף דער נייער דירה, וועט איוואַן מאַטוועאיטש פאַר דיר טאָן אַלץ. איר ברודער איז א גאָלדענער מענש און ניט ווי יענער דייטש דאָרט! אַן אמת רוסישער מענש, זיצט שוין דרייסיג יאָר אויף דעם זעלבען פּלאַץ, איז נידעריגער פון גראָז, שטילער פון וואַסער, קוים וואָס מען הערט ווען ער רעדט, שלעפּט זיך ניט איבער פרעמדע מדינות, ווי דער דייטש דיינער...

— טאַראַנטיעוו! — האָט אָבלאָמאָוו א געשריי געטאָן, א זעץ טוענדיג מיט דער פויסט אָן טיש. — רעד ניט וועגען זאכען, וואָס דו פארשטעהסט ניט.

טאַראַנטיעוו האָט אויסגעלאָצט א פּאָר אויגען. ער האָט קיינמאָל ניט געזען אבלאָמאָוו'ן אזוי האנדלען. ער איז געווען אזוי ערשטוינט, אז ער האָט אפילו פארגעסען צו באַליידיגען זיך, וואס ער האָט אים געשמעלט נידעריגער פון שטאָלץ'ן

— דו ביסט מיר עפּעס היינט זער מאָדנע, — האָט ער געברומט, נעמענדיג דעם הוט.

ער האָט א פיר געטאָן מיט'ן ארבעל איבער'ן הוט, דערנאָך האָט ער א קוק געטאָן אויף זיין הוט און אויף אָבלאָמאָוו'ס הוט, וואָס איז געלעגען אויף דער עטאַזשערע.

— דו טראָגסט ניט יענעם הוט! — האָט ער געזאָגט, נעמענדיג אָבלאָמאָוו'ס הוט און אָנמעסטענדיג אים. — גיב מיר אים, ברודער.

אָן ווערטער האָט אָבלאָמאָוו ארונטערגענומען פון טאַראַנטיעוו'ס קאָפּ זיין הוט און אים אוועקגעלייגט אויף זיין פריערדיגען פּלאַץ, און פאַרלייגענדיג די הענט אויף דער ברוסט האָט ער געוואַרט, אז טאַראַנטיעוו זאָל ארויס.

— וואס פאר א בארשט? — האָט ארויסגעדונערט טאַראַנטיעוו. — אָ, דו אַלטער כלב! דו גיב בעסער עפּעס איבערצובייסען.

— איר הערט, איליא איליטש, ווי דאָס בילט? — האָט געזאָגט זאַכאַר. — ניטאָ וואָס איבערצובייסען, אפילו קיין בּוּטער אין דער היים ניטאָ, און אַניסיא איז אין הויז ניטאָ, — האָט דערענדיגט זאַכאַר און איז ארויס פון צימער.

— וואו מיטאָגסטו? — האָט טאַראַנטיעוו געפרעגט. — וואָרהאַפטיג, אַ נס פון הימעל: אָבלאָמאָוו שפּאַצירט ארום אין וועלדער, עסט ניט אין דער היים... און ווען קלייבסטו זיך שוין איבער? עס איז דאָך שוין באַלד הערבסט. קום אַ קוק טאָן.

— יאָ, יאָ, איך וועל די טעג קומען.

— און פארגעס ניט צו ברענגען מיט זיך דאָס געלט.

— יאָ, יאָ, יאָ, — האָט אָבלאָמאָוו גערעדט אַן אומגעדולדיגער, — איך וועל ברענגען.

— דארפסט ניט עפּעס האָבען אויף דער נייער דירה? — האָט זיך ווייטער אָפּגערופען טאַראַנטיעוו. — איר ברודער האָט פאר דיר איבערגעפארבט די טירען, די פענסטער, דעם באַלקען — אַלץ... איבער הונדערט רובעל האָט עס געקאָסט.

— יאָ, יאָ, זער גוט... וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגען? — האָט זיך אָבלאָמאָוו געפּרואווט דערמאָנען. — יאָ, זיי אזוי גוט און כאַפּ זיך אריין אין דער פּאַלאַטע, איך דארף באַשטעטיגען אַ פולמאכט.

— וואָס בין איך דיר פאר אַ משרת? — האָט זיך טאַראַנטיעוו אָפּגערופען.

— איך וועל דיר צולייגען אויף אַ מיטאָג, האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט.

— איך וועל צורייסען מער שיך, וויפיל דו וועסט געבען.

— פאָר, איך וועל באַצאָלען.

— איך קאָן ניט פאָרען אין דער פּאַלאַטע, — האָט טרויעריג ארויסגערעדט טאַראַנטיעוו.

— הייס מיר דערלאנגען עפעס איבערצוביייסען, — האט טאראנטיעוו געזאגט.

— דו קלייבסט זיך דאך געהן אין א קרעטשמע עסען?— האט זיך אפגערופען אבלאמאוו.

— שוין איצט אין דער קרעטשמע? עס איז דאך ערשט צוויי אזייגער, נאך צו־פרי צו עסען מיטאג.

אבלאמאוו האט געהייסען זאכאר'ן עפעס דערלאנגען.

— עס איז גארנישט ניטא, מען האט ניט צוגעגרייט, — האט קאלט געענטפערט זאכאר, קוקענדיג מיט שנאה אויף טאראנטיעוו'ן. — און ווען וועט איר, מיכעי אנדרעאיטש, שוין אפברענגען אמאל דעם פריצ'ס וועסט און העמד...

— וואס פאר א העמד און וועסט? — האט אפגעענטפערט טאראנטיעוו. — איך האב זיי שוין פון לאנג אפגעגעבען.

— ווען האט איר עס אפגעגעבען? — האט געפרעגט זאכאר.

— האב איך עס דען דיר ניט אפגעגעבען אין די הענט אריין, ווען איר האט זיך געהאלטען אין איבערקלייבען? דו האסט עס אליין מיט דיינע הענט אריינגעשטופט אין עפעס א פעקעל אריין, און איצט פרעגסטו נאך...

זאכאר איז ווי פארשטיינערט געווארען.

— אוי, גאט מיינער! וואס איז דאס פאר אן אומגליק! — האט ער ארויסגעקרעכצט, ווענדענדיג זיך צו אבלאמאוו'ן.

— פאר'שיכור'ט און איצט פרעגט ער וואו עס געפינט זיך! — האט געענטפערט טאראנטיעוו

— א, ניין, איך האב קיינמאל ניט פארטרונקען עפעס וואס באלאנגט צום פריץ, — האט ארויסגעברומט זאכאר. — איר, למשל...

— הער אויף, זאכאר! — האט אים אבלאמאוו שטרענג איבערגעשלאגען.

— האט איר דאס ניט אוועקגעשלעפט די בארשט? — האט אויף ס'ניי אים געפרעגט זאכאר.

— אַט אַזוי איז עס... אַט... היינט... — האָט אָנגע־
הויבן אָבלאָמאָוו.

— וואָס? — האָט אים איבערגעשלאָגן טאַראַנטיעוו.

— מיטאָג איך ניט אין דער היים...

— דו גיב נאָר אהער דאָס געלט און דאַמאָלט מעג דאָס
גוטע יאָר דיך כאַפּן!

— וואָס פאַר א געלט? — האָט מיט אומגעדולד אַרויס־
געדערט אָבלאָמאָוו. — איך וועל די טעג זיין דאָרט, וועל אַיך
שוין אליין איבעררעדן מיט דער באַלעבאָסטע.

— וואָס ווייס א פרוי וועגן אזוינע זאכן? דו זאָלסט
איבעררעדן מיט איר ברודער, וועסטו שוין פון אים קריגן.

— זער גוט; איך וועל איבעררעדן מיט אים.

— נאָך ווארטען אויף אים! דו גיב בעסער שוין אהער
דאָס געלט און גיה דיר צו אַל־די גוטע יאָר.

— איך האָב קיין געלט ניט; איך וועל דארפען זען
ערגעץ קריגען.

— באַצאָל כאָטש איצט פאר דער דראָשקע, — איז צו־
געשטאנען צו אים טאַראַנטיעוו, — דריי רענדלעך.

— וואו איז דיין דראָשקע? און פארוואס עפּעס גאַנ־
צע דריי רענדלעך? — האָט געפרעגט אָבלאָמאָוו.

— וואו איז מיין דראָשקע? איך האָב אים אָפּגעלאָזען.
פארוואס קומט אים אזויפיל? ער האָט אפילו פאר אזויפיל
ניט געוואָלט אהער פאָרען.

אָבלאָמאָוו האָט אים דערלאנגט דאָס געלט.

— און איצט גיב אויף א מיטאָג.

— אויף וואָס פאר א מיטאָג?

— איך וועל מוזען עסען אויפ'ן וועג. זיי רייסען שרעק־
ליכע פרייזען.

שוויינענדיג האָט אָבלאָמאָוו ארויסגענומען א גאָלדענע
מטבע און זי א וואָרף געטאָן טאַראַנטיעוו'ן. ער האָט זיך ניט
אונגעזעצט פאר אומגעדולד, אז טאַראַנטיעוו זאָל שוין אמאָל
אוועקגעהן; ער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

לאַמאָוו געזאָגט. — איך האָב שוין אפילו דעם פּאַס, — אָט ווייז איך אים דיר. איך האָב שוין אַ קופערט אויך גע־קויפט.

— דו וועסט ניט פאָרען! — האָט גלייכגילטיג ארויס־געדעדט טאַראַנטיעוו. — דו בעסער גיב פאַר אַ האַלב יאָר פאָראויס דירה־געלט.

— איך האָב קיין געלט ניט.

— זוך און קריג. איר ברודער האָט פיינט שפּאַס: ער וועט גלייך איינגעבען אויף דיר. דערצו האָב איך מיין געלט אויסגעלייגט.

— וואו האָסטו עס גענומען אַזויפיל געלט? — האָט אַבלאָמאָוו אים געפרעגט.

— ניט דיין דאגה! אַן אַלטען חוב אָפּגעקראָגען. גיב אהער דאָס געלט. איך בין נאָך דעם עקסטרא געקומען!

— גוט. איך וועל די טעג קומען אין שטאָדט אריין און וועל די דירה איבערגעבען אַ צווייטען; איצט איַיל איך זיך.

ער האָט גענומען פאַרשפּילען דעם ראָק.

— און וואָס פאַר אַ דירה דאַרפסטו דאָס האָבען? קיין בעסערע פון דער וועסטו אין דער גאַנצער שטאָדט ניט געפי־נען. דו האָסט דאָך זי אפילו ניט געזען! — האָט טאַראַנטיעוו געזאָגט.

— איך וויל זי אפילו ניט זען, — האָט אַבלאָמאָוו אָפּגענטפערט. — וואָס וועל איך זיך געהן אהין איבערקלייַ־בען! עס איז מיר צו ווייט...

— פון וואָס צו ווייט? — האָט טאַראַנטיעוו אים גראָב איבערגעשלאָגען.

אָבער אַבלאָמאָוו האָט ניט געזאָגט פון וואָס.

— פון צענטער, — האָט ער שפּעטער צוגעלייגט.

— פון וואָס פאַר אַ צענטער? וואָס דאַרפסטו אים האָ־בען? צו קאָנען ליגען?

— ניין, איך ליג שוין ניט מער.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ נייס?

א שרעק, אז טאַראַנטיעוו וועט דאָ פאַרבלייבן איבער מיטאָג, און עס וועט אים אוממעגליך זיין צו זיין היינט ביי די אילינסקים. אָנגעבלאָזען און שטום האָט ער געוואַרט, וואָס טאַראַנטיעוו האָט צו זאָגען.

— וואָס פעלט דיר, לאַנדסמאַן, גאָרנישט איין אמאָל א קוק צו טאָן אויף דער דירה? — האָט טאַראַנטיעוו געפרעגט.

— איצט איז עס איבעריג, — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט, און זיך באמיהט ניט צו קוקען אויף טאַראַנטיעוו'ן. — איך.... איך וועל זיך אהין ניט איבערקלייבען

— וו־אָ־ס? וואָס הייסט דו וועסט זיך ניט איבערקלייבען? — האָט מיט כעס אים אָפגעענטפערט טאַראַנטיעוו. — געדונגען האָסטו, און איבערקלייבען זיך וועסטו ניט? און וואָס איז וועגען דעם קאָנטראַקט?

— וואָס פאר א קאָנטראַקט?

— דו האָסט שוין פארגעסען? דו האָסט דאָך אונטער־געשריבען א קאָנטראַקט אויף א יאָר. דערלאַנג אכט הונדערט רובל און געה דיר וואו דיר גלוסט זיך נאָר אליין. פיר מענשען האָבען געוואָלט די דירה, האָט מען זיי אָפגעזאָגט. איינער האָט געוואָלט מאַכען א קאָנטראַקט אויף דריי יאָר

איצט האָט זיך ערשט אָבלאָמאָוו דערמאָנט, אז אין דעם טאָג, ווען ער האָט זיך איבערגעקליבען דאָ אהער, האָט אים טאַראַנטיעוו געבראַכט א פאַפיר און ער האָט עס אין דער גיך אונטערגעשריבען, ניט דורכלעזענדיג אפילו, וואָס דאָרט שטעהט.

„גאָט מיינער! וואָס האָב איך דאָ אָפגעטאָן!" האָט אָבלאָמאָוו א טראַכט געטאָן.

— איך דאַרף קיין דירה ניט האָבען, — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו, — איך פאָר קיין אויסלאַנד.

— קיין אויסלאַנד! — האָט אים טאַראַנטיעוו איבער־געשלאָגען. — מיט אָט יענעם דייטש פאָרסטו דאָס? דו פלוידערסט בלויז, דו וועסט ניט פאָרען!

— פאַרוואָס וועל איך דאָס ניט פאָרען? — האָט אָב־

# דריטער טייל.

## 1.

אבלאמאוו האט געלויכטען, ווען ער איז אהיים געגאנ־
גען. זיין בלוט האט אין אים געקאכט, זיינע אויגען געגלאנצט.
אים האט זיך געדאכט, אז עס ברענען אים אפילו די האר. אין
איא שטימונג איז ער אריין צו זיך אין צימער אריין. מיט־
אמאל איז דאס ליכט ארונטער פון זיין געזיכט און זיינע אוי־
גען האבען מיט אן אומאנגענעמער איבערראשונג זיך אפגע־
שטעלט אויף איין ארט: אין זיין שטול איז געזעסען טאראנ־
טיעוו.

— מען קאן זיך דאך ניט דערווארטען אויף דיר! וואו
שלעפסטו זיך דאס ארום? — האט אים טאראנטיעוו שטרענג
א פרעג געטאן, דערלאנגענדיג אים א באוואקסענע האנט. —
און מיט דיין אלטען כלב קאן מען גארנישט ניט מאכען; איך
בעט עפעס צו פארבייסען, זאגט ער, אז עס איז ניטא, בעט
איך אביסעל בראנפען — גיט ער אויך ניט.

— איך האב מיר דא ארומשפאצירט אין וועלדעל, —
האט נאכלעסיג געזאגט אבלאמאוו, וואס איז נאך ניט געקומען
צו זיך פון דער ערגעניש, וואס עס האט אים פארשאפט די
ערשיינונג פון זיין לאנדסמאן אין אזא מאמענט.

ער האט שוין געהאט פארגעסען יענע טרויעריגע סביבה
אין וועלכער ער האט געלעבט אזא לאנגע צייט, און ער האט
זיך אפגעוועהנט פון איר שטיקענדיגער לופט. טאראנטיעוו
האט אים אין איין רגע, אזוי ווי ארונטערגעווארפען פון הימעל
טיף אין דער בלאטע אריין. אבלאמאוו האט זיך געהאלטען
אין איין פרעגען: וואס וויל האבען דא טאראנטיעוו? איז
ער דא אהער געקומען אויף לאנג? — און אים איז באפאלען

## א. א. גאָנטשאַראָוו

— קיינמאָל ניט! — האָט אָלגא ווידערהאָלט.

— יאָ, — האָט ער פּאַרטראַכטערהייט אַרויסגערעדט, — דו וואָלסט ניט געהאַט קיין מוט אַ קוק צו טאָן דער שאַנד אין פּנים אַריין. מעגליך, אַז דו וואָלסט זיך ניט דערשראָקען פּאַר'ן טויט: ניט דער טויט איז שרעקליך, נאָר די מורא פּאַר אים...

ער קוקט איר אַלץ אין די אויגען צו זען וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס מאַכט אויף איר.

אָלגא זעט אויס גאַנץ פרעהליך. אָט דער גאַנצער שווידער האָט ניט אַרויסגערופען אין איר קיין שרעק. אַ לייכטער שמייכעל האָט זיך געשפּילט אויף אירע ליפּען.

— מיר ווילט זיך גאָרניט ניט שטאַרבען! דאָס איז ניט דאָס! — האָט אָלגא אַרויסגערעדט, — מען קאָן געהן מיט דעם וועג און ליבען נאָך פיל שטאַרקער.

— פּאַרוואָס ביסטו ניט געגאַנגען מיט אָט דעם וועג? — האָט אָבלאָמאָוו איינגעשפּאַרטערהייט, כמעט מיט ערגערניש געפרעגט, — אויב עס איז אמת, אַז דיך שרעקט ער ניט?

— דערפאַר, וואָס אויף דעם וועג... געהט מען זיך שטענדיג פּאַנאַנדער, — האָט זי געזאָגט, — און איך... איך זאָל צו־געהן זיך מיט דיר!

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַוועקגעלייגט איר האַנט אויף זיין אַקסעל, לאַנג געקוקט אויף אים, און מיטאַמאָל, אַוועקוואַר־פענדיג דעם שירעם אָן אַ זייט, האָט זי גיך אין הייס אַרומ־געפלאָכטען אירע הענט אַרום זיין האַלז און אים אַ קוש גע־טאָן, דערנאָך האָט זי אַ ציטער געטאָן, צוגעדריקט איר פּנים צו זיין ברוסט און שטיל אַרויסגערעדט:

— קיינמאָל ניט!

אַ פריידיגער יאָמער געשריי האָט זיך אַרויסגעריסען פון זיין האַרץ און ער איז געפאַלען צו אירע פיס.

— קיינמאָל ניט! פאַר קיין זאַך אין דער וועלט ניט!
— האָט זי מיט שטאָלץ ארויסגערעדט.

אַבלאָמאָוו האָט זיך פארטראַכט און דערנאָך האָט ער א זיפץ געטאָן.

— דאָס איז א שרעקליכער וועג, און עס פאָדערט זיך זער א גרויסע ליבע, אז א פרוי זאָל אויף אָט דעם וועג נאָכפאָלגען א מאַן, אונטערגעהן און אלץ נאָך ליבען.

פרעגענדיג האָט ער א קוק געטאָן איר אין פנים אריין, און זי — גאָרניט, ווי ניט זי מיינט מען עס; בלויז דער פאַלד איבער איר אויג האָט א ציטער געטאָן, אָבער דאָס פנים איז געבליבען רואיג.

— שטעל דיר פאָר, אז סאָניטשקא, וואָס איז ניט ווערט דיין קלענסטען פינגערעל, — האָט געזאָגט אַבלאָמאָוו, — באַגעגענט דיך און מאַכט זיך, אז זי קען דיך ניט.

אָלגאַ האָט א שמייכעל געטאָן. איר בליק איז געווען אזא קלאָרער. אַבלאָמאָוו האָט געוואָלט ארויסקריגען, אז זי וואָלט געקאָנט זיך אָפּפערען פאַר אים; אים וואָלט דאָס א סך פאַרגעניגען פארשאַפט.

— שטעל דיר פאָר, אז מענער, צוגעהענדיג צו דיר, וואָלטען ניט אַרונטערגעלאָזען מיט אַכטונג די אויגען, נאָר וואָלטען געקוקט אויף דיר מיט אזא חוצפה'דיגען און געוואַגטען בליק...

ער האָט א קוק געטאָן אויף איר: זי באַוועגט פלייסיג מיט'ן שירעם א שטיינדעל אויפ'ן גראָז.

— דו וואָלסט אריין אין זאַל... א פאָר הויבען וואָלטען אומצופרידען זיך א שאָקעל טאָן... איין הויב וואָלט זיך איבערזעצט צו דיר... און דו וואָלסט געווען פונקט אזוי שטאָלץ, און דו וואָלסט קלאָר געפילט, אז דו ביסט העכער און בעסער פון זיי.

— צוליב וואָס דערצעהלסטו מיר די אַלע שוידערליכע זאַכען? — האָט זי רואיג ארויסגערעדט. — איך וועל זיך קיינמאָל ניט לאָזען אויף אָט דעם וועג.

— קיינמאָל ניט? — האָט אַבלאָמאָוו טרויעריג געפרעגט.

# א. א. גאָנטשאַראָוו

און מיטאמאָל, ניט קיין שטראָם פון טרערען פון אומ־ערוואַרטעטען גליק, ניט קיין צושטימונג מיט ארונטערגעלאָזענע אויגען! ווי אזוי זאָל ער דאָס פארשטעהן!

אין זיין הארצען האָט אויפגעוואכט דער שלאנג פון צוויי־פעל... האָט זי ליב, אָדער זי האָט בלויז חתונה?

— עס איז דאָך אָבער דאָ נאָך אַן אנדער וועג צום גליק. — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו.

— וואָס פאר א וועג? — האָט אָלגא געפרעגט.

— אמאָל ווארט די ליבע ניט, ליידט ניט, רעכענט ניט אויס... די פרוי ברענט אין גאנצען, ציטערט, און זי געניסט יסורים צוזאמען מיט אזוינע פריידען, וואָס...

— איך וויים ניט וואָס איז דאָס פאר א וועג.

— א וועג וואו די פרוי אָפּפערט מיט אלץ: מיט איר רו, מיט איר ערע, און באקומט אלס לוין דערפאר ליבע... די ליבע פארבייט איר אלץ...

— דארפט איר האָבען דעם וועג?

— ניין.

— וואָלט איר געוואָלט אויף דעם וועג זוכען אייער גליק? אויף דער רעכענונג פון מיין רו, פון מיין ערע?

— ניין, ניין, ניין! איך שווער ביי גאָט, אז ניט! — האָט ער ארויסגערעדט מיט אויפרעגונג.

— טאָ צוליב וואָס האָט איר וועגען דעם אָנגעהויבען רע־דען? — האָט אָלגא געפרעגט.

— ערען וואָרט, אז איך וויים אליין ניט, — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו.

— אָבער איך וויים: דיר האָט זיך געוואָלט געוואָר ווע־רען, צי איך וואָלט געאָפּפערט מיט מיין רו פאר דיר, צי איך וואָלט געגאנגען מיט דיר אויף אָט דעם וועג... איז דאָס ניט דער אמת?

— מיר דאכט זיך, אז דו ביסט גערעכט... און אז יאָ, איז וואָס?

— יאָ, פון דעם מאָמענט. וואָס איך האָב דיר געגעבן דאָס צווייגעל בעז... האָב איך דיך אין געדאנק אָנגערופען...

זי האָט ניט דערזאָגט.

— פון דעם מאָמענט!

ער האָט שוין ברייט געהאט צושפּרייט זיינע ארעמס און געוואָלט זי איינשליסען אין זיי.

— פאַרזיכטיגער... דער תהום צושפּרייט זיך ביי דיינע פיס... עס בליצט! — האָט זי פּיקסיג ארויסגערעדט און גע־שיקט זיך ארויסגעדרעהט פון זיינע אָרעמס און מיט'ן שירעם אוועקגעשטופּט פון זיך זיינע הענט.

ער האָט זיך דערמאָנט דאָס גרויזאמע „קיינמאָל ניט" און איז רואיגער געוואָרען.

— אָבער דו האָסט דאָך קיינמאָל ניט גערעדט, קיינמאָל ניט אָנגעדייט אויף דעם... — האָט ער געזאָגט.

— מיר האָבען ניט קיין חתונה, אונז גיט מען אוים, אָדער מען נעמט אונז.

— פון יענעם מאָמענט... טאַקע?... — האָט אָבלאָמאָוו, אַ פאַרזונקענער אין געדאנקען, נאָכאַמאָל אַ זאָג געטאָן.

— און דיר, זעט עס אוים, האָט זיך געדאכט, אַז ניט קאָנענדיג דיך, וואָלט איך פאַרבראַכט מיט דיר אַליין, געזעסען אין די אווענטען אין די אַלטאנען, געהערט און פאַרטרויט זיך דיר? — האָט זי געפרעגט מיט שטאָלץ.

— ווארט... וואָס מיינסטו?... — האָט ער אָנגעהויבען; זיין געזיכט האָט זיך אים איבערגעביטען און ער האָט ארויס־געלאָזען איר האנט.

אַ זאָנדערבאַרער געדאנק האָט אויפגעבליצט אין אים. זי האָט געקוקט אויף אים מיט רואיגען שטאָלץ און אַ זיכערע גע־ווארט; און אים האָט זיך אין דעם מאָמענט נאָר געוואָלט זען אין איר ניט קיין שטאָלץ און זיכערהייט, נאָר טרערען, ליי־דענשאַפּט, באַרוישענדען גליק, זאָל זיין אויף בלויז איין רגע, און שפּעטער מעג זיך שוין דאָס לעבען געהן מיט זיין רואי־גען וועג.

— אָט אַזוי, אָט איצט האָב איך באַקומען כּוח צו רעדען! אָלגאַ, — האָט ער געזאָגט, שטעלענדיג זיך פאַר איר אויף די קני, — ווער מיין פרוי.

שווייגענדיג האָט זי זיך אוועקגעקערט פון אים.

— אָלגאַ, גיב מיר דיין האנד, — האָט ער ווייטער גע־רעדט.

זי האָט אים ניט דערלאנגט איר האנד. ער האָט זי אליין גענומען און צוגעלייגט צו זיינע ליפּען. זי האָט ניט אוועקגע־נומען די האנד. די האנד איז געווען ווייך, וואַרעם און כּמעט פייכט. ער האָט געוואָלט אַריינקוקען איר אין פּנים אריין, זי האָט אַלץ ווייטער אוועקגערוקט דעם קאָפּ.

— איר שווייגט? — האָט ער געזאָגט, קושענדיג איר האנד.

— אַלס צייכען פון צושטימונג! — האָט זי ארויסגערעדט שטיל, און אַלץ נאָך ניט געקוקט אויף אים.

— וואָס פילסטו איצט? וואָס טראַכסטו איצט? — האָט ער געפרעגט, דערמאָנענדיג זיך אָן זיינע פאַנטאַזיעס וועגען אַ שעמעוודיגער צושטימונג, וועגען טרערען.

— דאָס זעלבע וואָס דו, — האָט זי געענטפערט און ווייטער געקוקט ערגעץ דאָרט אין וואַלד אריין; בלויז דאָס באַוועגען זיך פון איר בוזעם האָט עדות געזאָגט, אַז זי האַלט זיך איין.

„זיינען דיינע אויגען אין טרערען?" האָט געטראַכט אָב־לאָמאָוו, אָבער זי האָט געהאַלטען דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזען.

— דו ביסט גלייכגילטיג, דו ביסט רואיג? — האָט ער געפרעגט, וועלענדיג זי פאַר דער האנד אַ ציי טאָן צו זיך.

— ניט גלייכגילטיג, אָבער איך בין רואיג.

— פאַרוואָס עפּעס?

— ווייל איך האָב עס שוין פון לאנג פאָראויסגעזען און זיך צוגעוועהנט דערצו.

— שוין פון לאנג? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט אַן ער־שטוינטער.

ארויסגערעדט און אויפגעהויבען זיך פון דער באנק, — אַז איך בין זער אויסגעוואקסען פאר דער צייט, וואָס איך האָב אייך דערקאָנט און איך ווייס, ווי עס הייסט די שפיל, אין וועלכער איר שפּילט... אָבער מיינע טרערען וועט איר שוין מער ניט זען.

— ווי גאָט איז מיר ליב, איך שפיל ניט! — האָט אָבלאָמאָוו ארויסגערעדט איבערצייגענד.

— נאָך ערגער פאר אייך, — האָט זי טרוקען אָפּגעענטפערט. — אויף אַלע אייערע וואָרנונגען, פאָרזיכטיגקייטען קאָן איך אייך בלויז זאָגען, אַז ביז דער היינטיגער באגעגעניש האָב איך אייך געליבט און ניט געוואוסט, וואָס איך האָב צוטאָן, איצט, אָבער, ווייס איך שוין יאָ, — האָט זי פארענדיגט, און גענומען אוועקגעהן, — און מיט אייך עצות האַלטען וויל איך ניט.

— און איך ווייס ניט, — האָט ער געזאָגט, איינהאַלטענדיג זי פאר דער האנד און אוועקזעצענדיג זי אויף דער באנק; ער איז אויף אַ ווײַלע שטיל געבליבען און אָנגענומען זיך מיט מוט. — שטעל דיר פאָר, — האָט ער אָנגעהויבען, דאָס האַרץ איז ביי מיר איבערפולט מיט איין געפיל, דער קאָפּ מיט איין געדאנק, נאָר דער ווילען, די צונג גיבען זיך מיר ניט אונטער: איך וויל רעדען, אָבער די ווערטער נעהען ביי מיר ניט אראָפּ פון דעם צונג. און עס איז דאָך אזוי פשוט, אזוי ווי... העלף מיר, אָלגאַ, אַז איך זאָל קאָנען ארויסרעדען, וואָס עס ליגט מיר אויפ׳ן הארצען...

— איך ווייס ניט, וואָס עס ליגט ביי אייך אויפ׳ן הארצען.

— ווי גאָט איז דיר ליב, נאָר ניט דעם א י ר; דיין שטאָלצער בליק דער׳הרג׳עט מיך, ווי אייז מאַכט מיך קאַלט דיין איטליך וואָרט...

זי האָט זיך צולאַכט.

— דו ביסט אַ משוגע׳נער! — האָט זי געזאָגט, ארויפלייגענדיג אַ האַנד אויף זיין קאָפּ.

— הער זיך איין, — האָט ער גיך אויף ס'ניי אָנגעהויבען,
— איך האָב דיר ניט אַלץ ארויסגעזאָגט... — און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

דאָס, וואָס עס האָט זיך אים אין דער היים אויסגעוויזען פאר אזוי פּשוט, נאַטירליך, נויטווענדיג, האָט צו אים געשמיי־כעלט, געווען זיין גליק, איז מיטאמאל געוואָרען פאר אים ווי א תהום. אים האָט גענומען אויפּפּעלען מוט אריבערצושפּאנען אי־בער דעם תהום. עס איז פאָרגעשטאַנען אַ וויכטיגער און גע־וואגטער שריט.

— עמיץ געהט! — האָט געזאָגט אָלגאַ.

פון דעם זייטיגען שטעגעל האָבען זיך דערהערט טריט.

— אפשר איז שוין דאָס ווידער סאָניטשקא? — האָט געפּרעגט אָבלאָמאָוו, און זיינע אויגען זיינען געוואָרען שטאר פון שרעק.

עס זיינען פארבייגעגאנגען צוויי אומבאקאנטע מענער מיט א פרוי. א שטיין איז אראָפּ פון אָבלאָמאָוו'ס הארץ.

— אָלגאַ, — האָט ער גיך אָנגעהויבען צו רעדען און גע־נומען זי פאר דער האנד, — לאָמיר אוועקגעהן פון דאנען, קומט אָט דאָ, קיינער איז דאָרט ניט דאָ.

ער האָט זי אוועקגעזעצט אויף א באנק און אַליין זיך אוועק־געזעצט אויפ'ן גראָז לעבען איר.

— דו ביסט בייז געוואָרען, אוועקגעגאנגען, און איך האָב דיר נאָך ניט ארויסגעזאָגט אַלץ, — האָט ער ארויסגערעדט.

— איך וועל ווידער אוועקגעהן און מער זיך ניט אומ־קערען, אויב דו וועסט זיך שפּילען מיט מיר, — האָט זי אָנ־געהויבען צו רעדען. דיר זיינען איינמאל געפעלען געוואָרען מיינע טרערען, און עס איז גאנץ נאַטירליך, אז איצט וואָלסטו מיך געוואָלט זען ביי דיינע פיס און אַזוי ארום, ביסלעכווייז, מיך פארוואנדלען אין דיינם א שקלאַף, מאכען קאפּריזען, לעזען מיר לעקציעס וועגען מאָראַל, דערנאָך וויינען, זידלען זיך, שרעקען מיך און צום סוף א פרעג טאָן, וואָס עס בלייבט אונז איצט צו טאָן? געדענקט, איליא איליטש, — האָט זי שטאָלץ מיטאמאָל

האָט זי מיט א טרויעריגער פארטראכטקייט ארויסגערעדט, — מיר זיינען צו ווייט פארקראָכען, און קיין אויסוועג איז ניטאָ. מיר דארפען זיך וואָס גיכער פאנאנדערגעהן און פארמעקען אונ־טער זיך די שפורען. זיי געזונט! — האָט זי טרוקען, מיט ביטערניש צוגעלייגט און, איינבויגענדיג דעם קאָפּ, האָט זי זיך געלאָזען מיט׳ן שטעגעל.

— אָלגא, האָב רחמנות. גאָט איז מיט דיר, אָלגא! וואָס הייסט מיר וועלען זיך מער ניט זען? דערצו האָב איך... אָלגא!

זי האָט זיך ניט איינגעהערט צו זיינע רייד און גענומען געהן גיכער. דער זאמד האָט געקנאקט אונטער אירע פיס.

— אָלגא סערגעיעווונא! — האָט ער א געשריי געטאָן.

זי הערט ניט; געהט ווייטער.

— ווי גאָט איז דיר ליב, קער זיך אום! — האָט ער געשריען ניט מיט א שטימע נאָר מיט טרערען. — אפילו א פארברעכער דארף מען דאָך אויך אויסהערען! גאָט מיינער! האָט זי דען א הארץ?... אָט דאָס זיינען פרויען!

ער האָט זיך אוועקגעזעצט און פארדעקט מיטביידע הענט די אויגען. קיין טריט האָבען זיך שוין מער ניט געהערט.

— זי איז אוועק! — ער האָט כמעט אין שרעק ארויס־גערעדט און אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

אָלגא שטעהט פאר אים.

א פריידיגער האָט ער זי אָנגעכאפּט פאר דער האנט.

— דו ביסט ניט אוועקגעגאנגען, און וועסט ניט אוועק־געהן?... — האָט ער גערעדט. — געה ניט אוועק. געדענק, אויב דו וועסט אוועקגעהן, — וועל איך ניט קאָנען מער לעבען.

— און אויב איך וועל ניט אוועקגעהן, בין איך א פאר־ברעכערין, דו אויך, האָב דאָס אין זינען, איליא.

— ניין, ניט אמת.

— וואָס הייסט ניט אמת? אויב סאָניטשקא מיט׳ן מאן וועלען נאָכאמאָל אונז טרעפען צוזאמען — בין איך פארלאָרען, ער האָט א ציטער געטאָן.

— גאָט מיינער! ווי ווייט מיר זיינען שוין פארקראָכען! דו דאַרפסט שוין רויט ווערען! — האָט ער ארויסגערעדט מיט שרעק. — ווי אומפאָרזיכטיג מיר זיינען עס! וואָס וועט זיין דער סוף דערפון?

ער האָט, פרעגענדיג, געקוקט אויף איר.

— איך ווייסט ניט, — האָט זי שטיל געענטפערט.

אָבלאָמאָוו האָט געטראכט בארואיגען זיך אביסעל, צו לעזען די פראגע צוזאמען מיט אָלגאַ'ן, און דערוויל זיך אָנזאַפען אין אירע אויגען און אירע קלאָרע ווערטער מיט קראפט, אָבער מיטאַמאָל, ניט קריגענדיג אַ קלאָרען ענטפער, איז ער אָפּהענדיג געוואָרען.

זיין געזיכט איז באַצויגען געוואָרען מיט אומזיכערהייט און אומענטשלאָסענהייט, זיין בליק האָט שטאַר געקוקט ארום זיך. אינווייניג אין אים האָט אַלץ געציטערט. ער האָט שוין כמעט געהאַט פארגעסען אָן אָלגאַ'ן, פאַר זיינע אויגען האָבען זיך אַלץ געדרעהט כאָניטשקאַ און איר מאַן, די געסט; אין די אויערען האָבען אים געקלונגען זייערע רייד, זייער געלעכטער.

אָלגאַ, וואָס האָט זיך שטענדיג געקאָנט געפינען, ווייס ניט וואָס צו טאָן, זי שווייגט, קוקט קאַלט אויף אים און נאָך קעלטער זאָגט זי אַלץ איר „איך ווייס ניט". און ער האָט זיך ניט געמיט, אָדער ער האָט ניט געקאָנט אריינדרינגען אין דעם באהאַלטענעם מיין פון דעם דאָזיגען „איך ווייס ניט".

און ער האָט אויך געשוויגען. אָן פרעמדער הילף וועט קיינמאָל ביי אים קיין געדאנק אָדער אבזיכט ניט צייטיג ווערען, ווי אַ צייטיג געוואָרענער עפעל, ניט ארונטערפאַלען אליין: מען דאַרף אים ארונטעררייסען.

אָלגאַ האָט געקוקט אויף אים אַ פּאָר מינוט, דערנאָך אָנגעטאָן די מאַנטיליע, ארונטערגענומען פון דער צווייג דעם שאַל, פּאַמעליך זי אָנגעטאָן אויפ'ן קאָפּ און גענומען דעם שירעם.

— וואוהין אזוי פרי? — האָט מיטאַמאָל, ווי אויפכאַפּענדיג זיך, געפרעגט אָבלאָמאָוו.

— ניין, עס איז שוין שפּעט. דו האָסט געזאָגט דעם אמת,—

צען אוועק, וואָלט זי מיך ניט געגאַנגען זוכען, און איך וואָלט ניט געקומען איר זאָגען וואו איך בין געווען און וואָס איך האָב געטאָן. ווער קען נאָך פרעגען?

— אנדרעע... אָלע... ניט לאַנג צוריק האָט סאָניטשקא מיט א שמייכעל געקוקט אויף דיר און אויף מיר, און די אַלע הערען, און די אַלע דאמען, וואָס זיינען געווען מיט איר, האָבען אויך אזוי געקוקט.

ער האָט איר דערצעהלט וועגען דעם שרעק, וואָס איז אים באפאַלען פון יענער צייט אָן.

— ווי לאַנג זי האָט געקוקט בלויז אויף מיר, האָט עס מיך זער ווייניג געאַרט, — האָט ער צוגעלייגט, — אָבער ווי נאָר זי האָט גענומען אויך אויף דיר קוקען מיט'ן זעלבען בליק, האָבען זיך מיר אָפּגענומען הענט און פיס...

— נו? — האָט זי געפרעגט קאַלט.

— מאַטער איך זיך פון דאמאָלט אָן, איך ברעך זיך דעם קאָפּ, ווי צו פאַרמאַכען מענשליכע מיילער... איך האָב שוין געוואָלט לאַנג מיט דיר רעדען...

— ארויסגעוואָרפענע ארבייט! — האָט זי געענטפערט.

— איך וויים שוין אַליין אָן דיר...

— וואָס הייסט, דו ווייסט? — האָט אָבלאָמאָוו, אָן ער־שטוינטער, געפרעגט.

— סאָניטשקא האָט מיט מיר גערעדט, אויסגעפרעגט זיך, געשטאָכען מיך, זי האָט מיך אפילו געלערענט ווי איך זאָל זיך פירען מיט דיר.

— און דו האָסט מיר וועגען דעם אפילו קיין וואָרט ניט געזאָגט, אָלגא! — האָט איר אָבלאָמאָוו פאָרגעוואָרפען.

— דו האָסט מיר ביז איצט אויך קיין וואָרט ניט געזאָגט וועגען דיינע דאגות!

— וואָס האָסטו איר געענטפערט? — האָט געפרעגט אָב־לאָמאָוו.

— גאָרנישט ניט געענטפערט! וואָס האָב איך גע־קאָנט איר ענטפערען אויף דעם? איך בין בלויז רויט געוואָרען.

זי איז צוגעקומען צו דעם פֿינסטערען אוועגט אין גאָרטען איז זי רויט געוואָרען.

— דו רעדסט בלויז נאַרישקייטען! — האָט זי אויף גיך באַמערקט, קוקענדיג אין אַ זייט. איך האָב קיין שום בליצען אין דיינע אויגען ניט געזען... מערסטענטייל קוקסטו אויף מיר פּונקט אַזוי... ווי מיין אַם פּלעגט אויף מיר קוקען! — האָט זי צוגעלייגט און צולאַכט זיך.

— דו טרייבסט שפּאַס, אָלגאַ! איך שפּאַס ניט, איך רעד... און ניט אַלץ האָב איך שוין אַרויסגערעדט.

— וואָס נאָך? — האָט זי געפרעגט. — וואָס פאַר אַ תהום איז דאָרט?

ער האָט אָפּגעזיפצט.

— און דאָס וואָס מיר דאַרפען זיך ניט זען אונטער פיר אויגען...?

— פאַרוואָס עפּעס?

— עס איז ניט גלייך אַזוי.

זי האָט זיך פאַרטראַכט.

— יאָ, מען זאָגט, אַז עס איז ניט גלייך אַזוי, — האָט זי אַרויסגערעדט אַ פאַרטראַכטע. — אָבער וואָרום?

— וואָס וועט מען זאָגען, ווען מען וועט געוואָר ווערען, ווען עס וועט צוטראָגען ווערען?

— ווער וועט זאָגען? איך האָב קיין מאַמע ניט. זי אַליין וואָלט מיך געקאָנט פרעגען, צו וואָס איך זע זיך מיט דיר, און איך וואָלט זיך צוּוויינט פאַר איר און וואָלט איר געזאָגט, אַז איך האָב קיין שלעכטס ניט געטאָן, און דו האָסט קיין שלעכטס ניט געטאָן. ווער אַנדערש האָט אַ רעכט צו פרעגען? — האָט זיך אָלגאַ אָפּגערופען.

— די טאַנטע — האָט אָבלאָמאָוו געזאָגט.

— די טאַנטע?

מיט טרויער האָט אָלגאַ אַ שאָקעל געטאָן דעם קאָפּ אויף ניין.

— זי וועט קיינמאָל ניט פרעגען. ווען איך זאָל אין נאָנ-

— אמת, איך האָב געמיינט... — האָט ער אָנגעהויבען מיט א נאכלעסיגער מינע, — אז...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט געשוויגען.

— אז מיר דארפען זיך טרעפען זעלטענער... — ער האָט געוואָרפען א צושראָקענעם בליק אויף איר.

זי האָט געשוויגען.

— פארוואָס עפּעס? — האָט זי געפרעגט נאָכדעם ווי זי האָט א ווײַלע א טראכט געטאָן.

— מיך בײַסט א שלאנג: דאָס איז דאָס געוויסען... מיר בלײַבען אזוי לאנג אונטער פיר אויגען; איך ווער אומרואיג, דאָס הארץ בלײַבט שטעהן אין מײַן ברוסט; דו בײַסט אויף אומרואיג... איך שרעק זיך... — האָט ער קוים מיט מי פאר־ענדיגט.

— וואָס?

— דו ביסט יונג, אָלגא, און דו ווייסט ניט אַלע גע־פאַרען. עס טרעפט, אז מען איז ניט דער באַלעבאָס איבער זיך; עס באַזעצט זיך אין דיר עפּעס א טײַוועלשע קראפט, אַ נעבעל באדעקט דאָס האַרץ, און אין די אויגען גלאנצען בלי־צען. · דער שכל איז טויט; אכטונג צו ריינקייט, צו אומשולד — דאָס אַלץ האָט דער ווינט פארטראָגען. דער מענש ווייס ניט וואָס עס טוט זיך מיט אים. עס אטעמט אויף אים די לײַדענ־שאפט, ער הערט אויף צו זיין דער הערשער איבער זיך — און דאמאָלט שפּרייט זיך אויס אונטער די פיס א תהום.

ער האָט אַזש אויפגעציטערט.

— איז וואָס? זאָל זיך, — האָט זי געזאָגט קוקענדיג אויף אים מיט ביידע אויגען.

ער האָט געשוויגען. ניט געוואוסט וואָס ווייטער צו טאָן.

לאנג האָט זי געקוקט אויף אים, אזוי ווי זי וואָלט געלע־זען אין די קנייטשען פון זיין שטערען, ווי מען לעזט אין א בוך, און דערמאָנט האָט זי זיך אויף איטליך וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגערעדט, זיין יעדען בליק, און אין געדאנק איז זי דורכגעלאָפען די גאנצע געשיכטע פון זייער ליבע, און ווען

# א. א. גאַנטשאַראָוו

וואָס איך פלוידער, און דו גלויבסט שוין! איך האָב גאָר־ נישט דאָס געוואָלט זאָגען...

— וואָס דען האָסטו געוואָלט זאָגען?

— איך האָב דיר געוואָלט זאָגען, אז איך פיל זיך שולדיג געגען דיר, שוין פון לאַנג שולדיג...

— אין וואָס? ווי אזוי? — האָט זי געפרעגט. — האָסט מיך מער ניט ליב? טרייבסט שפּאַס? זאָג שוין גיכער!

— ניין, ניין, ניט דאָס! — האָט ער א טרויעריגער ארויסגערעדט — פארשטעהסט, אָט דאָס... — האָט ער אָנ־ געהויבען אומאַנטשלאָסען, — דאָס, וואָס מיר באגעגענען זיך שטענדיג באהאַלטענערהייט..

— באהאַלטענערהייט? פארוואָס עפּעס באהאַלטענער־ הייט? איך זאָג כמעט שטענדיג דער טאַנטע, ווען איך האָב דיך געזען.

— כמעט יעדען מאָל, זאָגסטו? — האָט ער אומרואיג גע־ פרעגט.

— עס איז דען שלעכט אזוי?

— איך בין שולדיג! איך האָב דיר שוין לאַנג געדאַרפט זאָגען, אז אזוי טוט מען ניט.

— דו האָסט עס מיר שוין אמאָל געזאָגט, — האָט זי געענטפערט.

— געזאָגט? ווירקליך אזוי... איך האָב דיר אָנגעדייט אויף דעם. הייסט עס, אז איך האָב מיין פליכט געטאָן.

ער האָט געקראָגען מוט און איז געווען צופרידען, וואָס אָלגאַ האָט אזוי לייכט אַרונטערגענומען פון זיינע פּלייצעס דעם יאָך פון פאַראַנטוואָרטליכקייט.

— וואָס נאָך האָסטו צו זאָגען? — האָט זי געפרעגט.

— וואָס נאָך האָב איך צו זאָגען? דאָס אַליז... — האָט געענטפערט אָבלאָמאָוו.

— ניט אמת! — האָט אָלגאַ ענטשידען ארויסגערעדט. — האָסט נאָך וואָס צו זאָגען; ניט אַליז האָסטו ארויסגערעדט.

מוטיג, טעטיג; זע איך דיך ניט — בין איך פויל, ווערט מיר לאנגווייליג, עס ווילט זיך אוועקלייגען אויף דער סאָפּע און וועגען גאָרנישט ניט טראכטען... ליב, און שעם זיך ניט מיט דיין ליבע.

מיט אמאָל איז ער שטיל געוואָרען. „וואָס רעד איך דאָ? ניט צוליב דעם בין איך דאָך אהער געקומען!” האָט ער א טראכט געטאָן און גענומען הוסטען; ער האָט גענומען צו־זאמענציען די ברעמען.

— און אויב איך זאָל מיטאמאָל גאָר שטארבען? — האָט זי געפרעגט.

— וואָס פאר אן איינפאל! — האָט אבלאָמאָוו נאכלעסיג געזאָגט.

— יאָ, — האָט זי געזאָגט, — איך וועל זיך פארקילען, וועל קריגען היץ; דו וועסט אהער קומען — איך וועל ניט זיין, וועסט געהן צו אונז, וועט מען דיר זאָגען, אז איך בין קראנק; צומאָרגענס דאָס זעלבע. די לאָדען פון מיין צי־מער זיינען פארמאכט; דער דאָקטאָר שאָקעלט טרויעריג דעם קאָפּ; קאטיא וועט ארויס צו דיר א פארוויינטע, אויף די שפּיץ נעגעל און וועט שעפּטשען: זי איז קראנק, זי שטארבט...

— אך! — האָט אבלאָמאָוו מיטאמאָל א זיפף געטאָן.

זי האָט זיך צולאכט.

— וואָס וועט דאמאָלט מיט דיר ווערען? — האָט זי גע־פרעגט, קוקענדיג אים אין פּנים אריין.

— וואָס? איך וועל משוגע ווערען! איך וועל זיך דער־שיסען! און דו וועסט דערווייל געזונט ווערען.

— גענוג, גענוג, הער אויף! — האָט זי מיט שרעק ארויס־גערעדט. — וואָס מיר האָבען דאָ אָנגעפּלוידערט! דו באווייז זיך נאָר ניט פאר מיר א טויטער: איך האָב אזוי מורא פאר טויטע...

ער האָט זיך צולאכט, זי אויך.

— גאָט מיינער, וואָס פאר א קינדער מיר זיינען דאָס! —

— ניין.

— געזונגען?

— ניין. איך האָב געלייגט קאָרטען! — האָט זי געזאָגט.

— דעם גראַפס הויז־האַלטערין איז נעבעכטן געווען. זי קאָן לייגען קאָרטען, האָב איך זי געבעטען.

— נו?

— ניט קיין אויסערגעוועהנליכעס. עס איז ארויסגעקומען א רייזע, דערנאָך עפּעס א מאסע מענשען און אומעטום א בלאָנ־דין, אומעטום... איך בין אין גאנצען רויט געוואָרען, ווען זי האָט מיר מיטאַמאָל געזאָגט, אַז עס טראַכט וועגען מיר דער מלך שע־לען. ווען זי האָט מיר געוואָלט זאָגען וועגען וועמען איך טראַכט, האָב איך צוזאַמענגעמישט די קאָרטען און אַנטלאָפען. דו טראַכסט טאַקע וועגען מיר? — האָט זי מיטאַמאָל אים א פרעג געטאָן.

— אך! — האָט ער זיך אָפּגערופען. — ווען מען זאָל קאָנען אביסעל ווייניגער טראַכטען.

— און איך... — האָט זי פארטראַכטערהייט אָנגעהויבען צו רעדען. — איך האָב שוין פארגעסען ווי מען לעבט אַנדערש. ווען דו ביסט לעצטע וואָך עפּעס ברוגז געוואָרען און ניט געווען ביי אונז גאַנצע צוויי טעג, בין איך אין גאנצען געוואָרען אַן אַנדערע, א שלעכטע. איך קריג זיך מיט קאַטיע׳ן, ווי דו מיט זאַכאַר׳ן. איך זע, ווי זי וויינט אין דער שטיל, אָבער מיך אַרט זער ווייניג אירע טרערען. טאַנטע רעדט, איך הער זיך ניט איין, ענטפער איר ניט, טו גאָרנישט ניט, געה פון הויז ניט ארויס. און ווי דו ביסט נאָר געקומען, בין איך גלייך גע־וואָרען אַן אַנדערע. קאַטיע׳ן אָוועקגעשאָנקען מיין לילא קלייד...

— דאָס איז ליבע! — האָט פּאַטעטיש ארויסגערעדט אָב־לאָמאָוו.

— וואָס? דאָס לילא קלייד?

— אלץ! אין דיינע ווערטער דערקאָן איך זיך: אָן דיר איז דער טאָג מיר קיין טאָג ניט און ביי נאַכט חלומ׳ן זיך מיר אלץ עפּעס בליענדיגע טאָלען. דערזע איך דיך, בין איך

ער איז געלאָפען אויפזוכען אָלגאַ'ן. אין דער היים האָט מען אים געזאָגט, אַז זי איז אַוועקגעגאַנגען. ער לאָזט זיך אין דאָרף — זי איז ניטאָ. זעט ער, אַז אין דער ווייטען געהט זי, ווי אַ מלאך צום הימעל, ארויף אויפ'ן באַרג; ווי לייכט שפּארט זי זיך אָן מיט'ן פוס, ווי באַוועגט זיך איר טאַליע!

ער לאָזט זיך נאָך איר. זי רירט קוים אָן די ערד און עס דאַכט זיך, אַז זי שוועבט אויף אַן אמת ערגעץ אַוועק. פון מיטען באַרג האָט ער זי גענומען רופען.

זי וואַרט אויף אים; און ווען ער איז ניט מער ווי אַ צוויי קלאַפטער פון איר, גיט זי ווייטער אַ שוועב פאָראויס און ווידער איז שוין אַ גרויסע שטרעקע צווישען איר און אים, זי שטעלט זיך ווייטער אָפּ און שמייכעלט.

ענדליך האָט ער זיך אין גאַנצען אָפּגעשטעלט, זייענדיג זיכער, אַז זי וועט זיך פון אים ניט אויסבאַהאַלטען. און זי איז אים טאַקע אַנטקעגען געלאָפען, דערלאַנגט אים די האַנד, און, לאַכענדיג, אים געשלעפּט נאָך זיך.

זיי זיינען אַריין אין וועלדעל. ער האָט אַרונטערגענומען דעם הוט, און זי האָט מיט אַ טיכעל גענומען אים אָפּווישען דאָס געזיכט און געוועהט אים מיט'ן שירעם אין געזיכט.

אָלגאַ איז היינט געווען עפּעס באַזונדערס לעבעדיג, באַרעד־זאַם, שאַרף, מיטאַמאָל געוואָרען צערטליך, דערנאָך אומערוואַר־טעטערהייט פאַרזונקען געוואָרען אין גערדאַנקען.

— טרעף, וואָס האָב איך געטאָן נעכטען? — האָט זי געפרעגט, ווען זיי האָבען זיך אַוועקגעזעצט אין שאָטען.

— געלעזען?

זי האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ אויף ניין.

— געשריבען?

ביי אנשטענדיגע מענשען. ווידער ווערט ער אויפגערעגט פון דעם געדאנק, אז אין אָנפאנג וועט אָלגא טרויעריג ווערען, ווען זי וועט דערהערען, אז מען דארף זיך מער ניט זען. דערנאָך וועט ער שנעל איר ערקלערען זיינע אבזיכטען, אבער פריער וועט ער אויספארשען דעם גאנג פון אירע געדאנקען, וועט זיך בארוישען מיט איר פארלאָרנקייט, און דערנאָך...

ווייטער חלומ'ט זיך אים אלץ איר שעמעוודיגע צושטימונג, איר שמייכעל און אירע טרערען, די שווייגענדיג אויסגעשטרעקטע האנט, א לאנג, געהיימניספול פליסטערען און קושען פאר די אויגען פון דער גאנצער וועלט.

# אבלאמאָן

דאָ א געזעצליכער אויסוועג: אויסשטרעקן אלגא'ן די האַנד מיט א רינג...

„געוויס, געוויס, — האָט ער מיט א פריידיגען ציטער ארויסגערעדט, — און דער ענטפּער אויף דעם וועט זיין א בליק מיט א פארשעמטער צושטימונג... זי וועט קיין וואָרט ניט זאָגען, זי וועט אויפבּרויזען, א שמייכעל טאָן ביז דער טי־פעניש פון איר הארץ, דערנאָך וועט איר בליק זיך אָנפּילען מיט טרערען..."

טרערען און אַ שמייכעל, די שווייגענדיג אויסגעשטרעקטע האנט, דערנאָך די לעבעדיגע פרייד, די גליקזעליגקייט און די באוועגונגען, שפּעטער א לאנגער־לאנגער געשפּרעך, א פליס־טערען אונטער פיר אויגען, אָט יענער פארטרויליכער נשמה־געשפּרעך, דער געהיימער אָפּמאַך צוזאמענצוגיסען צוויי לע־בענס אין איינס!

אין באַגאַטעלען, אין געשפּרעכען וועגען וואָכעדיגע זאכען וועט דורכשיינען די ליבע; קיינער אויסער זיי וועט זי אבער ניט באמערקען. און קיינער וועט ניט וואגען צו באליידיגען זיי מיט א בליק...

און מיטאמאָל איז זיין פּנים געווארען אזוי שטרענג, גע־וואָרען אזוי ערנסט.

„יאָ, — האָט ער גערעדט מיט זיך אליין, — אָט וואו עס ליגט די וועלט פון ווירדיגען און באשטענדיגען גליק! עס איז א שאנדע, וואס איך האָב ביז אהער, ווי א אינגעל, געזוכט באַ־גענענישען אונטער דעם שיין פון דער לבנה, אונטערגעהערט זיך צום קלאפּען פון א מיידעלשען הארץ, געכאפּט דעם ציטער פון אירע חלומות... גאָט מיינער!"

ער איז רויט געווארען איבער די אויערען.

„נאָך היינט אווענד וועט אָלגא געוואר ווערען, וואס פאר א שטרענגע פליכטען עס לייגט ארויף די ליבע: היינט וועט זיין דער לעצטער צוזאמענקונפט אונטער פיר אויגען, היינט..."

ער האָט צוגעלייגט די האנט צום הארצען: עס שלאָגט שטארק, אָבער גלייכמעסיג, ווי עס דארף שלאָגען א הארץ

און אזוי שטארק און אזוי וועהטאָגדיג, אז ער האָט עס ניט געקאָנט איבערטראָגען און איז אוועק אהיים; ער איז געווען פארטראכט, טרויעריג.

צומאָרגענס האָט אים אָלגא'ס אנגענעמעס און פרעהליכעס פלוידערען ניט געקאָנט אויפמונטערען. אויף אלע אירע פראַ־גען האָט ער זיך בארופען אויף קאָפּ־וועהטאָג און ער האָט געד־דולדיג איבערגעטראָגען ווי מען האָט אויף זיין קאָפּ אויסגע־גאָסען פאר פינף און זיבציג קאָפּ. אָדעקאָלאָן.

דערנאָך, אויפ'ן דריטען טאָג, ווען זיי האָבען זיך אומ־געקערט אהיים שפּעט אין אָוועגט, האָט די טאַנטע עפּעס אזא קלוגען קוק געטאָן אויף זיי, באזונדערס אויף אים, דערנאָך האָט זי ארונטערגעלאָזען אירע עטוואס אנגעשוואָלענע אויגען־לעפּלעך, און די אויגען קוקען אזוי ווי אדורך דורך די אויגען־לעפּלעך, און אפשר א גאנצע מינוט האָט זי פארטראכטערהייט געשמעקט שפּירט.

אָבלאָמאָוו האָט זיך געמאַטערט, אָבער ער האָט געשווי־גען. אָלגא'ן האָט ער ניט געוואגט פארטרויען דאָס אלץ, ער האָט מורא געהאט צו דער־שרעקען זי און, דעם אמת זאָגענדיג, ער האָט זיך געשראָקען אויך פאר זיך אליין, ער האָט מורא געהאט אויפצורודערען דאָס דאָזיגע רואיגע און וואָלקענלאָזע וועלטעל מיט אזא וויכטיגער און ערנסטער פראגע.

איצט איז שוין מער ניט געשטאנען די פראגע צי האָט זי ניט דורך א טעות ליב געקראָגען אים, אָבלאָמאָוו'ן, נאָר, צי איז ניט א טעות, א פעלער זייער גאנצע ליבע, אָט די באגע־געגנישען אין וואלד, אליין, ביז שפּעט אין דער נאכט?

ער איז געבליבען אָן כוחות, ער האָט ווי א קינד געוויינט וועגען דעם, וואָס עס האָבען פארבלייכט די רעגענבויגענדיגע קאָלירען פון זיין לעבען, וואָס אָלגא וועט מוזען זיין א קרבן. זיין גאנצע ליבע איז געווען א פארברעכען, א פלעק אויף זיין געוויסען.

מיטאמאָל האָט עפּעס א לויכט געטאָן אין דעם אויפגע־רעגטען מוח. אָבלאָמאָוו האָט באגריפען, אז צו דעם אלעם איז

# אבלאמאוו

איינמאָל האָבען זיי זיך אומגעקערט פון ערגעץ, זיי זיי־נען געגאַנגען מיט'ן וואלד, און ווי זיי האָבען גענומען אריבער־געהן דעם ברייטען וועג, איז זיי אנטקעגען געקומען א וואָלקען פון שטויב און אין דעם וואָלקען האָט זיך געטראָגען א קאָליאס, און אין דעם קאָליאס איז געזעסען סאניטשקא מיט איר מאַן, נאָך עפּעס א הער, און נאָך עפּעס א דאמע...

— אָלגא ! אָלגא ! אָלגא סערגעיעוונא ! — האָבען זיך דערהערט קולות.

דער קאָליאס האָט זיך אפגעשטעלט. די אלע הערען און די אלע דאמען זיינען ארויסגעגאנגען פון אים, זיי האָבען ארומגערינגעלט אָלגא'ן, גענומען זיך באגריסען, קושען, אָנגע־הויבען מיטאמאָל צו רעדען, און האָבען א לאנגע צייט ניט באַ־מערקט אָבלאָמאָווען. שפּעטער האָבען אלע א קוק געטאָן אויף אים, איין הער האָט א קוק געטאָן אויף אים דורך א לאָרנעט.

— ווער איז דאָס ? — האָט שטיל געפרעגט סאָניא.

— איליא איליטש אָבלאָמאָוו ! — האָט אים פארגע־שטעלט אָלגא.

אלע זיינען צוגעגאנגען צום הויז צו פוס. אָבלאָמאָוו האָט זיך ניט געפילט פריי ; ער איז אפגעשטאנען פון דער געזעל־שאפט, ער האָט שוין געהאט אריבערגעשטעלט דעם פוס אי־בער'ן צאם, כדי זיך אפּצוטראָגען אהיים. אָלגא'ס בליק האָט אים אומגעקערט צוריק.

סוף כל סוף איז עס גארנישט מיט גארנישט, אָבער די אלע הערען און דאמען האָבען געקוקט אויף אים אזוי מאָדנע, אָבער דאָס איז סוף כל סוף אויך גארנישט מיט גאָרנישט. פריער האָט מען אייגענטליך אויף אים קיינמאָל אנדערש ניט געקוקט א דאנק זיין פארשלאָפענעם און לאנגווייליגען אויסזען און זיין נאכלעסיגער קליידונג.

אָבער דעם דאָזיגען זאָנדערבארען בליק האָבען די הערען און די דאמען אריבערגעטראָגען פון אים אויף אָלגא'ן. פון דעם דאָזיגען בליק אויף אָלגא'ן איז אים מיט אמאָל קאלט געוואָרען אין הארצען ; עפּעס האָט אים גענומען פייניגען,

קייט, א צערטליכקייט, וואָס זי האָט נאָך ביז איצט ניט באַמערקט אין מענערישע אויגען.

אָבער וואָס זאָל דאָס באַדייטען, וואָס ניט אויף איר יעדען בליק ענטפערט ער מיט א פאַרשטענדליכען בליק, וואָס עס קלינגט ניט אין זיין שטימע שטענדיג דאָס, וואָס עס דאכט זיך איר, אז זי האָט שוין אמאָל געהערט אויפ׳ן וואָר און אפשר אין חלום... וואָס איז דאָ צו טראכטען? דאָס קומט פון אירע אָנגעקרענקטע נערוועז...

איבעריגענס, ווען זי זאָל אפילו וועלען אויסגעהן פון אָט דער ליבע — ווי אזוי? די זאך איז שוין אן אפּגעטאָנענע: זי האָט שוין ליב און ארונטערוואַרפען פון זיך די ליבע, ווי מען וואַרפט אראָפּ א מאַנטעל, קאָן מען ניט. „צוויי מאָל אין לעבען האָט מען ניט ליב", האָט זי ביי זיך געטראַכט — „דאָס, זאָגט מען, איז אוממאָראליש"...

אזוי האָט זי זיך געלערענט די ליבע, מיט פּיין זי אויספּרובירט און איר יעדען נייעם טראָט באַגעגענט מיט א טרער אָדער מיט א שמייכעל. שפּעטער ערשט האָט זיך באוויזען יענער קאָנצענטרירטער אויסדרוק, וואָס האָט אָבלאָמאָוו׳ן אזוי געשראָקען.

אָבער וועגען די דאָזיגע געדאנקען, וועגען דעם דאָזיגען קאמף האָט זי אָבלאָמאָוו׳ן אפילו צו אנען ניט געגעבען.

אָבלאָמאָוו האָט זיך ניט געלערענט ווי צו ליבען. ער איז איינגעשלאָפען אין יענעם זיסען דרימעל, וועגען וועלכען ער האָט אמאָל גע׳חלומ׳ט אויפ׳ן קול פאר שטאָלצ׳ן. צייטענווייז האָט ער גענומען גלויבען אין א שטענדיגען זאָרגלאָזען לעבען, אים האָט זיך ווידער גענומען חלומ׳ן אָבלאָמאָווקע, באַוואוינט מיט גוטע, פריינדליכע און זאָרגלאָזע פנים׳ער, דאָס זיצען אויף דער טעראסע.

אויך איצט פלעגט ער אריינפאלען אין אָט די פאנטאזיעס און צוויי מאָל, אין געהיים פון אָלגא׳ן, איז ער איינגעשלאָפען אין וואלד, ווארטענדיג אויף איר... ווי מיטאמאָל איז אָנגעלאָפען אן אומערווארטעטער וואָלקען...

רעסירט ווען מען געהט מאכען אַ נייע אייזענבאַן אין דייטש־לאנד, אָדער פראנקרייך. אָבער ווענען א שאָסיי פון אָבלאָ־מאָווקע אין א גרויסען דאָרף אריין האָט ער אפילו ניט גע־טראכט און שטאָלצ'ן האָט ער נאָך אלץ ניט געענטפערט אויף זיין בריף.

ער האָט זיך ערווארבען בלויז דאָס, וואָס האָט זיך גע־דרעהט אין די אלטעגליכע געשפּרעכען אין אָלגא'ס הויז, וואָס מען האָט געלעזען אין די צייטונגען, וואָס זיינען צו זיי אָנגע־קומען, און גאַנץ אויפמערקזאם, א דאנק אָלגא'ן, האָט ער נאָכ־געפאָלגט די אייראפּעאישע ליטעראטור.

ניט קוקענדיג אויף די פילע פארענדערונגען וואס זיינען אָפּטמאָל אריינגעטראָטען אין אָט דער ראָזעווער אטמאָספערע פון ליבע, איז אָבער דער הויפּט טאָן געוועזען א זארגלאָזער הימעל. אויב אָלגא'ן איז אמאָל אויסגעקומען צו פארטראכ־טען זיך ווע:ען אָבלאָמאָוו'ן, ווענען איר ליבע צו אים, אויב פון דער דאָזיגער ליבע איז געבליבען א ליידיג אָרט אין האר־צען, אויב אירע פראגען האָבען ניט שטענדיג געפונען א פאר־טיגען ענטפער אין זיין קאָפּ, און זיין ווילען האָט געשוויגען אויפ'ן רוף פון איר ווילען און אויף איר מוטיגקייט און לע־בענס־דורשט האָט ער געענטפערט בלויז מיט אַן אומבאוועג־ליכען און ליידענשאַפטליכען בליק — איז זי א־יינגעפאַלען אין א טיפער מרה־שחורה. עפּעס קאלטעס, ווי א שלאנג, איז אריינגעקראָכען צו איר אין הארצען, אויסגעניכטערט זי פון אלע הלומות און די ווארעמע מערכענהאפטע וועלט פון ליבע איז פארוואנדעלט געווארען אין עפּעס א טריבען הערבסט טאָג, ווען די גאנצע וועלט זעט זיך בלויז אין גרויען.

זי האָט געזוכט די אורזאך דערפון. וואָס פעלט איר נאָך? וואָס נאָך קאָן זי וועלען? איז דאָך דאָס איר גורל, וואָס זי האָט ליב אָבלאָמאָוו'ן. די דאָזיגע ליבע ווערט באַ־רעכטיגט דורך זיין מילדקייט, דורך זיין גלויבען אין אלץ, וואָס עס איז גוט, און מער פאר אלעמען, דורך זיין צערטליכ־

איבער א שפּור פון זינד און שלעכטס, טיילמאל אזא, וואָס קאָן מער ניט אפּגעמעקט ווערען.

דערפאר אָבער איז אָבלאָמאָוו שטענדיג געווען גערעכט, ווען עס איז געקומען צו האנדלען; קיין איין־איינציגער פלעק, קיין איין־איינציגער פאָרוואורף אין הארצלאָזען קאלטען ציניזם איז ניט געלעגען אויף זיין געוויסען. ער האָט ניט געקאָנט הערען די טאָג־טעגליכע געשפּרעכען וועגען דעם, אז דער האָט געביטען זיינע פערד, דער — זיין מעבעל און יענער גאר — א פרוי... און וואָס פאר אַ קאָסטען עס האָט געבראכט מיט זיך דאָס איבערבייטען...

ניט איינמאל האָט ער געליטען, ווען ער האָט געזען ווי א מאַן האָט פארלאָרען זיין שטאָלץ און זיין ערע; און געוויינט האָט ער, ווען ער האָט געהערט, אז עמיצעגס א פרוי, וואָס ער האָט אפילו ניט געקאָנט, איז נידעריג געפאלען, אָבער געטאָן האָט ער עס אין דער שטיל, ווייל ער האָט זיך געשעמט פאר דער וועלט.

מען האָט אים געדארפט קאָנען פארשטעהן. אָלגא האָט אים פארשטאַנען.

מענער לאַכען פון אַזוינע פארשוינען, אָבער פרויען דערקאָנען זיי גלייך; ריינע, אומשולדיגע פרויען האָבען אזוינע מענער ליב — פון מיטגעפיל; קאליע געוואָרענע פרויען זוכען צוזאַמענצוקומען זיך מיט זיי, כדי זיך אָפּצופרישען אביסעל פון דער פארדאָרבענהייט.

דער זומער האָט זיך גערוקט, אוועקגעגאנגען. די באגינענס און די פרי־מאָרגענס זיינען געוואָרען טונקעל און פייכט. אַלץ איז שוין געווען פארוועלקט. אָלגא און אָבלאָמאָוו האָבען זיך געזען אלע טאָג.

ער האָט דעריאָגט דאָס לעבען, דאָס הייסט, ער האָט זיך ערוואָרבען ווידער דאָס, וואָס ער האָט אָפּגעלאָזען מיט א לאנגע צייט צוריק. ער ווייסט שוין איצט ווארום דער פראנצויזישער געזאנדטער האָט פארלאָזען רוים, ווארום די ענגלענדער שיקען שיפען אין מיליטער קיין מזרח; ער האָט זיך אַינטער־

# אַבלאַמאָוו

טאָן. — ס'איז אַ גליקליכע איז זי! זי וואָלט גלייך באַשלאָסען, ווי צו האַנדלען!"

און אַבלאָמאָוו? וואָס איז ער געוועזן אזוי שטום און אומבאַוועגליך מיט איר נעכטען?

אַבלאָמאָוו, כאָטש ער האָט פאַרבראַכט זיין יוגענט צווישען דער אַל־ווייסענדער, אומגלויביגער, קאַלטער, אַנאַליזירענדער יוגענט, האָט אָבער אַלץ געטראָגען ביי זיך אין האַרצען אַ טיפען גלויבען אין פריינדשאַפט, אין ליבע, אין ערע, און וויפיל מאָל ער האָט ניט געהאַט קיין טעות אין מענשען, און וויפיל מאָל עס מעגען אים מענשען נאָך גענאַרען, וועט עס אים וועה טאָן, אָבער עס וועט ניט שוואַכער מאַכען זיין גלויבען אין דער ליבע און אין פריינדשאַפט. אין דער טיפעניש פון האַרצען האָט ער זיך געבוקט פאַר דער ריינקייט פון דער פרוי, אַנערקענט איר מאַכט און דאָס רעכט אָנצונעמען קרבנות.

אָבער ער האָט ניט געהאַט גענוג מוט, אָפען אַנערקענען אַכטונג צו דער אומשולד. אין דער שטיל האָט ער זיך געלאָבט מיט איר אַראָמאַט, אָבער אין דער עפענטליכקייט איז ער טייל־מאָל צוגעטראָטען צום כאָר פון ציניקער און אין זייער ווילדען כאָר האָט ער אויך צוגעלייגט זיין לייכטזיניג וואָרט.

ער האָט אויף קלאָר קיינמאָל ניט פאַרנומען וויפיל עס באַדייט אַן איינציג וואָרט פון ליבע, אמת און ריינקייט, וואָס פאַלט אַמאָל אַריין אין אַ גאַנצען שטראָם פון מענשליכע רייד, וואָס פאַר אַ טיפע וואָרצלען עס שלאָגט; אים איז גאָרנישט ניט איינגעפאַלען, אַז ווען עס ווערט אַרויסגערעדט הויך, טאַפּפער און מוטיג, וועט עס ניט דערטרונקען ווערען אין די אומווירדיגע געשרייען פון די ציניקער, נאָר זיינע זאַמען וועלען פאַלען אין האַרצען פון געזעלשאַפטליכען לעבען.

ביי אַ סך נעמט זיך אָפּ דער לשון, ווען זיי דאַרפען אַרויסריידען אַ וואַרט פון ליבע, זיי ווערען רויט דערביי פאַר חרפּה, אָבער הויך און מוטיג רעדען זיי אַרויס לייכטזיניגע ווערטער און פאַרדעכטיגען דערביי ניט, אַז צום אומגליק געהט אויך דאָס אומווירדיגע וואָרט ניט פאַרלאָרען און לאָזט נאָך זיך

# א. א. גאנטשאַראָוו

ער האָט ניט געגלויבט זייערע רייד און איז אליין אוועק אהין. אָלגא האָט אויסגעזען פריש ווי א בלימעל, מוטיג, די אויגען האָבען געלויכטען, אויף די באקען האָבען געבליט צוויי ראָזע פלעקלעך. און ווי קלינגענדיג איז געווען איר שטימע! אבער זי האָט זיך פארלאָרען, שיער ניט א געשריי געטאָן, ווען אָבלאָמאָוו איז צוגעגאנגען צו איר, און זי האָט א ציטער געטאָן, ווען ער האָט זי געפרעגט, ווי זי פילט זיך נאָכ'ן נעכטיגען צופאל.

— עס איז געווען בלויז א נערוועזע ערשיטערונג, — האָט זי אים אויף גיך געענטפערט. — טאנטע זאָגט, אז מען דארף זיך ניט לייגען שלאָפען אזוי שפעט. בלויז לעצטענס איז דאָס אזוי מיט מיר...

זי האָט ניט געענדיגט און אָפגעקערט זיך, ווי זי וואָלט געבעטען, אז מען זאָל איר ענטשולדיגען. און פארוואָס זי איז אזוי צוטראָגען, ווייס זי אליין ניט. פארוואָס האָט איר, ווי נאָדלען, געשטאָכען די עראינערונג וועגען דעם נעכטיגען אָוונט?

זי האָט זיך געשעמט פאר עפעס, און זי האָט זיך געערגערט אויף עמעצען, אָט אויף זיך אליין, אָט אויף אָבלאָמאָוו'ן. און מיטאמאָל האָט זיך איר גאר אויסגעוויזען, אז אָבלאָמאָוו איז איר געוואָרען פיל ליבער, נענטער, אז עס ציט זי צו אים, פונקט אזוי ווי זי וואָלט פון נעכטען אָוונט אריינגעגאנגען מיט אים אין עפעס א געהיימער פארוואנדשאפט...

זי האָט א לאנגע צייט ניט געקאָנט איינשלאָפען. איןדער־פרי איז זי א לאנגע צייט ארומגעגאנגען אַן אויפגערעגטע אין דער אליי אליין. פון פארק אהיים און צוריק. זי האָט אלץ געטראכט און געטראכט, אנגעשטויכען זיך, אָט האָט זי געמאכט א פינסטערע מינע, אָט האָט א פארב אויפגעלויכטען אויף איר פנים און זי האָט א שמייכעל געטאָן, און אלץ זיך ניט געקאָנט באשליסען.

„אך, סאָניא! — האָט זי מיט ערגערניש א טראכט גע־

— הא? — האט זי, פליסטערענדיג, געענטפערט און א הויכען זיפץ געטאן.

— שוין פאראיבער... — האט זי א פארמאטערטע ארויס־גערעדט. — מיר איז איצט לייכטער, איך קאן פרייער אטעמען...

— קומט. — האט זיך אבלאמאוו געבעטען.

— קומט! — האט זי ניט ווילענדיג ווידערהאלט זיינע ווערטער. — דו, מיין טייערער, — האט זי מיט פרייד ארויס־גערעדט, א דריק געטאן אים די האנט און, אנלעהנענדיג זיך אן זיין אקסעל, איז זי מיט אומזיכערע טריט דערגאנגען ביז'ן הויז.

אין הויז האט ער א קוק געטאן אויף איר; זי איז געווען שוואך, אבער זי האט געשמייכעלט מיט אזא זאנדערבארען שמייכעל, ווי זי וואלט זיך געפונען אונטער'ן איינדרוק פון חלומות.

ער האט זי אוועקגעזעצט אויף דער סאפע, געשטעלט זיך לעבען איר אויף די קני און איינינגע מאל מיט טרערען אין די אויגען געקושט אירע הענט.

און זי האט אלץ מיט דעם זעלבען שמייכעל געקוקט אויף אים, און מיט די אויגען אים באגלייט ביז דער טיר.

שטעהענדיג אין דער טיר האט ער אומגעדרעהט דעם קאפ: זי קוקט אים אלץ נאך, אויף איר פנים איז נאך אלץ די זעלבע אויסגעמאטערטקייט, דער זעלבער פיבעריגער שמיי־כעל, אזוי ווי זי וואלט ניט געקאנט אים בייקומען...

א פארטראכטער איז ער אוועקגעגאנגען. ערגעץ וואו האט ער שוין אמאל געזען אזא שמייכעל; ער האט זיך דער־מאנט, אז ער האט אמאל געזען א בילד, וואס האט פארגע־שטעלט א פרוי מיט אזא שמייכעל...

צומארגענס האט ער געשיקט געוואר ווערען וואס זי מאכט. מען האט באפוילען איבערגעבען:

— גאט זיי דאנק, און מען בעט קומען צום מיטאג און אין אווענט וועלען אלע פארען צו די פייערווערק, וואס וועלען זיין פינף ווערסט פון דאנען.

— וואָלט ניט בעסער געווען אהיים צו געהן? — האָט אָבלאָמאָוו, א דערשראָקענער, איבערגעפּרעגט, — דאַרפסט זיך לייגען אין בעט אריין...

— ניין, ניין, לאָז צורו, ריר מיך ניט... — האָט זי גע־רעדט אזוי שטיל, אז מען האָט קוים געקאָנט הערען. — עס ברענט ביי מיר דאָ... — האָט זי אָנגעוויזען אויף דער ברוסט.

— קום בעסער אהיים, — האָט זיך ביי איר געבעטען איליא.

— ניין, וואַרט צו, עס וועט איבערגעהן...

זי האָט אים געדריקט די האנט און צייטענווייז פון זער נאָענט אריינגעקוקט אין די אויגען. דערנאָך האָט זי גענומען וויינען, אין אָנפאַנג שטיל, דערנאָך אויפ'ן קויל. ער האָט זיך אינגאַנצען פארלאָרען.

— ווי גאָט איז דיר ליב, אָלגא, קום וואָס גיכער אהיים,— האָט ער, ציטערנדיג, געהאלטען אין איין בעטען זיך ביי איר.

— לאָז צורו, — האָט זי אים געענטפערט, אויפשלוכ־צענדיג, — שטער ניט, לאָז זיך מיר אויסוויינען... די טרערען וועלען פארלעשען דאָס פייער, עס וועט מיר לייכטער ווערען; דאָס אלץ קומט פון די נערוועז...

ער האָט אין דער פינסטער געהערט ווי שווער זי אָטעמט; ער האָט געפילט ווי אירע הייסע טרערען טריפען אויף זיין האנט, ווי זי דריקט אים קאָנוואולסיוו זיין האנט.

ער דאָט ניט קיין ריר געטאָן מיט א פינגער, ניט געאָ־טעמט. און איר קאָפּ ליגט אויף זיין פּלייצע, איר אָטעם בריט די באַקען... ער פלעגט אויך אויפציטערען, אָבער ער האָט ניט געוואַגט אָנצורירען מיט די ליפען אירע באַקען.

דערנאָך איז זי געוואָרען אלץ שטילער און שטילער, איר אָטעם איז געווארען רעגעלמעסיגער... זי האָט גענומען שטיל ווערען. ער האָט געמיינט, אפשר איז זי גאָר איינגעשלאָפען און האָט מורא געהאַט זיך א ריר צו טאָן.

— אָלגא! — האָט ער ארויסגעפליסטערט.

טאפּענדיג, דורך אַ שמאָלער אַליי, צווישען צוויי פינסטערע, ניט דורכדרינגבארע וועגט פון וואלד.

— פארוואָס שרעקסטו זיך? — האָט ער געפרעגט. — האָב ניט קיין מורא, אָלגא, איך בין מיט דיר.

— אויך פאר דיר שרעק איך זיך! — האָט זי פליס־טערדיג ארויסגערעדט. — נאָר וואָס פאר אַ גוטע שרעק דאָס איז! מיין הארץ שטארבט אָפּ! גיב די האנט, זע אליין ווי עס שלאָגט.

זי האָט אויפגעציטערט און גענומען זיך ארומקוקען.

— זעסט, זעסט? — האָט זי, אַ דערשראָקענע, גענומען פליסטערען, אָנכאפּענדיג אים מיטביידע הענט פאר'ן אקסעל. — קוק זיך איין, שלייכט זיך ניט עפּעס דאָרט אין דער פינ־סטער?

זי האָט זיך שטארקער צוגעדריקט צו אים.

— האָב ניט קיין מוראָ, קיינער איז דאָרט ניטאָ! — האָט ער גערעדט; אָבער אים אַליין איז קאלט געווארען פאר שרעק.

— פארשטעל מיר וואָס גיכער מיט וואָס עס איז די אוי־גען... שטארקער! — האָט זי געמורמעלט... — יאָ, שוין אַליין פאָראיבער... דאָס זיינען בלויז נערוועז, — האָט זי אַן אויפ־גערעגטע צוגעלייגט. — שוין ווידער! גיב אַ קוק, ווער קאָן דאָס זיין? לאָמיר זיך צוזעצען אויף אַ בענקעל...

ער האָט מיט די הענט אויפגעזוכט אַ באנק און זי אוועק־געזעצט אויף איר.

— קום אהיים, אָלגא, — האָט ער זיך געבעטען ביי איר, — דו ביסט ניט געזונט.

זי האָט אוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף זיין פּלייצע.

— ניין, דאָס איז די לופט פרישער, — האָט זי געזאָגט. — מיר איז אזוי ענג אין דער ברוסט.

זי האָט געאָטעמט גלייך אין זיין באק אריין.

ער האָט זיך צוגערירט צו איר קאָפּ מיט זיין האנט — איר קאָפּ ברענט. איר ברוסט אָטעמט שווער.

דערנאָך גיט זי מיטאַמאָל א זיפץ. קוקט באַוואוסטזיניג אַרום אַרום זיך, וואַרפט א בליק אויף איהם, גיט איהם א דריק די האַנט, גיט שמייכעל, און ווידער באַוועגט זיך אין איר מוט, פרעהליכקייט און זי באַהערשט שוין ווידער זיך.

באַזונדערס איז זי אַ געוויסען אָוועגט אַריינגעפאַלען אין אַזאַ אומרואיגען צושטאַנד, אין אַזאַ ליבעס לונאַטיזם, און זיך באַוויזען פאַר אָבלאָמאָוו'ן אין א נייעם ליכט.

עס איז געוועזען הייס, דריקענד; דונער האָט געדרוישט אין וועלדעל א וואַרעם ווינטעל; דער הימעל האָט זיך באַצויגען מיט שווערע וואָלקען. עס איז וואַס א ווייל'ע געוואָרען פינס־טערער און פינסטערער.

— עס וועט רעגענען, — האָט געזאָגט דער באַראָן און איז אַהיים געפאָרען.

די טאַנטע איז אַוועק צו זיך אין צימער. לאַנג האָט אָלגאַ געשפּילט אויף דעם פּאָרטעפּיאַן, אָבער דערנאָך האָט זי אויפ־געהערט.

— איך קאָן ניט, עס ציטערען מיר די פינגער, מיך שטיקט פּשוט, — האָט זי געזאָגט אָבלאָמאָוו'ן. — קומט אין גאָרטען אַריין.

לאַנג זיינען זיי געגאַנגען שווייגענדיג איבער די אַלייען; זיי זיינען געגאַנגען האַנט ביי האַנט. אירע הענט זיינען פייכט און ווייך. זיי זיינען אַריין אין פּאַרק.

די בוימער און די בוימער האָבען זיך צוזאַמענגעגאָסען אין איין פינסטערער מאַכע; קיין צוויי טריט פאַר זיך האָט מען ניט געקאָנט זעהן. בלויז די זאַמדיגע שטעגלעך האָבען זיך געשלענגעלט מיט א ווייסען אָפּשיין.

אָנגעשטרענגט האָט אָלגאַ אַריינגעקוקט אין דעם חושך און זיך צוגעדריקט צו אָבלאָמאָוו'ן. שווייגענדיג האָבען זיי געבלאָנדזשעט.

— איך שרעק זיך! — האָט, אויפציטערנדיג, געזאָגט אָלגאַ, ווען זיי האָבען זיך דורכגעשלאָגען, כמעט מיט די הענט

זיינען זער ענליך איינע אויף דער צווייטער, קומט איר זער אָפּט אויס רויט צו ווערען.

און אָבלאָמאָוו, ביי דער קלענסטער אָנדייטונג וועגען דעם, פּלעגט זיך אזוי פארלירען, אז אויב עס איז געווען ביים טיי, האָט ער א כאַפּ געטאָן אזא פּאַק צוקער, אז עמעץ פון די אַנוועזענדע האָט זיך צולאכט.

און זיי זיינען געווארען זער וואכיג און גענומען זיך היי־טען. עס פלעגט טרעפען, אז אָלגא האָט ניט דערצעהלט דער טאנטע, אז זי האָט געזען אָבלאָמאָוו'ן, און אָבלאָמאָוו, ווידער, האָט אין דער היים געזאָגט, אז ער פאָרט אין שטאָדט אריין און אוועק איז ער גאָר אין פּארק אריין.

דאָך, ווי קלאָר עס איז ניט געווען אָלגא'ס פארשטאנד, ווי באוואוסטזיניג זי האָט ניט געקוקט ארום זיך, ווי זי איז ניט געווען פריש, געזונט, האָבען זיך אָבער ביי איר גענומען באוויזען קראנקהאפטע סימפּטאָמען. צייטענווייז האָט זי באהערשט אן אומרואיגקייט, וואָס זי האָט ניט געוואוסט איר אורזאך.

טיילמאָל, געהענדיג אין א הייסען נאָכמיטאָג מיט אָב־לאָמאָוו'ן אונטער דער האנט, לעהנט זי זיך פויל אָן אָן זיין אקסעל און געהט אזוי מעכאניש, אָן כוחות, שווייגענדיג. עס פארשווינדט פון איר דער מוט; איר בליק, א פארמאטערטער, אָן לעבען, בלייבט שטעהן אומבאוועגליך, ער איז געווענדט אויף א געוויסען פונקט, און זי איז פויל אים צו ווענדען אויף א צווייטען געגענשטאנד.

עס ווערט איר שווער, עפּעס לייגט זיך אויף איר האר־צען, באאומרואיגט זי. זי ווארפט פון זיך די מאנטיליע, דעם שאל, עס ווערט אָבער ניט גרינגער — עס דריקט אלץ, עס איז ענג. אָ, ווי עס ווילט זיך איר אוועקלייגען זיך אונטער א בוים און אזוי אָפּליגען גאנצע שטונדען.

אָבלאָמאָוו פארלירט זיך, ווערט איר אין פּנים מיט א צווייגעל, מיט אן אומגעדולדיגען צייכען רוקט זי אים אָפּ פון זיך.

ציאונגען איז געווען אזוי פיל ווייכקייט, אזוי פיל אויפמערק־זאמקייט — מיט איין וואָרט, זי איז געווען א פרוי!

אמאָל ניט א בלויז דורך א פונק פון סאַרקאזם דורך אירע רייד; אָבער עס לייכט אין אירע רייד אזא גראציע, אזא פיינע און אנגענעמע פארשטענדעניש, אז יעדער וואָלט מיט פאַר־גענינגען אונטערגעשטעלט דעם קאָפּ!

אָבער זי האָט אין גאנצען ניט מורא פאר א צוג ווינט, און איר שאדט גאָרניט, וואָס זי געהט אזוי לייכט אָנגעטאָן אין די קילע פארנאכטען! זי איז פול מיט געזונט; זי עסט מיט אפּעטיט, האָט זיך אירע באַליבטע מאכלים און זי ווייסט ווי זיי צוצוגרייטען.

זער א סך ווייסען דאָס; אָבער א סך ווייסען ניט, וואָס מען דאַרף טאָן אין אזא אָדער אין אן אנדער פאַל, און ווייסען זיי עס שוין, איז עס אויסגעלערענטעס, אָנגעהערטעס, און ניט אייגענס; זיי ווייסען ניט, פארוואָס זיי טוען אזוי און ניט אנדערש, זיי באַרופען זיך גלייך אויף דעם אויטאָריטעט פון א טאנטע, פון א קוזינע...

פילע מענשען ווייסען אפילו ניט, וואָס זיי זאָלען ווען, און באשליסען זיי זיך שוין אויף עפּעס, טוען זיי עס אזוי אָן אינטערעס, אז עס איז רעכט יאָ, און עס איז רעכט, אז ניט. מסתמא איז דאָס דערפאַר, וואָס ביי זיי ליגען די ברעמען גלייך, בויגענארטיג און האָבען ניט קיין פאַלד אויפ׳ן שטערען.

צווישען אָבלאָמאָוו׳ן און אָלגאַ׳ן האָבען זיך איינגעשטעלט געהיימע, פון פרעמדע אויגען פארבאָרגענע באַציאונגען: יעדער בליק, איטליך אומבאַדייטענד וואָרט, וואָס זיי האָבען ארויסגערעדט אין דער אנוועזענהייט פון פרעמדע מענשען, האָט געהאַט פאַר זיי זיין מיין. זיי האָבען אין יעדער זאַך געזען אן אָנדייטונג אויף ליבע.

און ניט קוקענדיג אויף איר גאנצער זיכערהייט אין זיך, טרעפט אָבער אויך, אז אָלגא שפּרינגט אויף, ווען עס ווערט אמאָל ביים טיש דערצעהלט די געשיכטע פון א ליבע, וואָס איז ענליך אויף איר ליבע; און אזוי ווי אַלע ליבעס געשיכטען

אז זי וועט אַן דעם ניט פאַרגעסען, וועט זיך ניט אפּשטעלען, וועט זיך ניט פאַרלירען, אז זי וועט זיך דערשלאָגען צו דעם, וואָס זי באַגערט.

ער האָט ניט געקאָנט באַגרייפען פון וואַנען עס נעמט זיך צו איר אזא כוח, אזא טאַקט — צו וויסען און קאָנען דורכ־פירען, וואָס מען דאַרף, ביי יעדער געלעגענהייט.

„דאָס קומט דערפון, — האָט ער געטראַכט, — וואס איין ברעם ליגט ביי איר קיינמאָל ניט גלייך, נאָר אביסעל אונטער־געהויבען; און איבער דער ברעם איז דאָ אזא דינער, קוים באַמערקבאַרער פאַלד... אָט דאָרט, אין יענעם פאַלד, ליגט איר איינגעשפּאַרטקייט".

וואָס פאַר א רואיגער און ליכטיגער אויסדרוק זאָל זיך ניט באַווייזען אויף איר פּנים, וועט אבער אַלץ אָט דער פאַלד ניט ארונטער און די ברעם וועט זיך ניט אוועקלייגען גלייך. אָבער איר פעלט אין גאַנצען אויסערליכע קראַפט און שאַרפע מאַנירען. איר איינגעשפּאַרטקייט און אויסגעהאַלטענקייט אין דער אויספירונג פון אירע אבזיכטען, האָט אויף א האָר ניט פאַרהאַרטעוועט איר כאַראַקטער.

עס איז אין איר פאַראַן א געוויסע שרעקעוודיגקייט, וואָס איז איינגען פאַר פילע פרויען: עס איז אמת, זי וועט ניט אויפ־ציטערען, ווען זי וועט דערזען א מייזעל, זי וועט ניט פאַלען אין חלשות, ווען עס וועט אומפאַלען א שטול, אָבער זי וועט מורא האָבען אוועקצוגעהן ווייטער פון הויז, און זי וועט זיך אומ־קערען, ווען זי וועט דערזען א מאַן, וואָס וועט איר אויסווייזען פאַרדעכטיג, זי וועט פאַרמאַכען ביי נאַכט דעם פענסטער, כדי גנבים זאָלען ניט אריינקריכען — און נאָך אזוינע ווייבערישע שטיק.

דערצו איז איר געווען נאָענט דער געפיל פון רחמנות און מיטגעפיל! עס איז געווען זער לייכט ארויסצוקריגען ביי איר טרערען; לייכט איז געווען דער צוגאַנג צו איר האַרץ. אין דער ליבע איז זי געווען אזוי צערטליך; אין אַלע אירע באַ־

אויב זי פרעגט אים אמאָל וועגען דער פולמאכט, איז דאס בלויז דערפאר, כדי זי זאל האָבען וואס צו ענטפערען שטאָלץ'ן וועגען די געשעפטען פון זיין פריינד.

דער זומער איז אין מיטען ברען. עס איז ענדע יולי. דאָס וועטער איז וואונדערבאר. אָבלאָמאָוו צושיידט זיך כמעט ניט מיט אָלגאַ'ן. אין א שעהנעם טאָג איז ער מיט איר אין פארק, אין א הייסען נאָכמיטאג ווערט ער מיט איר פארלאָרען צווישען די בוימער פון וועלדעל, זיצט ביי אירע פיס, לעזט איר פאָר, און זי שטיקט שוין אויס אַן אנדער שטיק קאַנווע, און דאָס מאָל — פאר אים.

און אויך ביי זיי הערשט א הייסער זומער: עס באוויי־זען זיך אמאָל וואָלקען, אָבער זיי פארשווינדען גלייך.

און אויב עס חלום'ען זיך אים אפילו אמאָל שווערע חלומות, און דער צווייפעל נעמט קלאַפּען אין הארצען, שטעהט אָבער אָלגאַ, ווי א מלאך, אויף דער וואך; זי דארף בלויז א קוק טאָן מיט אירע ליכטיגע אויגען אים אין פּנים אריין, גע־וואָר ווערען, וואָס עס טוט זיך ביי אים אויפ'ן הארצען — און אלץ איז ווידער שטיל, און דאס געפיל נעמט ווידער שטראָמען רואיג, ווי א טייך, אפּשפּיגלענדיג אין זיך נייע שטיקער הימעל.

אָלגאַ'ס קוק אויפ'ן לעבען, אויף דער ליבע, אויף אלץ, איז געוואָרען נאָך קלאָרער, נאָך באַשטימטער. זיכערער פון פריער האָט זי גענומען קוקען ארום זיך, זי האָט ניט קיין מורא פאר דער צוקונפט; איר פארשטאנד איז געוואָרען ברייטער. אָט באוויזט זי' זיך פּאָעטיש־פארשידענארטיג, טיף, און אָט קלאָר, רואיג, נאַטירליך...

עס איז אין איר פאראן אן איינגעבארענע איינגעשפּארט־קייט, וואָס באזיגט ניט נאָר אלע געוויטערס פון שיקזאל, נאָר אפילו אָבלאָמאָוו'ס פוילקייט און אפּאטיע. אויב עס באַ־ווייזט זיך ביי איר א געוויסער פארלאנג, א געוויסע אבזיכט, הויבט די ארבייט גלייך אָן צו זידען, צו קאכען. און אלץ, וואָס דו הערסט, איז וועגען דעם. און אויב דו הערסט ניט וועגען דעם, וועסטו גלייך דערזען, אז זי האָט בלויז איין ציל,

געטראַכט: „אַרבייט, אַרבייט, ווי אַ פערד!" צו וואָס? איך בין זאַט, אויסגעקליידט. אָבער אָלגאַ האָט ווידעראַמאָל געפרעגט, ווען איך קליב זיך קיין אָבלאָמאָווקע...

ער האָט גענומען שרייבן, פאַנטאַזירען, ער איז אין די געדאַנקען אפילו צו אַן אַרכיטעקט געוואָרען. אינגיכען איז אויף דעם קליינעם טישעל געלעגען אויסגעלייגט אַ פּלאַן פון אַ הויז, אַ גאָרטען. דאָס הויז אַ געראַמיג, מיט צוויי באַל־קאָנען.

„דאָס איז מיין צימער, דאָס — אָלגאַ'ס, דאָס וועט זיין דאָס שלאָפצימער, און דאָ וועט זיך געפינען דאָס קינדערצי־מער... — האָט אָבלאָמאָוו, אַ שמייכלענדער געטראַכט. — אָבער די פּויערים! וואָס טוט מען מיט די פּויערים? — דער שמייכעל איז פאַרשוואונדען פון זיין פּנים, זיין שטערען האָט זיך גענומען קנייטשען. — דער שכן שרייבט, געהט אריין אין רעטאַלען... ווי לאַנגווייליג דאָס איז! הייסט זיך צו־שיקען דריי טויזענד רובל... אַ פאָלמאַכט... און האָס דאַרף מען באַשטעטיגען אין געריכט... און איך הויב ניט אָן צו ווי־סען, וואו דאָס געריכט־הויז איז, ווי מען עפענט דאָרט אַ טיר".

עס איז שוין די צווייטע וואָך, ווי דער בריף איז אָנגע־קומען, און אָבלאָמאָוו האָט נאָך אַלץ ניט געענטפערט אויף אים, און אפילו אָלגאַ האָט אים שוין געפרעגט צו ער איז גע־ווען אין געריכט־הויז. ניט לאַנג צוריק האָט אויף שטאָלץ צוגעשיקט אַ בריף צו אים און צו אָלגאַ'ן, אין וועלכען ער פרעגט: „וואָס טוט ער?"

איבריגענס, האָט אָלגאַ געקאָנט בלויז אויבערפלעכליך אַכטונג געבען אויף דער טעטיגקייט פון איר פריינד, און דאָס בלויז אין דער ספערע, וואָס איז געווען צוגענגליך פאַר איר: צי ער איז פרעהליך, צי ער פאָרט גערן צו מענשען, צי ער קומט אין דער באַשטימטער צייט אין וועלדעל אריין, אויף וויפיל עס פאַרנעמען אים שטאָדטישע נייעס, אַלגעמיינע גע־שפּרעכען. מער פאַר אַלץ קוקט זי נאָך, צי ער האָט ניט אַרויסגעלאָזען פון זינען דעם הויפּט־צוועק פון לעבען. און

## 11.

אין דער היים האָט אָבלאָמאָוו ווידער געטראָפען א בריף פון שטאָליץ'ן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען און געענדיגט מיט אָט די ווערטער: „איצט אָדער קיינמאָל ניט!“ און נאָך דעם איז געקומען א פאָרוואורף, וואָס ער איז אזוי אומבאוועג־ליך, דערנאָך האָט געפאָלגט אן איינלאדונג צו קומען אין דער שווייץ, וואוהין שטאָליץ האָט זיך געקליבען, און ענדליך, אן איינלאדונג קיין איטאליען.

און אויב דאָס האָט זיך אמאָל אין א בריף ניט געפונען, האָט ער גערופען אָבלאָמאָוו'ן אין דארף אריין, איבערקוקען, דורכזען זיינע געשעפטען, אויפטרייסלען א ביסעל די פויערים פון זייער פארשלאָפען לעבען, פעסטשטעלען זיין איינקונפט, צוטרעטען צום בויען פון נייעם הויז.

„געדענק אונזער אפמאך: איצט אדער קיינמאָל ניט“, פלעגט ער געוועהנליך ענדיגען.

— איצט, איצט, איצט! — האָט אבלאָמאָוו ווידערהאָלט.

— אנדרעי ווייכט ניט, וואס פאר א פּאָעמע עס האָט זיך פאַנאנדערגעשפּילט אין מיין לעבען. וואָס נאָך פאר אן ארבייט זוכט ער עס פאר מיר? קאן איך דען מיט עפּעס אנדערש זיין אזוי פארנומען? זאל ער עס אמאָל פרואווען! נעמט, למשל, די ענגלענדער, די פראנצויזען! זיי פארען זיך ארום אין גאנץ אייראפא, אנדערע אפילו קיין אזיען און אפריקא, אזוי זיך, אָהן וועלכען עס איז ציל: ווער עס פאָרט צייכענען, ווער עס פאָרט אויסגראבען אלטערטימליכקייטען, ווער עס פאָרט שיסען לייבען, אָדער כאפּען שלאנגען. און אז ניט, זיצען זיי זיך אין דער היים רואיגע, פרישטיקען, מיטאָגען מיט פריינד, מיט די ווייבער — דאס איז אלץ, וואָס זיי טוען! און וואס בין איך, אן ארעסטאנט? דאָס האָט אנדרעי אויס־

# אבלאמאוו

שטעהן, באוועג זיך ניט! און וואס גרייט מיר צו דער מאָר־
גענדיגער טאָג? — האָט ער מיט שרעק זיך געפרעגט, און א
פוילער, א פארטראכטער, געלאזט זיך אהיים.

פארבייגעהענדיג אָלגאַ׳ס פענסטער, האָט ער געהערט,
ווי איר נשמה אָטעמט אויף פרייער אין שובערט׳ס קלאנגען,
זי האָט אזוי ווי געיאָמערט פון גליק.

גאָט מיינער! ווי גוט איז צו לעבען אויף דער וועלט!

צערטליכען בליק, גענומען זיינעביידע הענד אין אירע, שטארק זיי א דריק געטאָן און צוגעלייגט זיי צו איר הארץ.

— איר הערט ווי עס קלאפט! — האָט זי געזאגט. — דאָס האָט איר מיך אזוי דערשראָקען! לאָזט מיר!

און ניט א קוק טוענדיג אויף אים האָט זי גענומען לויפען איבער׳ן שטעגעל, אויפהויבענדיג פון פארענט אביסעל דאָס קלייד.

— וואו לויפט איר דאָס? — האָט ער געזאגט. — איך בין פארמאטערט, איך קאן אייך ניט נאָכלויפען...

— לאָזט מיך צו רו. איך לויף זינגען, זינגען, זינגען!.. האָט זי גערעדט מיט א פלאמענדיג געזיכט. — מיר איז ענג געווארען אין הארצען, מיר טוט כמעט וועה!

ער איז געבליבען שטעהן און לאנג איר נאָכגעקוקט, ווי אן אוועקפליענדיגען מלאך.

„וועט אויך דער מאָמענט פארוועלקט ווערען?“ האָט ער מיט טרויער א טראכט געטאָן, און ניט געפילט, צי ער געהט, אָדער שטעהט אויף דעם זעלבען פלאץ.

„פארוועלקט געווארען איז דער בעז, — האָט ער ווידער א טראכט געטאָן, — און דער נעכטען איז פארוועלקט, און די נאכט מיט אירע שאָטענס איז אויך אוועק... יאָ, און אויך אָט די רגע וועט פארביי, פונקט אזוי ווי דער בעז! אָבער, ווען עס האָט גענומען אוועקגעהן די היינטיגע נאכט, האָט שוין אנגעהויבען צו שטראלען דער היינטיגער פרי־מאָרגען...“

וואָס זאָל דאָס באדייטען? — האָט ער ארויסגערעדט אויפ׳ן קול. — און די ליבע אויך... די ליבע? און איך האָב אלץ געמיינט אז זי שפרייט זיך אויס, ווי א הייסער נאָכמי־טאג, איבער די קעפ פון די פארליבטע, און אין איר אטמאָספער הערט זיך קיין אָטעם ניט, קיין שום באוועגונג. אבער איצט זע איך, אז אין דער ליבע איז אויך ניטא קיין רו און אז זי באוועגט זיך אויך פאָראויס, פאָראויס... „ווי דאָס גאנצע לע־בען“, זאגט שטאָלץ. און עס איז נאָך ניט געבארען געווארען יענער יהושע בן נון, וואָס זאָל איר קאָנען באפעלען: בלייב

טען דעם אָרט פאר א געפיל פון מיטלייד. זי האָט גענומען געהן לאנגזאמער, לאנגזאמער...

איר האָט זיך געוואָלט ווייכער מאכען איר אויסברוך. זי האָט געזוכט א וועג ווי ווידער צו פארקניפּען א געשפּרעך.

„איך האָב אלס באגראָבען! דאָס איז דער איינציגער טעות! „קיינמאָל ניט”! גאָט מיינער! פארוועלקט איז דער בעז, — האָט ער געטראכט, קוקענדיג אויפן אראָפּהענגענדיגען בעז, — נעכטען פארוועלקט געוואָרען, דער בריף איז אויך פאר־וועלקט געוואָרען, און דער דאָזיגער מאָמענט, דער בעסטער מאָ־מענט אין מיין לעבען, ווען א פרוי האָט מיר צום ערשטען מאָל געזאָגט, ווי א בת־קול פון הימעל, אז אין מיר איז דאָ עפּעס גוטעס, דער מאָמענט איז אויך פארוועלקט געוואָרען!”...

ער האָט א קוק געטאָן אויף אָלגא'ן — זי שטעהט און וואַרט אויף אים מיט ארונטערגעלאָזענע אויגען.

— גיט מיר דעם בריף! — האָט זי שטיל ארויסגערעדט.

— ער איז פארוועלקט געוואָרען! — האָט אָבלאָמאָוו טרוי־עריג געענטפערט, דערלאַנגענדיג איר דעם בריף.

זי האָט זיך ווידעראמאָל נאָענט צוגערוקט צו אים און נאָך נידעריגער איינגעבויגען דעם קאָפּ. די אויגענלעדלעך זיינען גע־ווען אין גאנצען ארונטערגעלאָזען... זי האָט כמעט געציטערט. ער האָט איר דערלאנגט דעם בריף. זי האָט ניט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, זי איז ניט אוועקגעגאנגען.

— איר האָט מיך אזוי דערשראָקען, — האָט זי אזוי זאנפט צוגעלייגט.

— זייט מיר מוחל, אָלגא! — האָט אָבלאָמאָוו געמורמעלט אין דער שטיל.

זי האָט געשוויגען.

— אָט דער גרויזאמער „קיינמאָל ניט!”... — האָט ער טרויעריג א זאָג געטאָן און אָפּגעזיפצט.

— וועט פארוועלקט ווערען! — האָט זי קוים הערבאר ארויסגערעדט און רויט געוואָרען.

זי האָט א וואָרף געטאָן אויף אים א פארשעמטען און

מיט אים קומט פאָר, האָט ער אויסגעשפּרייט די הענד און זיך איינגעבויגען צו איר. — ווי גאָט איז אייך ליב! אן איינציגען קוש אלס אן אויסרוף אויף דעם גרויסען גליק, — האָט ער ארויסגעמורמעלט אין היץ.

זי איז מאמענטאל צוריקגעטראָטען אויף א שפּאן; די פארב און דער פייערליכער שיין איז פארשוואונדען פון איר געזיכט. פון די מילדע אויגען האָט א בליץ געטאָן כעס.

— קיינמאָל ניט! קיינמאָל ניט! געהט ניט צו צו מיר! — האָט זי ארויסגערעדט א דערשראָקענע, כמעט מיט מורא און האָט אויסגעשטעקט אירע הענד און דעם שירעם צווישען זיך און אים. זי איז געבליבען שטעהן ווי פארשטיינערט, אָהן אָטעם, מיט א בייזער פּאָזע, מיט גרויזאמקייט אין בליק.

ער איז מיט אמאָל אויסגענירכטערט געוואָרען: פאר אים איז געשטאנען ניט א מילדע אָלגא, נאָר א באליידיגטע געטין פון שטאָלץ און כעס, מיט צוזאמענגעדריקטע ליפּען, מיט בליצען אין די אויגען.

— זייט מוחל! — האָט ער געמורמעלט א פארלאָרענער, א דערשלאָגענער.

זי האָט זיך לאנגזאם אומגעדרעהט און אוועקגעגאנגען, וואָרפענדיג שיפּע בליקען פון דער זייט אויף אים. און ער — ווי גאָרנישט וואָלט פּאסירט, ער איז זיך געגאנגען פּאמעליך ווי א הונד, אויף וועמען מען האָט אָנגעטראָטען.

זי האָט גענומען שטעלען גיכערע טריט, אָבער דערזעהענדיג זיין פּנים, האָט זי דערשטיקט אין זיך דעם שמייכעל און גענומען געהן לאנגזאמער. בלויז פון צייט צו צייט האָבען א צוק געטאָן אירע אקסלען. דער ראָזער פלעק האָט זיך באוויזען דאָ אויף איינער, דאָ אויף איר צווייטער באַק.

און ווי זי איז געגאנגען, אזוי האָט זיך איר פּנים גענומען פאנאנדערבליען, איר אָטעם איז געוואָרען רעגעלמעסיגער, און איר טראָט איז ווידער געוואָרען גלייכמעסיג. זי האָט געזען ווי איר „קיינמאָל ניט” איז פאר אָבלאָמאָוו׳ן היילינג, און דער אויסברוך פון כעס האָט גענומען זיך איינשטילען און אָפּטרע־

בען, אייער פריינד און איך — דאָס איז די צווייטע אורזאך;
און די דריטע אורזאך. . .

זי איז צוגעגאנגען צו אים אזוי נאָנט, אז דאָס בלוט האָט א שפּאר געטאָן אים אין הארצען און אין קאָפּ אריין. ער האָט גענומען אָטעמען שווער, אויפגערעגט. אָבער זי האָט אים גע־קוקט גלייך אין פּנים אריין.

— דריטענס, ווייל אין דעם בריף זעט זיך, ווי אין א שפּי־געל, אייער צערטליכקייט, אייער פּאָרזיכטיגקייט, אייער דאגה׳־נען וועגען מיר, אייער שרעק פאר מיין גליק, אייער ריין געווי־סען. . . אלץ, וואָס עס האָט מיר אָנגעוויזען אין אייך אַנדרעי איוואנאָוויטש און וואָס איך האָב ליב באקומען, און וואָס האָט מיך געמאכט פארגעסען אָן אייער פוילקייט. . . אייער אפּאטיע. . . ניט ווילענדיג האָט איר זיך ארויסגערעדט אין דעם בריף. . . איר זייט קיין עגאָאיסט ניט, איליא איליטש, איר האָט עס ניט אויפגעשריבען, אז מיר זאָלען זיך פאנאנדערגעהן — דאָס האָט איר גאָר ניט געוואָלט, ווייל איר האָט ניט געוואָלט מיך גע־נארען. . . דאָס האָט פון אייך ארויסגערעדט די ערליכקייט, ווען דאָס זאָל ניט זיין דער פאל, וואָלט דער בריף מיך באליידיגט און איך וואָלט זיך ניט צואויינט, ווייל איך בין שטאָלץ! זעט איר שוין, אז איך ווייס פארוואָס איך האָב אייך ליב, און איך האָב ניט מורא פאר א טעות: איך מאך אין אייך קיין טעות ניט...

זי האָט געשטראַלט, געלויכטען, ווען זי האָט געזאָגט די דאָזיגע ווערטער. אירע אויגען האָבען געלויכטען מיט אזא פייערליכער ליבע, מיט אזא באוואוסטזיין פון אייגענער קראפט; אויף די באקען האָבען זיך געדרויטעלט צוויי פלעקען. און ער, ער איז געווען די אורזאך פון דעם אלעם! מיט דער באוועגונג פון זיין ערליך הארץ האָט ער אריינגעוואָרפען אין איר נשמה אָט דעם פייער, אָט דעם גלאַנץ, אָט די ליכטיגקייט.

— אָלגאַ! איר... איר זייט בעסער פון אלע פרויען. איר זייט די ערשטע פרוי אויף דער וועלט! — האָט ער ארויס־גערעדט מיט באגייסטערונג און, ניט פארשטעהענדיג וואָס

מיט איר ניט ארומכאַפּען א גאַנצען האָריזאָנט, צוזאַמענפּירען די ענדען פון א גרויסער געשעעניש.

די שלויקייט איז קורצזיכטיג. קאָנסט ווייטער ווי די נאָז מיט איר ניט זען, דערפאר פּאסירט אָפט, אז זי פאלט אריין אין דער זעלבער פּאַסטקע, וואָס זי האָט אויסגעשטעלט פאר אנדערע.

אָלגא איז פּשוט א קלוגע, דערפאר האָט זי אזוי לייכט געלעזט די היינטיגע פראגע, און ניט נאָר בלויז די היינטיגע, יעדע פראַגע לעזט זי אַזוי! פאַר איר ווערט גלייך קלאָר דער טיפערער מיין פון יעדער געשעעניש און זי געהט גלייך דערצו צו.

אָבער די שלויקייט איז פּונקט ווי א מויז. לויפט ארום, באהאַלט זיך. . . דערצו איז אָלגא׳ס כאראקטער אין גאַנצען אן אַנדערער. וואס איז אָבער דאָס פאר א נייס?

— פאַרוואָס איז דער בריף אזוי נויטיג געווען? — האָט ער זי געפרעגט.

— פאַרוואָס? — האָט זי געפרעגט און גיך זיך אומגעדרעהט צו אים מיט א שטראַלענדיג געזיכט. — דערפאר, — האָט זי אָנגעהויבען צו רעדען מיט פּויזען, — ווייל איר זייט א גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען, געשריבען בלויז פאר מיר; איך בין אויך עגאָאיסטיש! דאָס איז די ערשטע אורזאַך. . .

— פאַרוואָס האָט איר מיר פריער געמאַכט פאָרוואורפען, ווען איר זייט איצט איינשטימיג מיט מיר? — האָט אָבלאָמאָוו זי איבערגעשלאָגען אין מיטען.

— ווייל איר האָט אויסגעטראַכט די יסורים. איך האָב זיי ניט אויסגעטראַכט, און איך פרעה זיך דערמיט, וואָס זיי זיינען שוין פאַראיבער. איר, אָבער, האָט זיי צוגעגרייט און הנאה געהאַט פריער. איר זייט א שלעכטער, — דאָס איז געווען מיין פאָרוואורף. אויסער דעם איז דאָ אין בריף א שפּיל פון געדאנק און געפיל. . . איר האָט די נאַכט געלעבט ניט לויט אייער ווילען, נאָר ווי עס האָט געוואָלט, אז איר זאָלט לע־

וואָלט דאָך פּאַסירט. ער וואָלט קראַנק געוואָרען. ער האָט גאָר ניט געוואָלט צושיידען זיך, ער וואָלט עס גאָרנישט ניט גע־קאָנט איבערטראַגען, ער וואָלט געקומען און געבעטען זיך ביי איר, אַז זיי זאָלען זיך ווידער זען. פּאַרוואָס, ווידער האָב איך אָנגעשריבען דעם בריף? — האָט ער זיך געפרעגט.

— אָלגאַ סערגעיעוונאַ! — האָט ער געזאָגט.

— וואָס ווילט איר?

— צו דעם אַלעם, אין וואָס איך האָב זיך דאָ מודה געווען, מוז איך זיך נאָך מודה זיין. . .

— אַז וואָס?

— אַז דער דאָזיגער בריף איז געווען אומנויטיג. . .

— ניין, ניט אמת, ער איז געווען אומבאַדינגט נויטיג, — האָט זי באַשלאָסען.

זי האָט זיך אומגעקוקט און צולאַכט זיך, זעענדיג די גרוי־מאַסע, וואָס ער האָט געמאַכט און ווי עס איז מיטאַמאָל אוועק פון אים די פאַרשלאָפענקייט, ווי עס האָבען זיך אים געעפענט די אויגען פון ערשטוינונג.

— אומבאַדינגט נויטיג? — האָט ער איבערגעפרעגט פּאַ־מעליך, אָנשטעלענדיג אַ פאַרוואונדערטען בליק אויף איר פּלייצע.

„וואָס זאָלען אָבער באַדייטען די אַלע טרערען, די אַלע פאָרוואורפען? זאָל דאָס זיין ניט מער ווי ביטערקייט?״ אָבער ער האָט קלאָר געזען, אַז אָלגאַ איז ניט ביטערע.

עס ביטערעווען און שלאָגען זיך דורך מיט ביטערקייט בלויז באַגרענעצטע פרויען. אַ דאַנק דעם מאַנגעל אין פּשוט׳ען פאַרשטאַנד, באַוועגען זיי די שפּרינגפעדער פון דעם אַלטעגלי־כען לעבען דורך שלויקייט, פּלעכטען, ווי שפּיצען, די היימישע פּאָליטיק, און באַמערקען ניט דאָס אמת׳ע לעבען אַרום זיך.

די שלויקייט — דאָס איז אַ קליינע מטבע, פּאַר וועלכער דו קאָנסט זער ווייניג איינקויפען. אַזוי ווי מען קאָן מיט אַ קליינער מטבע דורכלעבען איין שעה, צוויי שעה, אַזוי קאָן מען מיט שלויקייט דאָ צודעקען, דאָרט אָפּנאַרען, אָבער מען קאָן

— בעז . . . ניטאָ מער קיין בעז! — האָט זי געענט־פערט. — זעט אַליין, בלויז פאַרוועלקטער בעז איז פאַרבלי־בען.

— ניטאָ מער קיין בעז, פאַרוועלקט געוואָרען! — האָט ער ווידערהאָלט קוקענדיג אויף דעם בעז, — און דער בריף איז שוין ניטאָ מער! — האָט ער מיטאַמאָל אַרויסגערעדט.

זי האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ אויף ניין. ער איז נעגאַנגען הינטער איר און געטראַכט וועגען זיך, וועגען דעם בריף, וועגען זיין נעכטיג גליק און וועגען דעם פאַרוועלקטען בעז.

„יא, דער בעז איז פאַרוועלקט געוואָרען! — האָט ער גע־טראַכט. — צו וואָס האָב איך אויפגעשריבען אָט דעם בריף? צוליב וואָס בין איך אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען, אַ גאַנ־צען פרימאָרגען געשריבען? און איצט, ווען אויף דער נשמה איז ווידער רואיג. . . (ער האָט אַ געגעץ געטאָן) ווילט זיך אַזוי שטאַרק שלאָפען. און וואָלט ניט געווען אָט דער בריף, וואָלט זי ניט געוויינט, אַלץ וואָלט געווען ווי נעכטען. שטיל וואָל־טען מיר זיך געזעסען דאָ אין דער אַליי, געקוקט איינער אויפ'ן צווייטען, גערעדט וועגען גליק. און מאָרגען וואָלט געווען דאָס זעלבע וואָס היינט. . . " ער האָט אַ ברייטען געגעץ גע־טאָן.

שפּעטער האָט ער זיך פאַרטראַכט וועגען דעם, וואָס וואָלט געווען, ווען דער בריף וואָלט יאָ דערגרייכט זיין ציל, ווען זי וואָלט געטיילט זיינע מיינונגען, וואָלט זיך, ווי ער, דערשראָ־קען פאַר טעות'ען און פאַר צוקונפטיגע געוויטערס, וואָלט זיך פאַרלאָזען אויף זיין כלומר'שטדיגער ערפאַרענקייט און קלוג־שאַפט, און וואָלט איינגעוויליגט פאַנאַנדערצוגעהן זיך?

זאָל גאָט אָפּהיטען! געזעגנען זיך, צוריקפאָרען אין שטאָדט אריין, אויף אַ נייער דירה! עס וואָלט געקומען נאָכ־דעם אַ לאַנגע נאַכט, אַ לאַנגווייליגער מאָרגען, אַן אומערטרעג־ליכער איבערמאָרגען, און אַ ריי בלייכע און בלייבערע טעג.

ווי איז דאָס מעגליך? דאָס מיינט דאָך טויט! און אַזוי

כאפט אָן דעם. וואָס אַ רגע איז אים געוואָרען לייכטער. **דער** „טעות" וואָס ער האָט אויסגעטראַכט ביי נאַכט, איז געווען אין דער ווייטער צוקונפט..." ניט בלויז די ליבע, דאָס גאַנצע לע־בען איז דאָך אַזוי... — איז אים מיטאַמאָל געקומען אויפ'ן גע־דאַנק. — און אויב אַוועקשטויסען פון זיך יעדען צופאַל, ווייל עס קאָן זיין, אַז עס איז ניט מער ווי אַ טעות, ווען איז מען שוין זיכער, אַז עס איז ניט אַ טעות? „וואָס טוט זיך דאָ מיט מיר? איך בין אַזוי ווי בלינד..."

— אָלגאַ, — האָט ער געזאָגט, קוים אָנרירענדיג מיט צוויי פינגער איר טאַליע (זי האָט זיך אָפּגעשטעלט), — איר זייט פיל קלינער פון מיר.

זי האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— ניין, איך בין בלויז פשוט'ער און געוואַגטער. וואָס האָט איר מורא? גלויבט איר אויף אַן אמת, אַז מען קאָן אויפ־הערען ליב צו האָבען? — האָט זי אים געפרעגט מיט אַ שטאָל־צער זיכערהייט.

— איצט האָב איך שוין מער קיין מורא ניט! — האָט מוטיג ארויסגערעדט אָבלאָמאָוו. — צוזאַמען מיט אייך, איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען פאַר'ן שיקזאַל.

— די דאָזיגע ווערטער האָב איך ניט לאַנג צוריק ערגעץ געלעזען. . . יאַ, ביי סיו, דאַכט זיך, — האָט זי מיטאַמאָל ארויסגערעדט איראָניש, אומדרעהענדיג זיך צו אים, — מיט דעם איינציגען אונטערשיד, וואָס דאָרט זאָגט זיי אַ פרוי צו אַ מאַן. . .

אָבלאָמאָוו איז רויט געוואָרען פון שאַנד.

— אָלגאַ! זאָל אַלץ בלייבען ביים נעכטיגען, — האָט ער געבעטען, — איך וועל מער ניט מורא האָבען פאַר ט ע ו ת ' ן.

זי האָט געשוויגען.

— יאָ? — האָט ציטערנדיג געפרעגט אָבלאָמאָוו.

זי האָט געשוויגען.

— אויב איר ווילט ניט רעדען, גיט עפּעס אַ צייכען. . . אַ צווייגעל בעז. . .

זי פארענדיגט, אויפהויבענדיג זיך. — זייט געזונט, איליא אי־ליטש, און זייט... רואיג. ליגט דאָך אין דעם אייער גליק.

— אָלגא! ניין, ווי גאָט איז אייך ליב, ניין! איצט, ווען אַלץ איז ווידער ליכטיג געוואָרען, פארטרייבט מיך ניט פון זיך... — האָט ער געזאָגט, נעמענדיג זי פאר דער האנד.

— וואָס ווילט איר נאָך האָבען פון מיר? איר זייט אומ־רואיג צי עס איז ניט אַמאָל אַ טעות מיין ליבע צו אייך. איך קאָן ניט באפרייען אייך פון אייער צווייפעל; מעגליך, אַז עס איז בלויז אַ טעות...

ער האָט ארויסגעלאָזען איר האנד. ווידער האָט דאָס מע־סער אַ וועה געטאָן איבער אים.

— וואָס הייסט איר ווייסט ניט? איר פילט דען ניט? — האָט ער געפרעגט מיט אַן אומזיכערער שטימע. — איר פאר־דעכטיגט דען...?

— איך פארדעכטיג גאָרניט; נעכטען האָב איך אייך גע־זאָגט, וואָס איך פיל, און וואָס עס וועט זיין אין אַ יאָר ארום, וויים איך ניט. און קומט דען נאָך איין גליק אַ צווייטעס, אַ דריטעס, פונקט אַזאַ? — האָט זי געפרעגט, קוקענדיג אויף אים. — זאָגט, איר זייט דאָך ערפארענער.

אָבער ער האָט זי שוין ניט געוואָלט מער איבערצייגען אין דער ריכטיגקייט פון דעם געדאנק, און ער האָט געשוויגען, ווי־גענדיג מיט איין האנד אַן אקאציע.

— ניין, מען ליבט בלויז איינמאָל! — האָט ער נאָכגע־זאָגט, ווי אַן איינגעל אַן אויסגעלערענטע פראזע.

— זעט איר שוין אליין! אויך איך גלויב אין דעם, — האָט זי צוגעלייגט. — אויב עס איז ניט אַזוי, איז גאַנץ מעגליך, אַז איך זאָל אייך אויך אויפהערען צו ליבען, אַז מיר זאָל וועה טאָן דער טעות, און אייך אויך; מעגליך, אַז מיר וועלען זיך פאנאנדערגעהן!... ליב האָבען צוויי־דריי מאָל? ניין, ניין! איך קאָן ניט גלויבען, אַז דאָס איז מעגליך!

ער האָט אָפגעזיפצט. אין זיין נשמה האָט זיך גענומען דרעהען דאָס „עס איז גאַנץ מעגליך" און ער האָט זיך אָנגע־

— ענאַאיזם! — האָט דערענדיגט אַבלאַמאָוו און ניט גע־וואגט א קוק צו טאָן אויף אָלגא'ן, ניט געוואגט צו רעדען, ניט געוואגט צו בעטען קיין אנטשולדיגונג.

— געהט אייך, — האָט אָלגא שטיל ארויסגערעדט, — וואוהין איר האָט געוואָלט געהן.

ער האָט א קוק געטאָן אויף איר. אירע אויגען זענען גע־ווען טרוקען. א פארטראכטע האָט זי געקוקט אויף דער ערד און געצייכענט מיט'ן שירעם אויפ'ן זאמד.

— ציט זיך אויס אויף דער פלייצע, — האָט זי צוגע־לייגט, — מאכט קיין טעות ניט, פאלט ניט אין קיין אַפגרונט אריין.

— איך האָב זיך פאר'סמ'ט און אייך אויך אין דער צייט, ווען איך האָב געקאָנט זיין גליקליך, — האָט ער געמורמעלט מיט חרטה.

— טרינקט קוואס, וועט איר זיך ניט פאר'סמ'ען, — האָט זי אים געשטאָכען.

— אָלגא, דאָס איז ניט גרויסמוטיג! — האָט ער געזאָגט. נאָכדעם ווי איך האָב זיך אליין באשטראָפט מיט מיין וידוי...

— יאָ, מיט ווערטער שטראָפט איר זיך, פאראורטיילט זיך, ווארפט זיך אין תהום אריין, גיט אוועק א האלב לעבען, אָבער ווען עס באווייזט זיך נאָר א פונק פון צווייפעל א שלאָפלאָזע נאכט, ווערט איר אזוי צערטליך צו זיך, פאָרזיכטיג, פארזאָרגט, און איר זעט אזוי וויית!

„סאר א טיפער אמת, און ווי פשוט ער איז!" האָט א טראכט געטאָן אַבלאַמאָוו, אָבער ער האָט זיך געשעמט עס ארויס־זאָגען אויפ'ן קול.

פארוואָס האָט ער עס אליין ניט פארנומען, באגריפען, און עס האָט אים גערארפט געבען צו פארשטעהן א פרוי, וואָס הויבט ערשט אָן צו לעבען? און ווי שנעל האָט זי זיך אנטוויקעלט! ניט לאנג צוריק האָט זי נאָך אויסגעזעען ווי א קינד.

— מיר האָבען ניט מער וועגען וואָס צו רעדען, — האָט

— אָלגאַ, דאָס קאָן ניט זיין! — האָט ער איר איבער־געשלאָגען מיט אומצופרידענהייט, און אָפּגערוקט זיך פון איר.

— פאַרוואָס קאָן דאָס ניט זיין? — האָט געפרעגט אָל־גאַ. — איר זאָגט, אז איך מאַך אַ טעות, אַז איך וועל ליב קריגען אַ צווייטען, און מיר, ווידער, דאַכט זיך טיילמאָל אויס, אַז איר וועט מיך פּשוט אויפהערען צו ליבען. און וואָס וועט זיין דאַ־מאָלט? ווי אַזוי בּאַרעכטיג איך מיינע איצטיגע האַנדלונגען? אויב ניט דער וועלט, אויב ניט די מענשען, וואָס וועל איך זאָגען זיך אליין?... איך שלאָף אויך אַמאָל ניט איבער דעם, אָבער איך מאַטער אייך ניט מיט אָנדייטונגען וועגען דער צוקונפט, ווייל איך גלויב, אַז עס וועט זיין גוט. דאָס גליק איז ביי מיר שטאַרקער פאַר דער שרעק. עס איז עפּעס ווערט ביי מיר דאָס, וואָס עס פינקלען אויף ביי אייך די אויגען דורך מיר; וואָס איר קלעטערט איבער בערג, זוכענדיג מיך; וואָס איר פאַרגעסט אייער פוילקייט און לויפט פאַר מיר אין דער היץ אין שטאָדט אריין נאָך אַ בוקעט, נאָך אַ בוך; עס איז עפּעס ווערט פאַר מיר דאָס, ווען איך זע, אַז איך מאַך אייך שמייכלען, באַגערען דאָס לעבען... איך זוך און וואַרט בלויז אויף איין זאַך — אויף גליק, און איך גלויב, אַז איך האָב דאָס גליק געפונען. אויב איך מאַך אַ טעות, אויב עס איז אמת, אַז איך וועל באַוויינען מיין טעות, פיל איך וויינינגסטענס דאָ (זי האָט צוגעלייגט די האַנד־פלאַך צום האַרצען), אַז איך בין אין דעם ניט שולדיג, אַז מיין מזל איז אַזאַ. אָבער מיך שרעקען ניט קיין צוקונפטיגע טרערען; איך וועל ניט וויינען אומזיסט: איך האָב דורך זיי עפּעס געקויפט... מיר איז אַזוי גוט... געוועזען!... — האָט זי צוגעלייגט.

— זאָל ווידער אַלץ זיין גוט... — האָט זיך געבעטען אָב־לאָמאָוו.

— און איר זעט בלויז טרויעריגעס אין דער צוקונפט. איז דעם גליק שענקט איר קיין אויפמערקזאַמקייט ניט... דאָס איז אומדאַנקבאַרקייט, — האָט זי פאָרטגעזעצט, — דאָס איז ניט קיין ליבע, דאָס איז...

וויכערהייט, און פונקט אזוי האָט זי אָפּנים באַהערשט איר גע־דאַנק.

— איר האָט מורא, — האָט זי שטעכיג געענטפערט, — צו פאלען „אויפ'ן גרונט פון תהום”, אייך שרעקט די צוקינפטיגע באַליידיגונג, ווען איך וועל אייך אויפהערען צו ליבען!... „אייך וועט זיין גוט” שרייבט איר...

ער האָט נאָך אַלץ זער שלעכט פאַרשטאַנען איר מיין.

— יאָ, מיר וועט דאָך דאַמאָלט זיין גוט, אויב איך וועל ליב קריגען אַ צווייטען, דאָס הייסט, אַז איך וועל זיין גליקליך! און איר זאָגט דאָך, אַז איר זייט גרייט צו אָפּפּערען מיט אייער לעבען פאַר מיין גליק!

ער האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אויף איר און געבלינצעלט מיט די אויגען.

— איר זייט גאַר צו אַזאַ שלום געקומען! — האָט אַב־לאַמאָוו אַ מורמעל געטאָן, — איך בין זיך מודה, אַז איך האָב ניט ערוואַרט אַזאַ...

און זי האָט אים אַזוי ניפטיג באַקוקט פון קאָפּ ביז די פיס.

— און דאָס גליק, וואָס מאַכט אייך שיער משוגע? — האָט זי ווייטער גערעדט. — און די דאָזיגע פרימאָרגענס און אָוועגדען, אָט דער פּאַרק, מיין „איך האָב אייך ליב” — דאָס אַלץ איז גאָרנישט ניט ווערט? קיין שום אָפּפּער ניט ווערט? קיין שום יסורים?

„אוי, ווען איך זאָל קאָנען פאַרזונקען ווערען!” האָט ער אַ טראַכט געטאָן, ווען עס איז אים קלאָר געוואָרען אָלגאַ'ס מיין.

— און אויב, — האָט זי אָנגעהויבען מיט אַ פראַגע, — אייך וועט זיך דערעסען אָט די ליבע, ווי עס האָבען זיך אייך דערעסען ביכער, געזעלשאַפט, אייער אַמט; און אויב, מיט דער צייט, אָן וועלכער עס איז אנדערער ליבע, אָן דער קאָנקורענץ פון אַן אנדער פרוי, וועט איר מיטאַמאָל איינשלאָפען לעבען מיר, ווי ביי זיך אויף דער סאָפע, און מיין קול וועט שוין ניט קאָנען מער אייך מאַכען וואַכעדיג; און אויב ניט נאָר אַן אנדער פרוי, נאָר דער שלאָפראָק אייערער וועט אייך טייערער זיין?...

און זי האָט ווידער זיך צואוויינט.

— איך בין אזוי שלעכט געשלאָפען אַלגאַ; איך האָב זיך די גאַנצע נאַכט געפלאָגט...

— האָט אייך אפנים פארדראָסען, וואָס איך בין יאָ גוט געשלאָפען, וואָס איך האָב זיך ניט געמאַטערט... ניט אמת? — האָט זי אים איבערגעשלאָגען. — ווען איך זאָל זיך איצט ניט צו וויינען, וואָלט איר די נאַכט אויך שלעכט געשלאָפען.

— וואָס בלייבט מיר איצט צו טאָן? בעטען אום אנט־שולדיגונג? — האָט ער מיט הכנעה און צערטליכקייט געפרעגט.

— קינדער בעטען אנטשולדיגונג, אָדער ווען מען טרעט עמיצען אָפּ א פוס. אין אונזער פאַל וועט קיין אנטשולדיגונג ניט העלפען, — האָט זי געזאָגט, פאָכענדיג מיט'ן טיכעל דאָס גע־זיכט.

— וואָס איז אָבער, ווען דאָס אַלץ איז אמת? — האָט געפרעגט אָבלאָמאָוו. — ווען איך בין גערעכט אין מיין באהויפּ־טונג און אייער ליבע איז בלויז א טעות? אז ווען איר וועט זיך פארליבען אין א צווייטען און א קוק טאָן אויף מיר וועט איר רויט ווערען פאר שאנד...

— און אז יאָ, איז וואָס? — האָט זי אים געפרעגט, סו־קענדיג אויף אים מיט אזא טיף איראָנישען, און דורכדרינגענ־דען בליק, אז אָבלאָמאָוו האָט זיך פארלאָרען.

„זי וויל עפּעס אַרויסקריגען פון מיר! — האָט ער א טראַכט געטאָן. — האַלט זיך פעסט, איליא איליטש!"

— „און אז יאָ, איז וואָס?" — האָט ער מעכאַניש ווידער־האָלט אירע ווערטער. ער האָט אומרואיג געקוקט אויף איר און געוואָלט טרעפען, וואָס פאר א געדאַנק פאַרמירט זיך אין איר קאָפּ, ווי אזוי באַרעכטפערטיגט זי איר „און אז יאָ, איז וואָס?", ווען עס איז קלאָר, אז מען קאָן ניט רעכטפערטיגען די רעזולטאַטען פון זייער ליבע, אויב זי איז ניט מער ווי א טעות.

זי האָט אויף אים געקוקט אזוי באַוואוסטזיניג, מיט אזאַ

וואָלט געווען אויף אַן אמת איבערצייגט אין דעם, וואָס איר האָט געשריבען אין בריף, אַז מיר דאַרפען זיך פאַנאַנדערגעהן, וואָלט איר אוועקגעפאָרען קיין אויסלאַנד, ניט געזעגענענדיג זיך מיט מיר.

— סאַר אַן איינפאַל! — האָט אַבלאַמאָוו געזאָגט מיט פאָרוואורף, און ניט דערענדיגט דעם זאַץ.

ער האָט זיך געפילט געטראָפען פון איר באמערקונג, ווייל אים איז געוואָרען קלאָר, אַז עס איז אמת.

— יאָ, — האָט זי נאָכאַמאָל געזאָגט. — נעכטען האָט איר געדאַרפט האָבען מיין „א י ך  ה אָ ב  א י י ך  ל י ב", היינט האָט זיך אייך פאַרוועלט זען מיינע טרערען, און מאָרגען קאָן אייך גאַר איינפאַלען צו וועלען זען, ווי איך שטאַרב.

— אָלגאַ, ווי קאָנט איר מיך אַזוי באַליידיגען? גלויבט איר זען ניט, אַז איך וואָלט איצט אוועקגעגעבען אַ האַלב לע־בען מיינס, אַז איך זאָל קאָנען הערען אייער געלעכטער און ניט זען אייערע טרערען.

— עס איז גאַנץ מעגליך, אַז איצט, ווען איר האָט דערזען, ווי עס ווייגט צוליב אייך אַ פרוי, וואָלט איר עס געטאָן... ניין, — האָט זי צוגעלייגט, — איר האָט קיין האַרץ ניט. איר זאָגט, אַז איר האָט ניט געוואָלט מיינע טרערען, האָט איר ניט געדאַרפט מאַכען, אַז איך זאָל וויינען...

— ווי אַזוי האָב איך עס געקאָנט פאָראויסזען?! — האָט מיט אַ פראַגע און אויסרוף אין זיין שטימע געזאָגט אַבלאַמאָוו, אוועקלייגענדיג די הענט אויפ'ן האַרצען.

— דאָס האַרץ, וואָס עס ליבט, — האָט זי געענטפערט, — האָט זיין שכל; עס ווייסט וואָס עס וויל, און עס ווייסט פאָר־אויס וואָס עס וועט זיין. איך האָב נעכטען ניט געקאָנט קומען צו אייך: עס זענען אומערוואַרטעטערהייט געקומען צו אונז געסט, אָבער איך האָב געוואוסט, אַז איר וואָלט זיך אויסגעמאַ־טערט וואַרטענדיג אויף מיר, איך וואָלט אפשר ניט געקאָנט שלאָפען, און איך בין געקומען, ווייל איך האָב ניט געוואָלט, אַז איר זאָלט זיך מאַטערען... אָבער איר... אייך איז פרעהליך, וואָס איך וויין. נאַט, קוקט, קוקט, האָט הנאה!...

זי האָט געעפענט איר קערבעל, ארויסגענומען דעם בריף און אים דערלאַנגט.

— נעמט אים, — האָט זי געזאָגט, — און געהט אוועק מיט אים, כדי איך זאָל ניט דאַרפֿען וויינען מער, קוקענדיג אויף אים.

שווייגענדיג האָט ער באַהאַלטען דעם בריף אין קעשענע און איז געזעסען לעבען איר מיט אַן ארונטערגעלאָזענעם קאָפּ.

— איר וועט דאָך זיכער, אָלגאַ, באַרעכטפֿערטיגען מיינע אבזיכטען, — האָט אָבלאָמאָוו שטיל ארויסגערעדט. — דאָס איז דער בעסטער באַווייז, ווי טייער מיר איז אייער גליק.

— יאָ, זער טייער! — האָט אָלגאַ ארויסגערעדט מיט א זיפֿץ. — ניין, איליא איליטש! איר האָט א פּנים ניט פאַרגונען וואָס איך בין געווען אַזוי גליקליך, האָט איר זיך צוגעאיילט און פאַר׳סמ׳ט מיין גליק!

— פאַר׳סמ׳ט! האָט איר דורכגעלעזען מיין בריף ביז צום סוף? איך ווידערהאָל אייך...

— ניין, ניט דורכגעלעזען, ווייל די אויגען זענען פול געווארען מיט טרערען... סאַר א נאַר איך בין דאָס! אָבער איך האָב זיך אָנגעשטויסען די ענדע פון בריף. ווידערהאָלט ניט, כדי איך זאָל ווידעראַמאָל ניט וויינען.

טרערען האָבען גענומען קאַפּען פון אירע אויגען.

— זאָג איך זיך דען ניט אָפּ פון אייך, אָפּפער איך זיך ניט דערפאַר, וואָס איך ציטער פאַר אייער גליק? — האָט אָבלאָמאָוו אָנגעהויבען. — טו איך עס דען קאַלטבלוטיג? ווײנט דען ניט מיין האַרץ אין מיר? פאַרוואָס דען טו איך עס?

— פאַרוואָס? — האָט זי איבערגעזאָגט זיינע ווערטער, און אויפהערענדיג מיטאַמאָל צו וויינען, האָט זי אומגעדרעהט צו אים איר געזיכט. — פאַר דער זעלבער אורזאַך, וואָס איר האָט זיך איצט באַהאַלטען אונטער די בוישען, — כדי צו זען צי איך וועל וויינען, און ווי איך וועל וויינען. אָט פאַרוואָס איר האָט עס געטון! ווען איר וואָלט מיט׳ן גאַנצען האַרצען געוואָלט דאָס, וואָס איר האָט געשריבען אין בריף, ווען איר־

און זיי האָבען אים אזוי ווי א ברי געטאָן, אָבער אזוי, אז עס איז אים ניט הייס, נאָר ווארעם געוואָרען.

ער האָט גענומען מיט גיכע טריט איר נאָכגעהן.

— אָלגא, אָלגא! — האָט ער צערטליך געמורמעלט, נע־הענדיג נאָך איר.

זי האָט א ציטער געטאָן, אומגעדרעהט דעם קאָפּ, און ער־שטוינטע א קוק געטאָן אויף אים, דערנאָך האָט זי זיך אומגע־דרעהט און געגאנגען ווייטער.

ער האָט גענומען שפּאנען ביי איר זייט.

— איר וויינט, אָלגא? — האָט אָבלאָמאָוו ארויסגערעדט.

שטארקער האָבען גענומען שטראָמען אירע טרערען. זי האָט זיי מער ניט געקאָנט איינהאלטען און האָט צוגעדריקט דאָס טיכעל צום געזיכט, זי האָט אויסגעבראָכען אין א יאָמער און זיך צוגעזעצט אויף דער ערשטער באנק.

— וואָס האָב איך דאָ אָנגעטאָן? — האָט ער א דערשראָ־קענער א מורמעל געטאָן און געפּרואווט אוועקרייסען איר האנד פון געזיכט.

— לאָזט מיך צו רו! — האָט זי ארויסגערערט. — נעהט אוועק! וואָס טוט איר דאָ? איך וויים גאנץ גוט, אז איך דארף ניט וויינען: עס איז ניטאָ אויף וואָס. איר זייט גערעכט: אלץ קאָן אמאָל פּאסירען.

— וואָס זאָל איך טאָן, אז איך זאָל ניט זען מער אייערע טרערען? — האָט ער געפּרעגט, שטעלענדיג זיך פאר איר אויף די קני. — זאָגט, באפעלט: איך בין אויף אלץ גרייט...

— איר האָט געמאכט, אז עס זאָלען זיין טרערען, און עס איז ניט מער אין אייער מאכט אָפּשטעלען זיי... איר זייט ניט אזוי שטארק! לאָזט צו רו! — האָט זי געזאָגט, פאָכענדיג זיך דאָס פּנים מיט א טיכעל.

ער האָט א קוק געטאָן אויף איר און גענומען זיך שילטען מיט די ערגסטע קללות:

— אן אומגליקליכער בריף! — האָט ער ארויסגערעדט מיט חרטה.

אין דער מיט פון דער אליי, האט ער זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן גראז, צווישען בושען, און געווארט.

„זי וועט דא פארבייגעהן, — האט ער ביי זיך געטראכט, — און אומבאמערקט וועל איך א קוק טאן אויף איר און פאר־שווינדען אויף אייביג."

מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם האט ער געווארט אויף דעם קלאנג פון אירע טריט. עס איז שטיל. מען הערט קיין קלאנג ניט. די נאטור האט געלעבט א טעטיג לעבען; ארום האט געקאכט מיט אומבאמערקטער ארבייט, אבער אויבערפלעכ־ליך האט געמאכט דעם איינדרוק, אז אלץ איז געלעגען אין א פייערליכער רו.

און אין גראז האט זיך דערווייל אלץ באוואויגען, געוועזען פארנומען. פון פארשידענע זייטען איילען זיך די מוראשקעס, זיי זענען זער באשעפטיגט, שטויסען זיך אן איינע אן דער אנ־דערער, געהען זיך פאנאנדער, און קוקענדיג אויף זיי האט מען פאר זיך דאס זעלבע בילד, ווי מען וואלט געקוקט פון דער הויך אויף א מענשליכען יריד.

„סאר א ליארם איז דא! — האט א טראכט געטאן אב־לאמאוו, איינהערענדיג זיך צו דעם, וואס עס איז ארום אים פארגעקומען אין דער נאטור, — און פון דרויסען זעט אלץ אויס אזוי שטיל, אזוי רואיג!"

אבער קיין טריט הערט מען נאך אלץ ניט. מיטאמאל האב־בען זיך דערהערט טריט... „אך! — האט אבלאמאוו א זיפץ געטאן און שטיל פאנאנדערגעשפרייט די צווייגען. — דאס איז זי, זי... גאט מיינער! זי וויינט! זי וויינט!"

שטיל און פאמעליך איז אלגא געגאנגען און געווישט זיך מיט א טיכעל די אויגען; אבער ווי נאר זי האט זיך אפגעווישט איין טרער, האט זיך גלייך באוויזען א צווייטע. זי שעמט זיך, שלינגט די טרערען, זי וויל עס פארבארגען אפילו פון די בוימער, אבער זי קאן עס ניט. אבלאמאוו האט קיינמאל ניט געזען אלגא'ן וויינען. און ער האט ניט ערווארט צו זען קיין טרערען

— עך, דו! — האָט ער ארויסגעדונערט און פארמאָסטען זיך אויף איר מיט'ן עלענבויגען. — וואוהין?

זי האָט א שמייכעל געטאָן און אוועקגעגאנגען, אָבער פון צווייטען צימער האָט זי ארייגעקוקט דורך א שפאַלט, צי זאַכאר פירט אויס דעם הער'ס באפעל.

איליא איליטש האָט דערהערט א טומעל און איז אליין ארויסגעלאָפען.

— דו ביסט עס, קאטיא? — האָט ער געפרעגט.

— דאָס פריילין האָט באפוילען פרעגען, וואו אהין איר זייט אוועקגעפאָרען? אָ, איר זייט דאָך גאָר נישט ניט אוועקגעפאָרען! איך לויף עס דערצעהלען אין דער היים, — האָט זי געזאָגט און געוואָלט ארויסלויפען.

— איך בין אין דער היים. דאָס האָט ער דיר געלייגט, — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו. — נא דיר דעם בריף און גיב אים אָפּ דער פריילין.

— צו באפעל.

— וואו איז די פריילין איצט?

— זיי זענען געגאנגען אין דאָרף שפּאַצירען און געהייסען אייך זאָגען, אז אויב איר האָט שוין געענדיגט דאָס ביכעל, זאָלט איר קומען א זייגער צוויי אין פארק.

זי איז אוועקגעגאנגען.

„ניין, איך וועל ניט געהן... צו וואָס נאָך אויפרעגען דאָס הארץ, ווען אלץ דאַרף געענדיגט ווערען?..." — האָט געטראכט אָבלאָמאָוו לאָזענדיג זיך אין דאָרף אריין.

ער האָט פון דער ווייטען געזען ווי אָלגא שפּאַצירט אויפ'ן בארג, ווי קאטיא האָט איר דעריאָגט און איר אָפּגעגעבען דעם בריף. ער האָט געזען, ווי אָלגא האָט זיך אויף א מאָמענט אָפּגעשטעלט, א קוק געטאָן אויפ'ן בריף, א טראכט געטאָן א ווײַלע, און אריין אין דער אליי פון פארק.

אָבלאָמאָוו איז ארומגעגאנגען דעם בארג און איז אריין פון דער צווייטער זייט אין דער זעלבער אליי און, צוקומענדיג ביז

אָפּגעבען דעם בריף. וועל איך טאַקע ווי נאָר דער מענש וועט קומען, אים אָפּגעבען דעם בריף.

— ניין איך קאָן פון דיר מער ניט אויסהאַלטען! ביסט אַ פּשוט'ער מערדער! וואו איז דער בריף? גיב אים מיר אַהער! — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו.

זאַכאַר האָט געבראַכט דעם בריף, וואָס איז שוין געווען גוט פאַרפלעקט.

— די הענט דיינע זאָלסטו דיר וואַשען! — האָט מיט כעס אַ געשריי געטאָן אָבלאָמאָוו, אָנווייזענדיג אים אויף די פלעקען.

— איך האָב ריינע הענט — האָט גיך אָפּגעענטפערט זאַכאַר, קוקענדיג אָן אַ זייט.

— אַניסיאַ, אַניסיאַ! — האָט אַ רוף געטאָן אָבלאָמאָוו.

אַניסיאַ האָט זיך אויף אַ העלפט אַרויסגערוקט פון פאָדער־צימער.

— זעסט וואָס זאַכאַר האָט אָפּגעטאָן? — האָט ער זיך פאַר איר געקלאָגט. — אָט האָסטו אַ בריף און גיב אים אָפּ דעם מענשען, אָדער דער קעכין, אָדער ווער עס זאָל ניט קומען פון די אילינסקים אַז זיי זאָלען אים אָפּגעבען דער פריילין. האָסט פאַרשטאַנען?

— איך וועל ערפילען אַלץ, וואָס איר האָט באַפוילען, הער.

אָבער ווי נאָר זי איז אַריין אין קאָרידאָר האָט זאַכאַר אַרויס־געריסען פון איר האַנד דעם בריף.

— מאַרש אין קיך אַריין! דאָס איז ניט קיין אַרבייט פאַר דיר! — האָט ער אַ געשריי געטאָן.

אין גיכען איז נאָכאַמאָל געקומען צולויפען דאָס דינסט־מיידעל. זאַכאַר האָט איר געעפענט די טיר און אַניסיאַ האָט געוואָלט צוגעהן צו איר, אָבער זאַכאַר האָט געוואָרפען אויף איר אַ כעס'דיגען בליק.

— וואָס ווילסטו דאָ האָבען? — האָט זאַכאַר זי הייזעריג געפרעגט.

— איך בין בלויז געקומען הערען, ווי דו וועסט...

שטוינט ווערען, וואס פאר א פּנים זי וועט מאכען, ווען זי וועט רעם בריף דורכלעזען. וואס וועט דאמאלט זיין?

ער האט הנאה געהאט פון דער פּערספּעקטיווע פון דעם היינטיגען טאג, פון דער נייער ווענדונג, וואס די אנגעלעגענהייט האט אנגענומען... מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם האט ער זיך איינגעהערט צום קלענסטען רויש פון דער טיר צי עס קומט ניט דער מענש... ניין, עס איז שטיל אין פּאדערהויז.

„וואס זאל דאס באדייטען?" — האט ער אן אומרואיגער געטראכט ביי זיך. — ווי איז דאס מעגליך? קיינער איז נאך ביז איצט ניט געווען . . ."

א געהיימע שטימע האט צו אים א מורמעל געטאן: „וואס באאומרואיגסטו זיך אזוי? דו ווילסט דאך אז קיינער זאל ניט קומען, אז דו זאלסט קאנען צורייסען די באציאונגען". אבער ער האט דערשטיקט אין זיך די דאזיגע שטימע.

אין א האלבע שעה ארום האט ער א רוף געטאן זאכאר'ן פון הויף, וואו ער איז זיך געזעסען מיט'ן קוטשער.

— קיינער איז ניט געווען? קיינער איז ניט געקומען? — האט ער געפרעגט.

— מען איז יא געווען — האט געענטפערט זאכאר.

— וואס האסטו געטאן?

— איך האב געזאגט, אז איר זייט ניטא, אין דער שטאדט אריין, האב איך געזאגט, זייט איר אוועקגעפארען.

אבלאמאוו האט אויסגעגלאצט אויף אים א פּאר אויגען.

— ווער האט דיר געהייסען אזוי טאן? — האט אבלא־מאוו געפרעגט. — וואס האב איך דיר געהייסען טאן, ווען דער מענש וועט קומען?

— עס איז ניט געקומען קיין מענש, נאר די דינסט, — האט זאכאר זיך קאלטבלוטיג אפּגערופען.

— און דעם בריף האסטו אוועקגעגעבען?

— געוויס ניט. צום ערשטען האט איר דאך געהייסען זאגען, אז איר זייט אין דער היים ניטא, און ערשט שפּעטער —

דעם, וואָס דער דאָזיגער קליינער עפּיזאָד אין אונזער לעבען, וועט איבערלאָזען אויף שטענדיג אין מיר אַזאַ ריינע, וואויל־דופטענדע ערינערונג, וואָס דאָס אַליין איז שוין גענוג, אַז איך זאָל ניט ווידערשטאַל פאַרזוכען ווערען אין דער פריהערדיגער אַפּאַטיע, און איך, ניט ברענגענדיג קיין שום שאָדען, וועט עס דינען פאַר אַ וועגווייזער אין אייער צוקונפטיגען, נאָרמאַלען לע־בען. אַדיע, מיין מלאך, פליט אַוועק וואָס גיכער, ווי אַ דער־שראָקען פייגעלע פליט אַוועק פון דעם צווייגעל, אויף וועלכען עס האָט זיך דורך אַ טעות אַוועקגעזעצט. און ווי זי, פליט אַוועק לייכט, מוטיג, פרעהליך פון דער צווייג, אויף וועלכער איר האָט זיך צופעליג אַוועקגעזעצט!"

אָבלאָמאָוו האָט געשריבען מיט באַגייסטערונג. לייכט איז די פּען געלאָפען איבערן פּאַפּיר. די אויגען האָבען געלויכטען, די באַקען האָבען געברענט. דער בריף איז אַרויסגעקומען אַ לאַנגער, ווי אַלע ליבעס־בריף: אַ שרעק, וואָס פאַר אַ פלוי־דערער פאַרליבטע זיינען.

„זאָנדערבאַר, מיר איז שוין איצט ניט לאַנגווייליג, מיר איז שוין איצט ניט שווער! — האָט ער געטראַכט. — איך בין איצט כמעט ווי גליקליך. . . ווי אַזוי איז דאָס? מסתמא איז דאָס דערפאַר, וואָס איך האָב אין דעם דאָזיגען בריף אַרונ־טערגעוואָרפען די משא פון מיין הארץ."

אָבלאָמאָוו האָט דורכגעלעזען דעם בריף, צוזאַמענגעלייגט און פאַרקלעפּט אים.

— זאַכאַר! — האָט ער געזאָגט. — ווען עס וועט קומען דער מענש, גיב אים דעם בריף פאַר דער פריילין.

— צו באַפעל! — האָט געזאָגט זאַכאַר.

אָבלאָמאָוו'ן איז באמת פרעהליך געוואָרען. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט די פיס אויף דער סאָפע און געפרעגט, צי עס איז ניטאָ וואָס איבערצובייסען. ער האָט אויפגעגעסען צוויי אייער און פאַררויכערט אַ סיגאַר. ער האָט זיך פאָרגע־שטעלט, ווי אָלגאַ וועט באַקומען דעם בריף, ווי זי וועט ער־

איז גאָר עפּעס אנדערש: פאַר מיינע אויגען שטעהען ניט ניט אייערע מילדע אויגען, ניט אייער גוט און ליב געזיכט; דאָס פּאַפּיר ליידט און שווייגט, און איך שרייב רואיג (איך לייג): מיר וועלען זיך שוין מער ניט זען. (איך לייג ניט).

„און אנדערער וואָלט מסתמא צוגעלייגט: איך שרייב און באַגיס זיך מיט טרערען, אָבער איך פּוין זיך ניט אויס פאַר אייך, איך דראַפּיר זיך ניט אין מיין טרויער, ווייל איך וויל ניט פאַרגרעסערען דעם פּיין. אָט דאָס גאַנצע פּוצען זיך אין פּיין, האָט פאַר זיך אַ ציל אריינצולאָ־זען טיפערע וואָרצלען אין דעם באָדען פון געפיל, און מיין צוועק איז ארויסצורייסען פון מיר און פון אייך זיינע זאמען. און וויינען וויינען בלויז פּאַרפּירער, וואָס זוכען דורך פראַזען צו פאַנגען פרויען, אָדער טרויעריגע פאַנטאַזיאָרען. איך זאָג דאָס, געזעגענדיג זיך מיט אייך, ווי מען געזעגענט זיך מיט אַ גוטען פריינד, וואָס פאָרט אוועק אין אַ וויטער מדינה. אין אַ וואָך דריי, אָדער פיר ארום וואָלט עס געווען שווער, וואָלט עס געוועזען צו שפּעט. שוין אפילו איצט בין איך ניט ווי אַ מענש דאַרף זיין, איך צעהל ניט קיין שעה'ען און מינוטען, איך ווייס ניט ווען די זון געהט אויף און אונטער, נאָר איך צעהל: יאָ געזען — ניט געזען, איך וועל זי יאָ זען — איך וועל זי ניט זען, זי איז געווען — זי איז ניט געווען, זי וועט זיין. . . מעגליך, דאָס אַלץ פּאַסט זיך זער גוט פאַר דער יוגענט, וואָס קאָן לייכט איבערטראָגען אנגענעמע און אומאנגענעמע אויפרעגונ־גען; פאַר מיר, אָבער, איז ווי ווי אָנגעמאָסטען רו, מעג זיין אפילו לאַנגווייליגע, פאַרשלאָפענע. מיט שטורעמס קאָן איך מיר קיין עצה ניט געבען.

„פיל וועט פאַרוואונדערען מיין האַנדלונג: צו וואָס אנט־לויפען? וועלען זיי זאָגען. אנדערע וועלען לאַכען פון מיר, זאָלען זיי! אויב איך האָב זיך געקאָנט באַשליסען ניט צו באַ־געגענען זיך מער מיט אייך, בין איך שוין גרייט אויף אַלץ.

„אין מיין טיפען טרויער געפין איך אביסעל טרייסט אין

וואלט געווען אויפריכטיגער. . . עס איז אמת, אז איך האב גע־רעדט, אבער גערעדט האב איך עס פון מורא און אזוי, אז איר זאלט ניט גלויבען מיינע רייד. איך האב פריער געוואלט זאגען אליז, וואס עס קאנען זאגען אנדערע, כדי אייך צוצוגרייטען, אז איר זאלט ניט הערען און ניט גלויבען זיי. אליין האב איך זיך געאיילט צו זען אייך, וואס אפטער, טראכטענדיג דערביי: „מעג אמאל קומען א צווייטער, דערווייל בין איך גליקליך". אט האט איר פאר זיך די לאגיק פון דער ליידענשאפט.

„איצט, אבער, טראכט איך שוין אין גאנצען אנדערש. און וואס וועט זיין, אז איך וועל זיך אזוי צובינדען צו איר, אז זען זי וועט ניט זיין בלויז א פארגעניגען, נאר עס וועט ווערען א נויטוועגדיגקייט, ווען די ליבע וועט דורכדרינגען דאס הארץ? ווי אזוי וועל איך זיך דאמאלט באפרייען פון איר? וועל איך דען קאנען איבערטראגען די יסורים? שלעכט וועט מיר דא־מאלט זיין. שוין איצט קאן איך זיך ניט דערמאנען אן שרעק יענע צייט. ווען איך וואלט געווען ערפארענער, עלטער, דא־מאלט וואלט איך געבענשט מיין גליק און דערלאנגט אייך מיין האנד אויף אייביג. אבער אזוי. . .

„צו וואס שרייב איך דאס אליז? פאר וואס בין איך אליין ניט געקומען און געזאגט אייך, אז דער פארלאנג אייך צו זען, וואקסט מיט יעדען טאג אליז מער, אבער זען אייך, טאר איך ניט? אורטיילט אליין צי מיר קלעקט מוט עס אייך צו זאגען! טיילמאל וויל איך עפעס ענליכעס צו דעם אייך זא־גען, אבער עס קומט ארויס עפעס אנדערש. מעגליך, אז אויף אייער פנים וואלט זיך באוויזען טרויער (אויב עס איז אמת, אז אייך איז ניט לאנגווייליג מיט מיר), אדער איר, ניט פאר־שטעהענדיג מיינע גוטע אבזיכטען, וואלט זיך גאר געפילט בא־ליידיגט, — וואס עס זאל ניט זיין, איך וואלט עס ניט געקאנט איבערטראגען, און איך רעד ווייטער ניט דאס וואס איך האב געוואלט, די ערליכע אבזיכטען פארשווינדען מיט'ן רויך און עס ענדיגט זיך דערמיט, וואס מיר באשטימען זיך מארגען ווי־דער צוטרעפען. איצט, אבער, ווען איר זייט ניט דא פאר מיר

נעבען אייערע פאנטאזיעס, אין איך האָבען אָנגעהויבען רעדען אייערע נערוועז, איר האָט גענומען ווערען אויפגערעגט, און דאמאָלט, דאָס הייסט איצט האָב איך זיך דערשראָקען און דער־פילט, אז אויף מיר ליגט די פליכט זיך אָפּצושטעלען און זאָגען אייך, וואָס דאָס איז אזוינס.

„איך האָב אייך געזאָגט, אז איך האָב אייך ליב, און איר האָט מיר געענטפערט אויף מיין ליבע. הערט איר ניט, וואָס פאר א דיסאָנאנס עס קלינגט אין דעם? איר הערט ניט? וועט איר עס שפּעטער דערהערען, ווען איך וועל שוין ליגען אין תהום. גיט א קוק אויף מיר, טראכט זיך איין אין מיין לעבען און זאָגט, צי איר קאָנט מיך ליב האָבען, צי איר האָט מיך ליב? „איך האָב אייך ליב, איך האָב אייך ליב, איך האָב אייך ליב, !" האָט איר מיר נעכטען געזאָגט. עס איז ניט אזוי, ניט אזוי, ניט אזוי! ענטפער איך אייך אויף דעם.

„איר האָט מיך ניט ליב אָבער איר לייגט ניט, — איך וויל איך צו באמערקען, — און איר גענארט מיך ניט; איר קאָנט ניט זאָגען י אָ ווען אלץ אין אייך זאָגט נ י י ן. איך וויל אייך בלויז דערווייזען, אז אייער איצטיגער אויסדרוק „איך האָב אייך ליב", באציט זיך ניט אויף אייער איצטיגער ליבע, נאָר אויף דער קומענדער; דאָס איז בלויז אן אומקלאָרער פאר־לאנג נאָך ליבע, וואָס, א דאנק דעם מאנגעל אין אמת'ער נאַ־רונג, אין אמת'ן פייער, לויכט ער מיט א פאַלשען, קאַלטען שיין, וואָס ווייזט זיך אָפּטמאָל אין די צערטליכקייטען וואָס א פרוי ווייזט ארוים צו א קינד, צו אן אנדער פרוי, אָדער גאָר אין אירע טרערען, און היסטערישע צופאלען. גלייך אין אָנפאנג האָב איך אייך געדארפט זאָגען: „איר האָט א טעות, פאר אייך שטעהט ניט דער אויף וועמען איר האָט געוואַרט, וועגען וועמען איר האָט גע'חלום'ט. וואַרט צו, ער וועט קומען, און דאַ־מאָלט וועט איר אויפלעבען. איר וועט זיך ערגערען און שעמען פאר אייער טעות, און מיר וועט אייער ערגערניש און שאנד פארשאפען יסורים" — אָט וואָס איך האָב אייך געדארפט זאָ־גען, ווען איך וואָלט געווען מוטיגער און, שליסליך, ווען איך

שטעל זיך אָפּ, עס הענגט דאָך אָפּ אָן מיר", אָבער וואס א טאָן האָב איך זיך אליין ווייטער פארפלאָנטערט. איצט קומט אין מיר פאָר א קאַמף און איך בעט אייער שטיצע. ערשט אין דער היינטיגער נאַכט האָב איך פארשטאַנען, אז איך פאַל אליין טי־ פער אין תהום אריין און האָב באַשלאָסען אָפּשטעלען זיך.

„עס איז ניט קיין עגאָאיזם, וואָס איך רעד בלויז וועגען זיך אליין. עס איז דערפאר, ווייל ווען איך וועל שוין ליגען אויפ'ן גרונט פון תהום, אין וועלכען איך פאַל איצט, וועט איר נאָך אליין, ווי א ליכטיגער מלאך, ארומשוועבען אין דער הויך, און איך וויים ניט, צי איר וועט גאָר וועלען אפילו ווארפען א בליק אין אָט דעם תהום אריין. הערט זיך איין, איך וועל אייך זאָגען אָפען, אָן וועלכע עס איז אָנדייטונגען: איר האָט מיך ניט ליב און איר קאָנט מיך ניט ליב האָבען. גלויבט עס מיר, וואָרים איך בין א מענש אָן ערפארענער און וויים, וואָס איך רעד. איז דאָך שוין לאנג, ווי מיין הארץ האָט אָנ־ געהויבען צו קלאַפּען, לאָמיר זאָגען, קלאַפּען פאַלש, ניט אין דער ריכטיגער צייט, אָבער דאָס אליין האָט מיך שוין אויסגע־ לערענט אונטערצושיידען ווען עס קלאַפּט אמת'דיג און ווען פאַלש, אָדער בלויז צופעליג. איר קאָנט ניט וויסען, אָבער איך דאַרף און קאָן וויסען וואו עס איז אַן אמת'דיג געפיל און וואו בלויז א צופאל, און עס ליגט אויף מיר א חוב צו וואָרענען דעם, וואָס איז נאָך אין דעם ניט קלאָר. און איך וואָרען אייך: גיט אכט, איר בלאָנזשעט!

„אזוי לאנג ווי די ליבע איז צווישען אונז געווען עפּעס לייכטס און שמייכלענדיגעס, אזוי לאנג ווי זי האָט ארויסגע־ קלונגען בלויז פון אייערע לידער, געטראָגען זיך אין דופט פון א בעז צווייגעל, אין ניט ארויסגערעדטען מיטגעפיל, אין פארשעמטען בליק, האָב איך איר ניט געטרויט, אָנגענומען זי פאַר אַן איינבילדונג, פאר אַן עגאָאיסטיש געפיל. אָבער די שטי־ פערייַ איז פאַראיבער, איך האָב זיך אָנגעשטעקט מיט ליבע, דערפילט די סימפּטאָמען פון ליידענשאַפט, און איר, איר זייט געוואָרען פארטראַכטער, ערנסטער. איר האָט מיר אוועקגע־

פנים אין קישען. „אדיע, אָלגא, זיי געזונט", האָט ער פארענ־דיגט.

— זאכאר! זאכאר! — האָט ער אין־דער־פרי א גע־שריי געטאָן, — אויב עס וועט קומען נאָך מיר א מענש פון די אַילינסקים, זאָג אים, אַז איך בין אין דער היים ניטאָ, אַז איך בין אוועקגעפאָרען אין שטאָדט אריין.

— צו באפעל!

„ניין, ניט אזוי . . . איך וועל איר שוין ליבערשט אויפ־שרייבען א פּאָר ווערטער, — האָט ער געזאָגט צו זיך אליין, — אז ניט וועט עס איר פאָרקומען זער ווילד, וואָס איך בין מיט־אמאָל פארפאלען געוואָרען. עס איז אומבאדינגט נויטיג אן ערקלערונג."

ער האָט זיך צוגעזעצט צום טיש און גענומען שרייבען גיך, מיט היץ, מיט א פיבערהאפטער שנעלקייט, גאָר ניט אזוי ווי ער האָט אָנפאנג מאַי געשריבען צום ווירט פון הויז.

„איך וועט עס זיכער אויסקומען זאָנדערבאר, אָלגא סער־געיעוונא, — האָט ער געשריבען, — וואָס שטאָט מיר וועט גאָר צו איך קומען א בריף. א בריף אין א צייט ווען מיר זעען זיך אזוי אָפט. לעזט דעם בריף דורך אין גאנצען, און איר וועט דאמאָלט זען, אז אנדערש האָב איך ניט געקאָנט האנדלען. מיר האָבען געדארפט אָנהויבען פון דעם בריף. דאמאָלט וואָלטען מיר אויסגעמידען פיל געוויסנס־ביסען, וואָס ערווארט אונז אין דער צוקונפט; אָבער איצט איז אויך נאָך ניט צו שפּעט. מיר האָבען ליב באקומען איינער דעם צווייטען אזוי צופעליג, אזוי אומגעריכט און גיך, און דאָס האָט מיר געשטערט צו עפענען פריער די אויגען, געשטערט צוריקצוקומען צו דערווירקליכקייט. און אויסער דעם, קוקענדיג אויף אייך, הערענדיג אייך דורך גאנ־צע שטונדען, וועך האָט דאָס געוואָלט נעמען אויף זיך דעם שווערען חוב פון באפרייען זיך פון דעם כשוף? וואו קאָן מען זיך אָננעמען מיט אזויפיל כח, אז מען זאָל זיך קיין איינ־ציג מאָל ניט אויסגליטשען? און יעדען טאָג האָב איך צו זיך געזאָגט: „ווייטער וועל איך זיך ניט לאָזען פאר'כשופ'ען, איך

א צופאל דער ערשטער, פאר אן עקספערימענט איז ער צו דערליידען:

וואָרים דורך א צופאל האָבען זיי זיך באַקאָנט און נאָנט געוואָרען. זי וואָלט אים ניט באמערקט: דאָס האָט שטאָלץ אָנגעוויזען איר אויף אים, ער האָט אָנגעשטעקט דאָס יונגע, איינדרוקספולע הארץ מיט זיין אייגענעם אַנטייל אין אָבלאָמאָוו'ס לעבען, עס האָט זיך באוויזען מיטגעפיל צו אים, צו זיין לאַגע, אַ געפיל פון זעלבסטליבע אַרונטערצוטרייסלען די אַפּאַטיע פון זיין נשמה, און דערנאָך פארגעסען זי.

„דאָס איז עס און ניט מער! — האָט ער מיט שרעק אַרויסגערעדט, אויפהייבענדיג זיך פון בעט און מיט אַ ציטערדיגער האַנד אָנציגדענדיג אַ שוועבעלע. — בלויז דאָס! זי איז געווען גרייט צו עמפאנגען די ליבע, וואַכיג האָט געוואַרט איר הארץ, און ער איז אומגעריכט געקומען אויף איר וועג, דורך אַ טעות געקומען. און ווען דער אמת'ער וועט קומען, וועט זי זיך אָפּקערען מיט שרעק פון אים! אָ, ווי זי וועט דאָס דאמאָלט אַ קוק טאָן אויף אים! ווי זי וועט זיך דאָס דאמאָלט אָפּקערען פון אים! איך האָב צונע'גנב'עט, וואָס עס באלאַנגט צו אַ צווייטען! איך בין אַ גנב! וואָס טו איך? וואָס טו איך? גאָט מיינער! איך בין דאָך אין גאַנצען בלינד!"

ער האָט אַ קוק געטאָן אין שפּיגעל אריין: בלייך, געל, די אויגען — מאַט. און ער האָט זיך דערמאָנט אָן יענע יונגע, גליקליכע, מיט דעם פייכטען פאַרטראַכטען, אָבער שטאַרקען און טיפען בליק, ווי ביי איר, מיט אַ ציטערדיגען פייערל אין די אייגען מיט זיכערהייט אויף זיג אין זייער שמייכלען, מיט אַ מוטיגען טראָט און מיט אַ קלינגענדיגען קול. און ער וועט זיך ענדליך דערוואַרטען, אַז איינער זאָל זיך באַווייזען: זי וועט אויפברויזען, וועט אַ קוק טאָן אויף אים, אָבלאָמאָוו'ן, און . . . וועט זיך צולאַכען אויפ'ן קול.

ער האָט ווידעראַמאָל אַ קוק געטאָן אין שפּיגעל אריין. „אזוינע ליבט מען ניט!" האָט ער אַ זאָג געטאָן.

דערנאָך איז ער געפאַלען אויפ'ן בעט איינגענראָבען דעם

גערענקען דורכגעלאָפּען זיין גאַנץ לעבען: צום הונדערטסטען מאָל האָט צו־שפּעטע חרטה צוזאַמענגעדריקט זיין האַרץ. ער האָט זיך געגומען פאַרשטעלען, וואָס ער וואָלט געווען איצט, ווען ער וואָלט מוטיג געגאַנגען פאָראויס, ווען ער וואָלט גע־לעבט פילזייטיגער און געווען טעטיגער, און ער איז איבער־געגאַנגען צו דער פראַגע, וואָס שטעלט ער מיט זיך איצט פאָר און ווי האָט געקאָנט, און ווי קאָן אים איצט אָלגאַ ליב האָבען, און פאַר וואָס זאָל זי אים ליב האָבען?

איז עס ניט קיין טעות? האָט מיטאַמאָל ווי א בלייז גע־טאָן ביי אים אין מוח. דער בלייז איז אריינגעפאַלען צו אים אין האַרץ אריין און האָט אים זיין האַרץ צובראָכען. ער האָט א קרעכץ געטאָן. „יאָ, עס איז ניט מער ווי א טעות!" האָט זיך געגומען דרעהען ביי אים אין מוח.

„איך האָב דיך ליב, איך האָב דיך ליב, איך האָב דיך ליב", האָט ווידער א קלונג געטאָן אין זיין זכרון, און זיין האַרץ האָט געגומען זיך דערוואַרמען, אָבער מיטאַמאָל איז עס ווידער קאַלט געוואָרען. און וואָס זאָל באַדייטען אָלגאַ'ס דריי־פאַכי־געס „איך האָב דיך ליב"? עס איז ניט מער ווי א פאַרבלענ־דעניש פון איר זייט, דאָס איז ניט קיין ליבע, עס איז בלויז דער פאַרגעפיל פון ליבע!

דער קול פון ליבע וועט זיך נאָך א מאָל דערהערען פון איר האַרץ ארויס, אָבער ווי שטאַרק וועט דאָס א קלונג טאָן! עס וועט א דונער טאָן מיט אזא אקאָרד, אז די וועלט וועט אויפ־געטרייסעלט ווערען! עס וועט געוואָר ווערען די טאַנטע, דער באַראָן, און ווייט וועט זיך צוטראָגען זיין עבאַ! דאָס דאָזיגע געפיל וועט ניט אָנהויבען שטראָמען אזוי שטיל, ווי א טייכעל, וואָס פליסט צווישען גראָזען מיט א קוים הערבאַרען מורמעל.

זי ליבט איצט פונקט אזוי ווי זי שטיקט עפּעס אויס: שטיל, פויל, און אזוי באַציט זי זיך צו אים, זי באַוואונדערט אים דערווייל, אָבער שפּעטער וועט זי אָן אים פאַרגעסען. יאָ, דאָס איז בלויז א פאָרבערייטונג צו ליבען, אן עקספּערימענט, און ער — דער סוביעקט, וואָס האָט זיך אונטערגערוקט דורך

# א. א. גאָנטשאַראָוו

ער האָט אַ זיפֿץ געטאָן.

— ניט זען זיך מיט אָלגאַ'ן... גאָט מיינער! דו האָסט מיר געעפֿענט די אויגען און אָנגעוויזען מיין פֿליכט, — האָט ער געזאָגט, אויפֿהויבענדיג די אויגען צום הימעל, — וואו זאָל איך נעמען כוחות? פֿאַנאַנדערגעהן זיך? איצט קאָן מען עס נאָך טאָן, אמת, מיט גרויסע יסורים, אָבער דערפֿאַר וועסטו זיך ניט דאַרפֿען שפּעטער פֿאַרשעלטען, פֿאַרוואָס דו ביסט זיך ניט צוגאַנגען! און באַלד וועט מען קומען פֿון איר, זי האָט געוואָלט שיקען... זי ערוואַרט ניט...

וואָס איז געווען די אורזאַך? וואָס פֿאַר אַ ווינד האָט מיטאַמאָל אַ וועה געטאָן אויף אָבלאָמאָוו'ן? וואָס פֿאַר אַ וואָלקען האָט ער אָנגעטראָגען? וואָס לייגט ער אַרויף אויף זיך אַזאַ שווערען יאָך? און ערשט נעכטען, דאַכט זיך, האָט ער געקוקט אין אָלגאַ'ס נשמה און געזען דאָרט אַ ליכטיגע וועלט און אַ ליכטיגע צוקונפֿט, דורכגעלעזען דאָרט זיין און איר גורל. וואָס האָט, אַלזאָ, פּאַסירט?

מסתמא האָט ער געגעסען אָוונד־ברויט, אָדער געלעגען אַביסעל אויף דער פּלייצע, און די פּאָעטישע שטימונג האָט אָפּגעטראַטען דעם פּלאַץ פֿאַר שרעקענס־בילדער.

עס פּאַסירט אָפֿט, אַז מען שלאָפֿט איין אין אַ שטילען, באַשטערנטען, זומער אָוונד, טראַכטענדיג ווי שעהן וועט זיין דאָס פֿעלד אין די ערשטע מאָרגען שטראַלען! ווי פֿרעהליך וועט זיין צו באַהאַלטען זיך פֿאַר דער זון אין וואַלד!. . . און מיטאַמאָל וועקט דיך אויף דער רויש פֿון רעגען, קוקסט אַרויס און דו זעסט נאָר טרויעריגע וואָלקען, עס איז קאַלט, פֿייכט...

אין אָוונד האָט אָבלאָמאָוו, ווי געוועהנליך, זיך צוגע־הערט צום קלאַפּען פֿון זיין האַרץ, באַטאַפּט עס מיט די הענד און געגומען זיך איבערצייגען, צי די פֿאַרהאַרטונג איז פֿאַרגרע־סערט געוואָרען, און ענדליך האָט ער זיך גענומען פֿאַרטיפֿען אין אַן אַנאַליז פֿון זיין גליק, און מיטאַמאָל אָנגעטראָפֿען אויף אַ טראָפּען סם און איז פֿאַר'סמ'ט געוואָרען.

דער סם האָט געווירקט גיך און שטאַרק. ער איז אין די

אפילו ניט געצויגען צום קישען: ער האָט זיך שוין אָפּגע־וועהנט דערפון. דאָך האָט ער זיך אָנגעשפּארט מיט'ן עלענ־בויגען אָן קישען — א צייכען, וואָס האָט אָנגעדייט אויף זיין פריערדיגער געוועהנהייט.

ער איז געווען טרויעריג, צייטענווייז האָט ער געזיפצט, טיילמאָל א צוק געטאָן מיט די פּלייצעס און מיט באַדויערען געשאָקעלט דעם קאָפּ.

עפּעס ארבייט אין אים, אָבער דאָס איז ניט קיין ליבע. אָלגא'ס געשטאַלט שטעהט אים פאר די אויגען, אָבער עס איז אזוי ווי פארנעבעלט, אָהן א פונק פון ליכטיגקייט, און אזוי פרעמד. מיט קרענקליכע בליקען קוקט ער אויפ'ן געשטאַלט און זיפצט.

„לעב, ווי גאָט האָט געבאָטען, און ניט ווי דיר ווילט זיך,— איז א קלוגע רעגעל, אָבער..."

און ער האָט זיך פארטראַכט.

„עס איז קלאָר, אז מען קאָן ניט לעבען, ווי עס ווילט זיך, — האָט אָנגעהויבען אין אים צו רעדען א פינסטערע, ווידערשפּע־ניגסטע שטימע. — מען פאַלט אריין אין ווידערשפּרוכען, וואָס דער מוח פון אָן איינציגען מענשען וועט זיי קיינמאָל ניט קאָנען פאנאנדערפּלאָנטערען, מעג ער זיין ווי טיף און ווי העזה'דיג! נעכטען האָסטו עפּעס פארלאַנגט, היינט האָסטו עררייכט דאָס, וואָס דו האָסט מיט די לעצטע כוחות באַגערט נעכטען, און נאָכדעם פארפלוכסטו דאָס לעבען, ווארום עס האָט פארווירקליכט דאָס, וואָס דו האָסט אזוי שטאַרק באַגערט, — אָט וואָס עס קומט ארויס פון זעלבסטשטענדיגען און העזה'דיגען שפּאַנען איבער'ן לעבען, פון דעם חוצפּה'דיגען א י ך ו ו י ל. מען דארף גהען טאַפּענדיג ארום זיך, אויף פּילעס פארמאַכען די אויגען, ניט פּאַנטאַזירען צופיל וועגען גליק און ניט קלאָגען זיך, אז עס פארשווינדט, — אָט אזוי דארף מען לעבען! ווער האָט דאָס אויסגעטראכט, אז דאָס לעבען איז געַנוס, גליק? נאַראָנים! „דאָס לעבען איז א פליכט, — זאָגט אָלגא, — א חוב. און די פליכט איז א שווערע. לאָמיר זי ערפילען..."

.10

אָבלאָמאָוו איז געווען אין אַ צושטאַנד, אין וועלכען עס געפינט זיך אַ מענש, וואָס האָט נאָר וואָס באַגלייט די פאַרגע־הענדע זומער זון און האָט איצט הנאה פון די רויטע שפּורען, וואָס זי האָט געלאָזען נאָך זיך; ער רייסט ניט אָפּ זיינע אויגען פון דער אווענד־דעמערונג און דרעהט ניט אויס דעם קאָפּ אַהין, פון וואַנען עס קומט אָן די נאַכט, נאָר ער טראַכט פון די וואַרימע, ליכטיגע שטראַלען, וואָס וועלען זיך מאָרגען אויף ס'ניי באַווייזען.

ער איז געלעגען אויפ'ן רוקען און הנאה געהאַט פון די לעצטע שפּורען פון זייער נעכטיגער באַגעגעניש. „איך האָב דיך ליב, איך האָב דיך ליב, איך האָב דיך ליב!" האָט נאָך אַלץ געקלונגען אין זיינע אויערען, און געקלונגען האָט עס בעסער פון אַלע אָלגאַ'ס לידער. נאָך האָבען געררוט אויף אים די לעצטע שטראַלען פון איר טיפען בליק. ער האָט דערלעזען אין אים זיין מיין, באַשטימט דעם גראַד פון איר ליבע און געגומען פאַר־זונקען ווערען אין שלאָף, ווי מיט אַמאָל...

אין־דער־פרי איז אָבלאָמאָוו אויפגעשטאַנען אַ בלייכער און אַ טרויעריגער. אויפ'ן פּנים ביי אים זיינען געווען סימנים פון שלאָפלאָזיגקייט. דער שטערען — אין קנייטשען. די אויגען זיינען מאַט, אָהן פייער, עס איז אין זיי ניט דאָ קיין פונק ווילען. דער שטאָלץ, דער פרעהליכער, מוטיגער בליק, די גע־מעסיגטע, פול מיט באַוואוסטזיין אייליגע באַוועגונגען פון אַ פאַרנומענעם מענשען, — פון דעם אַלעם איז קיין סימן ניטאָ.

אָהן אינטערעס האָט ער געטרונקען דעם טיי, ניט צוגערירט זיך צו אַ בוך, ניט צוגעזעצט זיך צום טיש. אַ פאַרטראַכטער האָט ער פאַררויכערט אַ סיגאַר און זיך צוגעזעצט אויף דער סאָפע. פריער וואָלט ער זיך צוגעשפּאַרט, אָבער איצט האָט אים

ליידענשאפט, צו ווייזען איר דעם גאנצען גלאנץ און קראפט פון דעם פייער, וואָס האָט פארצערט זיין נשמה.

זיי האָבען ניט אָפּגענארט ניט זיך אליין און ניט געלייגט איינער פאר'ן צווייטען: זיי האָבען בלויז ארויסגעגעבען דאָס, וואָס עס האָט געגרעדט זייער הארץ.

דעם אמת זאָגענדיג איז אָבלאָמאָוו'ן ניט געוועזען קיין אונ־טערשיד צי אָלגא האָט זיך פאר אים באוויזען אין געשטאַלט פון קאָרדעליען, אָדער אין אַן אנדער געשטאַלט, אבי נאָר זי זאָל זיך פאר אים באווייזען אין די שטראַלען און פארבען אין וועל־כע זי האָט געלעבט אין זיין הארץ, אבי אים זאָל נאָר זיין גוט.

און אָלגא האָט אויך ניט געוואָלט דערגעהן, צי איר ליי־דענשאַפטליכער פריינד וועט אויפהויבען איר האנד־שו, ווען זי זאָל איר אַ וואָרף טאָן אין אַ לייבענשטייג, צי ער וועט זיך פאר איר ווארפען אין אַ תהום אריין, אַלץ וואָס איר האָט אינטערע־סירט איז געוועזען, אַז זי זאָל שטענדיג אין אים זען די סימפּטאָ־מען פון אָט דער ליידענשאפט, אַז ער זאָל שטענדיג בלייבען טריי דעם אידעאַל פון אַ מאַנספּארשוין, און דערצו פון אַזאַ, וואָס האָט אויפגעוואכט צום לעבען דורך איר; אַז עס זאָל שטענדיג אויפפלאַמען אין אים דער פייער פון מוט, ווען ער וועט דערזען איר שמייכעל, דעם גלאַנץ פון אירע אויגען. און אַז ער זאָל קיינמאָל ניט אויפהערען זען אין איר דעם ציל פון זיין לעבען.

און דערפאר האָט אין דעם דורכגלימערענדען געשטאַלט פון קאָרדעליען, אין דעם פייער פון אָבלאָמאָוו'ס ליידענשאַפט, זיך אָפּגעשפּיגעלט בלויז איין אויגענבליק, בלויז דאָס פאר־גענגליכע אטעמען פון דער ליבע, בלויז איר פרי־מאָרגען, אירס אַ קאַפּריז. מאָרגען וועט אויפשטראַלען עפּעס אנדערש, וואָס וועט, מעגליך, זיין פונקט אזוי שעהן, אָבער פאָרט עפּעס אנ־דערש...

מעת־לעת און איך הער ניט פון אייך „איך האב אייך ליב...״ הויבט אן די אומרואיגקייט דורכצולעכערען...

ער האט אנגעוויזען אויף זיין הארץ.

— איך האב אייך ליב! איך האב אייך ליב! איך האב אייך ליב! זייט איר שוין אויף דריי טעג פארזארגט! — האט געזאגט אלגא, אויפשטעהענדיג פון דער באנק.

— איר וויצעלט זיך אליין, און מיר איז אזוי ניט פרעה־ליך! — האט אבלאמאוו געזאגט, ארונטערלאזענדיג זיך מיט איר פון בארג.

און אזוי האט זיך אפגעשפילט צווישען זיי אט דער דאזי־גער מאטיוו אויף די פארשידענסטע אופנים. די צוזאמענ־קונפטען, די געשפרעכען, — דאס אלץ איז געווען איין ליד, איין ליכט, וואס האט געלויכטען העל און איז צושפליטערט גע־ווארען אויף שטראלען פון די פארשידענסטע קאלירען, וואס האבען געציטערט אין דער ארומיגער אטמאספער. יעדער טאג און יעדע שעה האבען געבראכט נייע שטראלען און קלאנגען, אבער דער מאטיוו איז געווען שטענדיג דער זעלבער.

און ער, און זי האבען זיך איינגעהערט צו די דאזיגע קלאנ־גען און האבען זיי אונטערגעכאפט, נאכגעזונגען זיי איינער פאר׳ן צווייטען און ניט פארדעכטיגט, אז מארגען וועלען אויפ־קלינגען נייע קלאנגען, עס וועלען זיך באווייזען נייע שטראלען און ניט געדענקט, אז נעכטען האבען אנדערע קלאנגען גע־קלונגען.

זי האט באקליידט די געפילען פון איר הארץ אין אזוינע פארבען, וואס האבען גראד אין דעם מאמענט געברענט אין איר פאנטאזיע, און זי האט געגלויבט, אז דאס זיינען די נאטירליכע קאלירען, און זי האט זיך געאיילט מיט אן אומשולדיגער און אומבאוואוסטער קאקעטעריי צו באווייזען זיך פאר איר פריינד אין דער שענסטער באפוצונג.

ער האט נאך מער געגלויבט אין די אלע כשוף׳דיגע קלאנ־גען, אין דעם באצויבערענדען שיין און ער האט זיך געאיילט צו ערשיינען פאר איר אין דער גאנצער באוואפנונג פון דער

— גלויבט מיר, — האָט זי פארענדיגט, — פונקט אזוי, ווי איך גלויב אייך, צווייפעלט ניט און באאומרואיגט ניט מיט פוסטע צווייפלען דאָס דאָזיגע גליק, אז ניט קאָן עס נאָך אוועקפליען. וואָס איך האָב איינמאָל אָנגערופען מ י י נ ס, וועל איך שוין קיינמאָל ניט צוריקגעבען, אויסער מען זאָל עס ביי מיר צונעמען. איר ווייסט, — האָט זי ארויסגערעדט מיט זיכערקייט אין איר שטימע, — אז פאר דעם מאָנאט, וואָס איך קאָן אייך, האָב איך פיל איבערגעטראכט און איבערגע־לעבט... צווייפעלט ניט...

— איך קאָן ניט ניט צווייפלען, — האָט ער זי איבער־געשלאָגען, — און פאָדערט דאָס גאָרניט פון מיר. איצט, ווען איך בין נעבען אייך, בין איך זיכער אין אלעם: אייער שטימע, אייער בליק, אלץ אין אייך רעדט. איר קוקט אויף מיר, ווי איר וואָלט גערעדט: איך דארף קיין ווערטער ניט, איך קאָן לעזען אייערע געדאנקען. אָבער ווען איר זייט ניט דאָ, הויבט זיך אָן אזא פיינליך שפיל פון צווייפעל, פון פארשידענע פראגען, אז איך מוז לויפען צו אייך אום נאָך אמאָל א קוק צו טאָן אויף אייך. אָהן דעם גלויב איך ניט. וואָס זאָל דאָס באַ־דייטען?

— און איך גלויב אייך יאָ: פון וואנען קומט דאָס? — האָט זי געפרעגט.

— איר זאָלט נאָך ניט גלויבען? פאר אייך שטעהט דאָך א משוגע'נער, וואָס איז אָנגעשטעקט מיט ליידענשאפט! אין מיינע אויגען, גלויב איך, קאָנט איר זיך זען, פונקט אזוי גוט ווי אין א שפיגעל. דערצו זייט איר ערשט צוואנציג יאָר אלט. גיט א קוק אויף זיך: קאָן א מאַנספערזאָן, באגעגענדיג אייך, זיך אָפּזאָגען פון באצאָלען אייך דעם צינז פון באוואונדערונג... ווען אפילו בלויז מיט'ן בליק? אָבער קענען אייך, הערען אייך, האָבען די מעגליכקייט צו קוקען לאנג אויף אייך, ליבען אייך, אָ, דאָס קאָן א מענשען ארונטערפירען פון זינען! און איר זייט אזוי רואיג! און אויב עס געהען פאראיבער א צוויי

זאַמקייט, וואָס האָט זיי אַרומגערינגעלט. — אין דען דאָס ניט קיין גליק? האָב איך דען פריער אַמאָל שוין אַזוי געלעבט? פריער וואָלט איך דאָ ניט אויסגעזעסן אַפילו אַ פערטעל שעה אַליין אָן אַ בוך, אָן מוזיק! צו רעדען מיט אַ מאַנספּאַרשוין, אויסער מיט אַנדרעי איוואַניטש'ען, איז מיר געווען לאַנגווייליג, און איך האָב ניט געהאַט וועגן וואָס צו רעדען מיט אים, און איך וואָלט אַליין געזוכט אַן אויסרייד, ווי צו בלייבן אַליין... אָבער איצט... איצט איז אַפילו פרעהליך צו שווייגן זאַלבע־נאַנד!

זי האָט געווענדט אירע אויגען צו די בוימער, צום גראָז און דערנאָך זיי אָפּגעשטעלט אויף אים. זי האָט אַ שמייכעל געטאָן און דערלאַנגט אים די האַנט.

— וועט דען מיר ניט ווערט טאָן, ווען איר וועט נעמען אַוועקגעהן? — האָט זי צוגעלייגט. — וועל איך זיך דען ניט איילען צו לייגען וואָס פריער שלאָפן, כדי איינצושלאָפן און ניט דאַרפן זען די לאַנגווייליגע נאַכט? וועל איך דען ניט מאָרגען גאַנץ פרי שיקען נאָך אייך? וועל איך דען ניט...

און מיט יעדען „וועל איך דען ניט" האָט אָבלאָמאָוו'ס געזיכט אַלץ מער זיך פאַנאַנדערגעבליט, און די אויגען זיינען געוואָרען שטראַלענדיגער.

— יאָ, יאָ, — האָט ער איר נאָכגעזאָגט, — איך וואַרט אויך אויף דעם מאָרגען, מיר איז אויך לאַנגווייליג די נאַכט, אויך איך וועל אין דער פרי שיקען אימיצען צו אייך, ניט ווייל איך האָב עפּעס צו באַפעלען, נאָר כדי אָן איבריג מאָל אַרויסצו־רעדען און דערהערען, ווי עס קלינגט אייער נאָמען, כדי אָן איבריג מאָל צו הערען אַ פּאָר איינצעלהייטען וועגען אייך און צו קאָנען מקנא זיין די, וואָס זיי האָבען אייך שוין געזען.. מיר לעבען, האָפן, טראַכטען און וואַרטען אין איין און דעם זעלבען אופן. זייט מיר מוחל, אָלגאַ, מיינע צווייפלונגען: איך צייג זיך איבער, אַז איר האָט מיך ליב, ווי איר האָט ניט ליב געהאַט אייער פאָטער, אייער מוטער, אייער טאַנטע, אייער...

— הינטעל, — האָט זי אַרויסגערעדט און צולאַכט זיך.

— וואס איז נאך אייער מיינונג דאס לעבען? — האט אבלאמאוו זי געפרעגט.

— דאס לעבען — דאס איז א חוב, א פליכט, פאלגליך, איז די ליבע אויך א פליכט. מיר האט גאט אזוי ווי צוגעשיקט די ליבע, — האט זי געזאגט און אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל, — און געהייסען ליבען.

— אט וואס עס הייסט ביי אייך ליבע! — האט ער געזאגט פארטראכטערהייט.

— יא, און ביי מיר, דאכט זיך, וועט אויך קלעקען כוחות צו ליבען דאס גאנצע לעבען.

„ווער האט גורם געווען דערצו? — האט אבלאמאוו געטראכט, קוקענדיג אויף איר כמעט מיט ערפורכט. — דאס איז דאך צו איר ניט געקומען דורך ערפארונג, ניט דורך פייער און רויך איז זי דאך געקומען צו דעם קלארען און פשוט'ן פארשטעהן פון ליבע און לעבען".

— און זיינען פאראן לעבעדיגע פריידען, ליידענשאפטען? — האט געפרעגט אבלאמאוו.

— איך וויים ניט, — האט זי געענטפערט, — איך האב זיי ניט דורכגעלעבט, און קען זיי ניט.

— א, ווי איך פארשטעה אלץ אצינד!

— מעגליך, אז מיט דער צייט וועלען אין מיר אויך פארקומען די זעלבע אויסברוכען, וואס אין אייך; מעגליך, אז איך וועל אמאל קוקען אויף אייך, ווען מיר וועלען זיך בעגעגענען און ניט זיין זיכער, צי זייט איר דאס באמת... אבער דאס דארף זיין זער קאמיש! — האט זי א פרעהליכע צוגעלייגט. — אוי, כאר א אויגען איר שטעלט אמאל אוים, אז מיר דאכט זיך, אז די טאנטע באמערקט אלץ.

—טא וואס פאר א גליק ברענגט אייך די ליבע, אויב איר פילט ניט יענע לעבעדיגע פריידען, וואס איך פיל? האט אבלאמאוו זי געפרעגט.

— וואס פאר א גליק? אט וואס פאר א גליק! — האט זי געזאגט, אנווייזענדיג אויף איהם, אויף זיך, אויף דער איינ־

— און אייך ווילט זיך זער וויסן? — האָט זי איִם פּיקסיג געפרעגט.

— יאָ, יאָ, יאָ! און איר האָט ניט קיין באדערפעניש ארויסצוזורעדען זיך?

— און ווארום ווילט זיך עס אייך אזוי וויסען? — האָט זי געפרעגט.

— כדי יעדען אויגענבליק צו לעבען מיט דעם! אי איצט, אי די גאנצע היינטיגע נאכט, אי מאָרגען, — ביז מיר וועלען זיך ווידער טרעפען... בלויז דערמיט לעב איך! — האָט אָב־לאָמאָוו פארענדיגט.

— אָט זעט אליין, איר מוזט יעדען טאָג אָפּפרישען אייער צערטליכקייט! אָט אין וואָס עס ליגט דער אונטערשיד צווי־שען א מענשען וואָס איז פארליבט און א מענישען וואָס ליבט. איך, למשל...

— וואָס איר? — האָט ער מיט אומגעדולד געוואָרט.

— איך האָב ליב אנדערש, — האָט זי געזאָגט, איבער־ווארפענדיג זיך איבער דער באנק און פירענדיג די אויגען אי־בער די איילענדע וואָלקען. — מיר איז לאנגווייליג אָן אייך. עס איז מיר א שאָד צו צושיידען זיך מיט אייך אפילו אויף א קורצער צייט, און אויף א לענגערער — איז שווער און פּייניליך. איך האָב איין מאָל פאר אלע מאָל דערזען, באגריפען און איך גלויב, אז איר האָט מיך ליב — און איך בין גליקליך, כאָטש איר האָט מיר מער ניט ווידערהאָלט, אז איר האָט מיך ליב. מער און בעסער קאָן איך ניט ליבען.

— און ווען... איר... זאָלט... שטארבען... — האָט זי אָנ־געהויבען אָפּגעהאקט צו רעדען, — וועל איך טראָגען נאָך אייך אייביגען טרויער און וועל קיינמאָל אין לעבען מער קיין שמייכעל ניט טאָן און זאָלט איר ליב קריגען א צווייטע, וועל איך אייך ניט פארווארפען, ניט שילטען אייך און וועל נאָך אין הארצען אייך ווינשען גליק... פאר מיר איז אָט די ליבע דאָס זעלבע, וואָס דאָס לעבען... און דאָס לעבען...

זי האָט געזוכט אן אויסדרוק.

איך האָב אײַך ליב! — האָט זי געזאָגט און געקוקט אױף אים לאַנג, װי זי װאָלט זיך געװאָלט איבערצײַגען, צי זי האָט אים טאַקע ליב.

— איך האָב ליב! — האָט אַרױסגערעדט אָבלאָ־מאָװ. — אָבער ליב האָבן קאָן מען דאָך אױך אַ מאַמע, אַ טאַ־טע, אַפֿילו אַ הונט. דאָס אַלץ קאָן אַרומגענומען װערן מיט דעם באַגריף „איך האָב ליב“, װי מיט אַן אַלטן...

— שלאָפֿראָק? — האָט זי לאַכענדיק געפֿרעגט. — אַ פּראָפּאָ, װאו איז אײַער שלאָפֿראָק?

— װאָס פֿאַר אַ שלאָפֿראָק? איך האָב קײנמאָל ניט געהאַט קײן שלאָפֿראָק.

זי האָט אַ קוק געטאָן אױף אים מיט אַ שמײכעל פֿון פֿאַר־װאורף.

— און איר האָט ניט װעגן װאָס צורעדן, נאָר װעגן אַן אַלטן שלאָפֿ־ראָק! — האָט ער געזאָגט. — איך װאַרט, מײַן נשמה געהט אױס פֿון אומגעדולד צו הערן, װי עס ברױזט אױף בײַ אײַך דאָס געפֿיל, מיט װעלכן נאָמען איר װעט דעם אױסדרוק אָנרופֿן, און איר... זאָל אײַך גאָט ניט שטראָפֿן אָלגאַ! יאָ, איך בין פֿאַרליבט אין אײַך און איך זאָג, אַז אָן דעם קאָן ניט געמאָלט זײַן אַפֿילו פּשוט'ע ליבע! אין אַ טאַטען, אין אַ מאַמען פֿאַרליבט מען זיך ניט, זײ האָט מען ליב.

— איך װײס ניט, — האָט זי, פֿאַרטראַכטערהײט, אַרױסגערעדט, װי זי װאָלט געװאָלט אַרײַנדרינגען אין איר האַרץ און דערגרונטעװען װאָס דאָרט קומט פֿאַר. — איך װײס ניט, צי בין איך פֿאַרליבט אין אײַך, אױב ניט, איז מסתמא נאָך דער מאָמענט ניט געקומען דערפֿאַר. איך װײס בלױז אײן זאַך, אַז אַזױ האָב איך ניט ליב געהאַט מײַן פֿאָטער און ניט מײַן מוטער...

— אין װאָס איז דער אונטערשיד? פֿילט איר דען עפּעס באַזונדערעס? — האָט ער זיך אָנגערופֿן.

מיר צו רעדען, ווי א שווערער שטיין וואָלט געלעגען, ווי עס פּאַסירט אין צייטען פון א גרויסען אומגליק... עס איז זאָנ־דערבאַר: אין אָרגאַניזם קומט פאָר אין א צייט פון אן אומ־גליק און אין דער צייט פון גרויסער פרייד דערזעלבער פּראָ־צעס: עס איז שווער, כמעט אוממעגליך צו אָטעמען, עס ווילט זיך וויינען! ווען איך זאָל זיך איצט אויסוויינען וואָלט מיר, פונקט ווי אין א צייט פון אן אומגליק, געוואָרען פיל לייכטער...

שווייגענדיג האָט זי א קוק געטאָן אויף אים, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגען אין דעם אמת פון זיינע רייד און האָט פאַרגליכען זיי מיט דעם וואָס עס איז געווען אויפגע־שריבען ביי אים אויפ׳ן פנים, און א שמייכעל געטאָן: די פאַרגלייכונג איז געווען צופרידענשטעלענד. אויף איר פנים איז געווען אויסגעגאָסען אזא רואיג גליק, וואס מען האָט, דאַכט זיך, ניט געקאָנט מיט קיין שום זאך אויפרייצען. עס איז געווען קלאָר, אז איר איז ניט געווען שווער אויפ׳ן הארצען, נאָר, פאַרקערט, גוט, ווי עס איז געווען אלץ אין דער נאַטור אין דעם דאָזיגען שטילען־פרי־מאָרגען.

— וואָס איז מיט מיר? — האָט אזוי ווי זיך אליין געפרעגט אָבלאָמאָוו, א פאַרטראַכטער.

— זאָגען אייך?

— זאָגט.

— איר זייט... פאַרליבט.

— יאָ, זיכער, — האָט ער באַשטעטיגט, אוועקרייסענדיג איר האַנט פון דער קאַנווע, אָבער ער האָט ניט געקושט די האַנט, נאָר האָט בלויז די שפּיץ פינגער פעסט צוגעדריקט צו זיינע ליפּען און האָט, דאַכט זיך, געקליבען זיי האַלטען אזוי א לאַנגע צייט.

— לאָזט אָפּ, גענוג שוין, — האָט געזאָגט אָלגא סער־גיעווגא.

— און איר? — האָט ער געפרעגט. — איר... איר זייט ניט פאַרליבט?

— פאַרליבט? ניין!... איך האָב ניט ליב דאָס וואָרט.

געהאט ארבייט אויף א וואָך צייט: לעזען איבערגעבען איר דאָס איבערגעלעזענע, דערנאָך ערשט זיינען זיי געפאָרען אין ערמיטאַזש, און דאָרט האָט ער געדאַרפט אָנווענדען די טעאָ־ריע אין דער פּראַקטיק.

און די גאַנצע צווייטע וואָך האָט ער נאָך געדאַרפט ארומ־פאָרען איבער די קראָמען און קריגען פאַר איר רעפּראָדוקציעס פון די בעסטע בילדער.

און דער אָרעמער אָבלאָמאָוו איז ארומגעלאָפען איבער די ביכער־קראָמען און גאַנצע נעכט ניט געשלאָפען, געבראָכען זיך, געלעזען, כדי ער זאָל מאָרגען פרי איר קאָנען ענטפערען, כלומרשט אומגערן אויף דער פראַגע, וואָס זי האָט אים נעכ־טען געשטעלט, און עס זאָל מאַכען דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט עס ארויסגעגראָבען פון ארכיוו פון זיין זכרון.

זי האָט אים געשטעלט די אַלע פראַגען ניט מיט ווייבער־שער צוטראָגענהייט, ניט לויט א מאָמענטאַלען קאַפּריז צו באַ־קאָנען זיך גראַד מיט דעם, נאָר איינגעשפּארטערהייט, מיט אומגעדולד, און אין פאַל אָבלאָמאָוו האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען, האָט זי אים געשטראָפט מיט א דויערהאַפטיגען, אויספּרובירענדיגען בליק. אָ, ווי ער האָט געציטערט פאַר אָט דעם בליק!

— וואָס רעדט איר קיין וואָרט ניט? וואָס שווייגט איר אַלץ? — האָט זי געפרעגט. — מען קאָן מיינען, אז אייך איז לאַנגווייליג!

— אך! — פלעגט ער ארויסרעדען, ווי ער וואָלט געקו־מען צו זיך נאָך א צייט פון זיין אין אוממאַכט. — ווי איך האָב אייך ליב!

— איר מיינט עס אַן אמת? אָבער ווען איך זאָל ניט פרעגען, וואָלט מען עס גאָרנישט ניט געקאָנט דערקענען, — האָט זי געזאָגט.

— פילט איר דען ניט וואָס עס קומט אין מיר פאָר? — האָט ער אָנגעהויבען. — איר ווייסט, מיר איז אפילו שווער צו רעדען. אָט דאָ... גיט מיר אייער האַנט, עפּעס שטערט

און פֿאָרט אַ סך אַרום. אָבער דעי ציל אַליין איז נאָך ניט דער־גרייכט, ער געפינט זיך ערשט אין זיינע אבזיכטען.

— וואָס נאָך פאַר אַ לעבען און טעטינקייט וויל דאָס האָבען אַנדרעי? — האָט געזאגט אָבלאָמאָוו, אויסגלאָצענדיג די אויגען נאָכ׳ן מיטאָג, כדי ער זאָל ניט איינשלאָפֿען, — איז דען דאָס קיין לעבען ניט? איז דען ליבע ניט קיין טעטיגקייט? זאָל ער עס פּרובירען! יעדען טאָג — צען וויאָרכט צו־פוס! נעכטען האָב איך גענעכטיגט אין שטאָדט אין אַ לומפּיגען גאַסט־הויז, אין אָנגעטוענער, בלויז אָן שטיוועל, אָן זאַכאַר׳ן, און דאָס אַלץ אַ דאַנק איר.

אַם פּיינליכסטען איז געווען פאַר אים, ווען אָלגא פּלעגט אים פֿאָרלייגען אַ ספּעציעלע פּראַגע און פֿאַדערען פון אים, ווי פון אַ פּראָפעסאָר אַ צופֿרידענשטעלענדען ענטפער. און דאָס האָט מיט איר אָפט פּאַסירט, און דאָס איז ניט געקומען פון פּעדאַנטיזם, נאָר פון אַ פּשוט׳ן פֿאַרלאַנג עס צו פֿאַר־שטעהן. זי האָט אפילו אָפט פֿאַרגעסען אירע צילען אין באַצוג אויף אָבלאָמאָוו׳ן און איז פֿאַראינטערעסירט געוואָרען מיט דער פראַגע אַליין.

— פֿאַרוואָס לערנט מען אונז ניט דאָס? — פּלעגט זי זאָגען מיט ערגערניש, איינהערענדיג זיך אַמאָל מיט גייציג־קייט צו אָפּגעריסענע שטיקלעך פון אַ געשפּרעך אויף אַ טעמאַ, וואָס מען האָט געהאַלטען, אַז עס איז אומנויטיג פאַר פֿרויען צו וויסען וועגען דעם.

איינמאָל איז זי צו אים צוגעטראָטען מיט אַן אַסטראָנאָ־מישער פֿראַגע. אַזוי ווי ער איז געווען אומפאָרזיכטיג און באַרופֿען זיך אויף הערשעל׳ן, האָט זי אים געשיקט אין שטאָדט אַריין, און ער האָט דאָרט געדאַרפט דורכלעזען אַ בוך און אַזוי לאַנג איר דערציילען, ביז זי האָט זיך צופֿרידענגע־שטעלט.

אַן אַנדער מאָל האָט ער ווידער, אַ דאַנק זיין אומפאָר־זיכטיגקייט, אַרויסגערעדט זיך אין אַ געשפּרעך מיט׳ן באַראָן וועגען פֿאַרשידענע שולען אין דער מאָלעריי — האָט ער שוין

איר גאנצע טאקטיק איז געווען דורכגעדרונגען מיט צערט־ליכקייט. אלע זיינע באמיאונגען נאכצופאלגען די באוועגונגען פון איר מוח, האבען געאטעמט מיט ליידענשאפט.

אבער אפטער זיינען אים אויסגעגאנגען די כוחות און ער האט זיך געלייגט צו אירע פיס, צוגעלייגט די האנט צו דער ברוסט און איינגעהערט זיך ווי עס קלאפט זיין הארץ, האל־טענדיג דערביי געווענדט אויף איר אן ענטציקענדען און בא־וואונדרענדען בליק.

„ווי ער האט דאס מיך ליב!” האט זי געזאגט צו זיך אין די מינוטען און באוואונדערט אים. און אויב זי האט אמאל באמערקט אין אים, אין זיין נשמה עפעס פון זיינע פריערדיגע שטריכען, — און געקאנט האט זי טיף קוקען אין זיין נשמה, — די קלענסטע שפורען פון מידקייט, א קוים באמערקטע אפא־טיע, האבען זיך גלייך אויף אים גענומען שיטען פארוואורפען אין וועלכע עס איז טיילמאל געווען צוגעמישט א ביטערקייט פון חרטה, די מורא פאר א באגאנגענעם פעלער.

און ווען ער קלייבט זיך אמאל א גענעץ טאן און עד עפענט שוין דאס מויל, ווערט ער איבערראשט פון איר ער־שטוינטען בליק, וואס איז געווענדט אויף אים און ער גיט מא־מענטאל א מאך־צו זיין מויל, אז עס גיבען אזש א קריץ די ציין. זי האט פארפאלגט אפילו דעם קלענסטען שאטען פון פארשלאפענקייט אין אים. זי האט אים געפרעגט ניט נאר וואס ער מאכט, נאר אפילו וואס ער קלייבט זיך צו טאן.

און נאך מער ווי פון די פארוואורפען, האט אין אים אויפ־געוואכט דער מוט, ווען ער האט באמערקט, אז פון זיין מיד־קייט ווערט זי מיד, נאכלעסיג און גלייכגילטיג. אין אזא מאמענט האט גלייך אויפגעוואכט אין אים א פיבערהאפטע טעטיגקייט און דער שאטען איז פארשוואונדען.

אבער די אלע דאגות זיינען נאך דערווייל ניט ארויסגע־געגאנגען פון דעם מאגישען קרייז פון ליבע. זיין גאנצע טע־טיגקייט איז דערווייל געווען א נעגאטיווע: ער שלאפט ניט, לעזט, טיילמאל קלייבט ער זיך צו פארענדיגען דעם פלאן, געהט

ער האָט אויך געשוויגען און ניט געקאָנט זיך א ריר טאָן, בלויז די אויגען, וואָס זיינען געווען פייכט פון אנטציקונג זיי־נען געווען געווענדט צו איר.

פון ציים צו צייט האָט זי געוואָרפען אויף איהם א טי־פען בליק, געלעזען אין זיין פּנים דעם ניט זער פארשטעלטען געדאנק און געטראַכט: „גאָט מיינער! ווי שטארק ער האָט ליב! אָ, ווי ער איז צערטליך, אָ, ווי ער איז צערטליך!" און זי האָט באַוואונדערט און שטאָלצירט מיט דעם מענשען, וואָס איז געלעגען, א דאנק איר קראַפט, ביי אירע פיס.

דער מאָמענט פון סימבאָלישע אָנדייטונגען, פיל־זאָגענדיגע שמייכלען און בעז־צווייגלעך, איז פארביי אויף שטענדיג. די ליבע איז געוואָרען שטרענגער מאָנענדער, האָט גענומען פאר־וואנדעלט ווערען אין א פליכט; עס האָבען זיך באוויזען גע־גענזייטיגע רעכט. ביידע צדדים האָבען זיך אַלץ מער און מער גענומען אנטפּלעקען: די אונטערשידען און די ניט־איינשטי־מיגקייטען זיינען פארשוואונדען, אָדער אָפּגעטראָטען דעם פּלאַץ פאר מער פּאָזיטיווערע זייטען פון לעבען.

זי האָט אים אַלץ געשטאָכען פאר די אומזיסט פאר־בראכטע יאָרען. זי האָט געשטראָפט זיין אַפּאַטיע פיל טיפער און ווירקזאמער ווי שטאָלץ. דאָס איז געווען דערפאר, ווייל וואָס מער זי האָט זיך דערנעהענטערט צו אים, זיינען אירע שטעך־ווערטלעך אויף זיין פוילער עקזיסטענץ פארוואנדעלט געוואָרען אין א דעספּאָטישען ווילען און זי האָט אים גענומען איינגע׳עקשנ׳ט דערמאָנען אָן די צילען און פליכטען פון לע־בען און שטרענג געפאָדערט, אז ער זאָל זיך נעמען באוועגען, אומאויפהערליך האָט זי זיך געווענדט צו זיין שכל, זי האָט אים פארפּלאָנטערט אין פראגען וואָס זיינען איר געווען קלאָר און געווענדט זיך צו אים וועגען די פראגען, וואָס זיינען איר געווען אומפארשטענדליך, אומקלאָר.

און ער האָט זיך געהאַלטען אין איין ברעכען דעם קאָפּ, כדי ניט אראָפּצופאַלען אין אירע אויגען. ער האָט איר געהאָל־פען קלאָר ווערען אין פילע פארפּלאָנטערטע פראגען.

— אָלגא, אָלגא! איר זייט גאָר אויבען! — האָט ער געזאָגט און ארויפגעקראָכען אויפ'ן שפּיץ פון בארג.

— אַן איינפאל! באַהאַלטען זיך אויף בערג! — האָט ער געזאָגט און געזעצט זיך לעבען איר. — כדי מיך צו מאַטערען, מאַטערט איר זיך אליין.

— פון וואַנען קומט איר? גלייך פון דער היים? — האָט געפרעגט אָלגא.

— ניין, איך בין פריער צו אייך פארגאַנגען. דאָרט האָט מען מיר געזאָגט, אַז איר זייט אוועקגעגאַנגען.

— וואָס האָט איר היינט געטאָן? — האָט זי אים געפרעגט.

— היינט...

— געקריגט זיך מיט זאַכאר'ן, — האָט זי פארענדיגט.

ער האָט זיך צולאַכט, ווי דאָס וואָלט געווען אַן אוממעגליכע זאַך.

— גראָד ניט, איך האָב געלעזען אַ צייטונג. אָבער הערט זיך נאָר איין, אָלגא...

אָבער ער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, ער האָט זיך בלויז אוועקגעזעצט לעבען איר און פארזונקען געוואָרען אין באַטראַכטען איר פּראָפיל, איר קאָפּ, די באַוועגונגען פון איר האַנט, וואָס זי האָט געמאַכט אריינשטעלענדיג און ארויסנעמענדיג די נאָדעל פון דער קאַנווע. ער האָט אַנגעשטעלט אויף איר אַ בליק ווי אַ ברען-גלאָז, און אים ניט געקאָנט אָפּרייסען פון איר.

זי האָט זיך ניט גערירט. בלויז איר בליק האָט זיך געווענדט אַמאָל רעכטס, אַמאָל לינקס, אַמאָל אין דער הויך, אַמאָל אין דער נידער, אָפּהענגיג דערפון, ווי עס האָט זיך באַוועגט איר האַנט. אין אים איז פארגעקומען אַן אַנגעשטרענגטע טעטיגקייט: דאָס בלוט האָט שטאַרקער פּולסירט, טאָפּעלט שטאַרק האָט געשלאָגען דאָס האַרץ. דאָס האָט געווירקט אויף אים, אַז ער האָט געאָטעמט אָפּגעהאַקט און שווער, ווי מען אָטעמט איידער מען ווערט היסטעריש, און אין דעם מאָמענט ווען דער גייסט איז אַמהעכסטען.

זייער זומער־וואוינונג איז ניט געווען קיין איין בערגעל, אויף וועלכען אָבלאָמאָוו איז ניט ארויפגעקראָכען צו איינינגע מאָל.

און ידערווייל איז די סימפּאַטיע צווישען זיי אַלץ שטאַרקער געוואָרען, און זיך ארויסגעוויזען אין אַלע זייערע באַציאונגען. אָלגא האָט זיך פאַנאַנדער־געבליט צוזאַמען מיט'ן געפיל. אין די אויגען איז צוגעקומען ליכטיגקייט, אין אירע באַוועגונגען — גראַציע. איר בוזעם האָט זיך אַזוי פּראַכטפול אנטוויקעלט און אַזוי פּינקטליך באַוועגט זיך.

— דו ביזט דאָ שענער געוואָרען, אָלגא, — פלעגט איר זאָגען די טאַנטע. אין דעם באַראָנ'ס שמייכעל האָט זיך אויסגעדריקט דער זעלבער קאָמפּלימענט.

רויטלענדיג זיך האָט אָלגא אָוועקגעלייגט איר קאָפּ אויף דער טאַנטע'ס פּלייצע. צערטליך האָט די טאַנטע געגלעגט איר די באַקען

— אָלגאַ, אָלגא! — האָט פאַרזיכטיג און כמעט פליסטערענדיג איינמאָל אָבלאָמאָוו גערופען אָלגא'ן צופוסענס פון א באַרג, וואו זי האָט באַשטימט, זיך צו טרעפען, אום פון דאָרט צו געהן שפּאַצירען.

עס הערט זיך קיין ענטפער ניט. ער נעמט ארויס דעם זייגער.

— אָלגא סערגיעוונא! — האָט אָבלאָמאָוו אויסגערופען אויפ'ן קול.

אָלגא איז געזעסען אויפ'ן באַרג און געהערט זיין רופען און געשוויגען. זי האָט זיך קוים געקאָנט איינהאַלטען ניט פאַנאַנדער צולאַכען זיך. זי האָט אים געוואָלט צווינגען ארויפגעהן אויפ'ן באַרג

— אָלגא סערגיעוונא! — האָט ער אויסגערופען, דורכשפּאַרענדיג זיך דורך די בושען ביז'ן העלפט פון באַרג און ארויפקוקענדיג אין דער הויך. „זי האָט באַשטימט אויף האַלב זעקס", האָט ער גערעדט צו זיך אַליין.

זי האָט מער ניט געקאָנט איינהאַלטען דאָס געלעכטער.

זאָגען? ווי וועט זי אַ קוק טאָן אויף אים? וואָס פאַר אַן אויפטראג וועט זי אים געבען? וועגען וואָס וועט זי אים פרעגען, און וועט זי יאָ, אָדער ניט זיין צופרידען? אָט די געדאנקען און איבערלעגונגען זיינען געווארען די וויכטיגסטע פראגען פון זיין לעבען.

„אך, ווען עס וואָלט מעגליך געווען געניסען בלויז די ווארעמקייט פון דער ליבע און ניט דארפען פארזוכען פון אירע דאגות! — האָט ער גע'חלומ'ט.

אַבלאָמאָוו האָט שוין אויך דורכגעלעזען אַ פּאָר ביכער. אָלגא האָט אים געבעטען, אז ער זאָל איר דערצעהלען זייער אינהאלט און מיט אַן אומגלויבליכען גערולד האָט זי זיך איינגעהערט צו זיינע רייד. ער האָט אָנגעשריבען אייניגע בריף אין דאָרף אריין, איבערגעביטען דעם סטאראָסטא, אריינגעגאנגען אין באציאונגען, מיט דער הילף פון שטאָלצ'ן, מיט איינעם פון זיינע שכנים. ער וואָלט שוין געהאט אוועקגעפאָרען אין דאָרף, ווען ער וואָלט גערעכענט פאר מעגליך זיך צושיידען אויף אַ צייט מיט אָלגא'ן.

ער האָט מער ניט געגעסען אין אָוונט, און עס זיינען שוין אפילו אריבער צוויי וואָכען וואָס ער וויים ניט וואָס עס הייסט זיך צולייגען אויף דער סאָפע.

אין אַ צייט פון אַ צוויי־דריי וואָכען זיינען זיי אויסגעפאָרען אַלע אומגעגענדען פון פעטערסבורג. די טאנטע, אָלגא, דער באראָן און ער האָבען באזוכט אַלע קאָנצערטען, וואָס זיינען געגעבען געוואָרען אויף דער פרייער לופט אויסערהאלב פעטערסבורג.

ווען עס וואָלט זיך געווענדט אָן אַבלאָמאָוו'ן, וואָלט ער ווייטער פון פארק קיין טראָט ניט געמאכט. אָבער אָלגא האָט אַלץ אויסגעזוכט נייע פלעצער וואו ארויסצופאָרען, און קוים האָט ער זיך נאָר אָנגעהויבען צו קווייקלען וואָס צו ענטפערען אויף אַן איינלאדונג ערגעץ־וואו ארויסצופאָרען, האָט זי שוין געזען, אַז זיי זאָלען יאָ ארויספאָרען. און דאמאָלט איז ניט געווען קיין ענדע צו אירע שמייכלען. אַ פינף ווערסט ארום

„געשיכטע פון אנטדעקונגען און ערפינדונגען" האָט ער צונע־ליינט אַלץ נייע אנטדעקונגען אין דער אויסערליכער זייט פון אָלגאַ'ן און אין איר כאַראקטער, ער האָט ערפונדען צופאַלען צו קאָנען זיך אומגעריכט באגעגענען מיט איר, שיקען איר ביכער, מאכען איר סורפּריזען.

ער האָט פאָרטגעזעצט אין דער היים דעם געשפּרעך, וואָס ער האָט מיט איר געפירט, ווען זיי האָבען זיך געזען עס פלעגט פּאסירען, אז עס איז גראד אריינגעקומען זאכאַר, און ער האָט זיך צו אים געווענדט מיט אן אומגעוועהנליך ווייכער און צארטער שטימע, מיט וועלכע ער האָט אין די געדאנקען גערעדט מיט אָלגאַ'ן, און אים אזוי זאָגען:

— דו האָסט שוין ווידער, פערד איינער, מיר ניט לאנג צוריק דערלאנגט ניט אָפּגעפּוצטע שיך, גיב אכטונג, איך וועל זיך מיט דיר פאר דעם אלעם גאנץ גוט אפּרעכענען.

און פון דעם מאָמענט אָן, ווען אָלגא האָט פאר אים דאָס ערשטע מאָל געזונגען, איז פארשוואונדען פון אים זיין זאָרג־לאָזיגקייט: ער האָט שוין מער ניט געלעבט מיט זיין פריערדי־גען לעבען, ווען אים איז געווען אַלץ איינס צי ער ליגט אויף דער סאָפע און קוקט אויף דער וואנט, אָדער עס זיצט ביי אים אַלעקסעיעוו, אָדער ער אליין געפינט זיך ביי זיין פריינד איוואן געראסימאָוויטש; טעג, ווען ער האָט גאָר ניט ערווארט ניט פון טאָג און ניט פון דער נאכט.

אָבער איצט האָט דער טאָג און די נאכט, און יעדע שעה פון מאָרגען און פון אָוונט געהאט זיין פּנים. אָדער ער איז געווען פון גוטהארציגקייט באַשטראַלט, אָדער ער איז געווען פארבלאָז און אומעטיג. דאָס איז געווען אָפּהענגיג דערפון צי די שטונדע איז אָנגעפילט געווען פון אָלגאַ'ס אָנוועזענהייט, אָדער איז פארבייגעגאנגען אָן איר און איז דאן, זעלבסטפאר־שטענדליך, געווען לאנגווייליג און אָן לעבען.

זיין קאָפּ איז געווען פול מיט האָפנונגען, אנונגען, פאר־אויסזעאונגען, און דאָס אַלץ האָט זיך געדרעהט ארום דעם, צי ער וועט זי יאָ, אָדער ניט זען היינט. וואָס וועט זי טאָן און

דערהערען ווי עס זינגען די נערוועז, ווי עס וואקסט דאָס גראָז. איילט זיך ניט, ווארט, עס וועט פון זיך אליין קומען! — האָט ער איר געוואָרענט.

און עס איז געקומען.

„דאָס האָט זיך, אפּנים, דער אָרגאניזים אויפגעכאפּט, עס האָבען זיך צושפּילט אין מיר מיינע כוחות...״ האָט זי גערעדט מיט זיינע ווערטער, וואכיג איינהערענדיג זיך אין יעדען אומ־באקאנטען ציטער פון איר קערפּער, און מיט שאַרפע בליקען זיך איינקוקענדיג אין יעדער נייער ערשיינונג פון די ניי ער־וואכטע קרעפטען.

זי איז ניט אריינגעפאלען אין קיין חלומות, ניט אונטער־געגעבען זיך צו דעם פּלוצליכען ציטער פון די בלעטער, צו די זעאונגען, וואָס זי האָט געזען אין שלאָף, צו דעם געהיימניס־פולען געמורמעל, וואָס האָט זיך געטראָגען איבער איר ביי נאכט, פּונקט ווי עמעץ וואָלט זיך איינגעבויגען איבער איר און איר איינגערוימט אין אויער עפּעס אומפארשטענדליכעס און אומקלאָרעס.

„נערוועז!״ זאָגט זי אמאָל מיט א שמייכעל, דערשטי־קענדיג אין זיך די טרערען, און מיט די לעצטע קרעפטען קוים אויסהאלטענדיג דעם קאמף פון די שוואכע נערוועז מיט די אויפגעוואכטע קרעפטען.

זי הויבט זיך אויף פון בעט, טרינקט אויס א גלאָז וואסער, עפענט דאָס פענסטער, ווישט זיך אָפּ מיט א טיכעל דאָס פּנים און ניכטערט זיך אויס פון די חלומות, וואָס זי האָט אויפ'ן וואָר און אין שלאָף.

און קוים עפענט אָבלאָמאָוו נאָר אויף אין־דער־פרי זיינע אויגען, איז דאָס ערשטע, וואָס זיין פאָרשטעלונג זעט — אָלגא'ס געשטאלט אין דער גאנצער גרויס מיט'ן בעז־צווייגעל אין דער האנט. ער שלאָפט איין מיט'ן געדאנק וועגען איר, און זי איז מיט אים ווען ער לעזט, ווען ער געהט שפּאצירען.

ער האָט אין די געדאנקען געפירט מיט איר אן אומאויפ־הערליכען געשפּרעך סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. צו דער

האָבען געפינקעלט מיט פונקען פון איר מוח, וואו ניט וואו איז דאָס בוך דורכגעשטראַלט געוואָרען פונ׳ם פייער פון אירע געפילען, עס האָבען זיך אין בוך געפונען ווערטער, וואָס זי האָט ערשט נעכטען געהאַט געזאָגט, אַזוי ווי דער פּראָפעסער וואָלט זיך אונטערגעהערט צו דעם קלאַפּען פון איר האַרץ.

אין וואַלד שטעהען נאָך אַלץ די זעלבע ביימער, אָבער אין זייער גערויש האָט זיך לעצטענס דערפילט אַ נייער זין. צווי־שען די ביימער און איר האָט זיך איינגעשטעלט אַ האַרמאָניע. די פייגעל צווישערען שוין מער ניט גלאַט אַזוי זיך, נאָר זיי פירען צווישען זיך שמועסען. אַלץ אַרום איר רעדט, אַלץ אָטעמט אין איינקלאַנג מיט אירע געפילען. זי האָט אַזוי ווי געהערט דאָס אָטעמען פון קנאָספּ, ווען ער האָט זיך פאַנאַנ־דערגעעפענט.

און אירע חלומות זיינען פול מיט געשטאַלטען, מיט וועלכע זי האָט טיילמאָל גערעדט אויפ׳ן קול... טיילמאָל דער־צעהלען זיי איר עפּעס, אָבער אַזוי ניט קלאָר, אַז עס איז איר שווער זיי צו פאַרשטעהן, זי מיט זיך צו ריידען מיט זיי, און אַלץ, וואָס עס געלינגט איר אַרויסצוברענגען פון מויל איז ניט קלאָר, אומפאַרשטענדליך. בלויז קאַטיאַ דערצעהלט איר אין־דער־פרי, אַז זי האָט גערעדט פון שלאָף.

זי האָט זיך דערמאָנט שטאָלץ׳ס פּאָראויסזאָגונגען: ער האָט איר אָפּטמאָל געזאָגט, אַז זי האָט נאָך ניט אָנגעהויבען צו לעבען, און טיילמאָל פלעגט פאַסירען, אַז זי האָט זיך גע־פילט באַליידיגט, וואָס ער האַלט זי נאָך פאַר אַ קליין מיידעל, ווען זי איז שוין אַלט צוואַנציג יאָר. איצט האָט זי פאַרשטאַ־נען, אַז ער איז געווען גערעכט, אַז זי הויבט ערשט איצט אָן צו לעבען.

— ערשט דאַמאָלט, ווען עס וועלען זיך צושפּילען די קרעפטען פון אייער אָרגאַניזם, וועט זיך צושפּילען דאָס לעבען אַרום אייך, און איר וועט דערזען דאָס, וואָס אייערע אויגען זיינען נאָך איצט ניט אימשטאַנד צו זען, און דערהערען וועט איר דאָס, וואָס איר קאָנט נאָך איצט ניט הערען: איר וועט

## 9.

פון דעם טאָג אָן זיינען שוין קיין פּלוצליכע פאַרענדערונ־
גען ניט פאָרגעקומען מיט אָלגאַ'ן. זי האָט זיך געהאלטען
מיט איר טאַנטע און אין דער געזעלשאַפט פון מענשען, פונקט
אזוי העפליך ווי פריער, אָבער געלעבט און געפילט דאָס לע־
בען האָט זי בלויז מיט אָבלאָמאָוו'ן. זי האָט שוין מער ביי
קיינעם קיין עצות ניט געפרעגט ווי צו האנדלען, ניט פארלאָזט
זיך אויף קיינעמס אויטאָריטעט.

און אין דער מאָס ווי עס האָבען זיך פאר איר אנטפּלעקט
אלץ נייע זייטען פון לעבען, האָט זי אָנגעשטרענגטערהייט באַ־
אָבאַכט אלע ערשיינונגען, וואכיג זיך איינגעהערט צו דער
שטימע פון איר אינסטינקט און גלייך פארגליכען עס מיט די
פּאָר באָאָבאַכטונגען, וואָס זי האָט געמאכט אין איר לעבען און
געגאַנגען פאָרזיכטיג, טאַפּענדיג מיט'ן פוס די ערד, אויף וועל־
כער איר איז פאָרגעשטאַנען צו טרעטען.

זי האָט ניט געהאט מיט וועמען זיך צו בעראַטען, ביי
וועמען צו פרעגען אן עצה. ביי דער טאַנטע? די טאַנטע
פלעגט זיך אָבער אזוי דורכשאַרען דורך אזוינע פראַגען און
אָלגאַ האָט קיינמאָל ניט געוואוסט איר מיינונג און שטאָלץ איז
ניט געווען אין דער היים.

איר לעבען האָט זיך אָנגעפילט אזוי שטיל, אזוי אומ־
באמערקט פון יעדען איינעם, אז זי האָט זיך געקאָנט לעבען
אין איר ספערע, ניט ציענדיג קיין אויפמערקזאמקייט. זי האָט
געטאָן דאָס, וואָס פריער, אָבער געטאָן האָט זי עס איצט
אנדערש.

זי איז איצט אויך געפאָרען אין פראנצויזישען טעאטער,
אָבער דער אינהאלט פון דער פּיעסע האָט איצט געהאט עפּעס
א צוזאמענהאנג מיט איר לעבען. ווען זי האָט איצט געלעזען
א בוך, האָט זיך כמעט שטענדיג אין אים געפונען שורות, וואָס

— זוכט איר.

— צו וואס?

— כדי ניט צו פארלירען די ערשטע, — האָט זי געזאָגט און דערלאנגט אים די האנד, און זיי האָבען זיך געלאָזען געהן אהיים.

און א באגייסטערטער האָט ער בגנבה געווארפען בליקען אמאָל אויף איר פיגור, אמאָל אויף איר קעפעל, אויף אירע לאָקען און אלץ שטארקער געדריקט אין דער האנד דאס צווייגעל.

— דאָס אלץ איז מיינס, מיינס! — האָט ער איינגעטענה'ט מיט זיך, ניט גלויבענדיג אליין אין דעם.

— איר וועט זיך דאך שוין ניט איבערקלייבען אין ווייבורגער קווארטאל? — האָט זי אים געפרעגט, ווען ער איז אהיים געגאנגען.

ער האָט זיך צולאכט און אפילו ניט אנגערופען זאכאר'ן אידיאָט.

— איך ווייס... אבער וואָס שטעלט עס מיט זיך פאָר?

— לעבענס־בליאונג און...

זי האָט זיך אפגעשטעלט.

— און? — האָט ער, פרעגענדיג, ווידערהאָלט.

— און מיין ערגערניש, — האָט זי געזאגט, קוקענדיג אויף אים אנגעשטרענגט און גלייך אין די אויגען, און איר שמייכעל האָט געזאגט, אז זי ווייס, וואָס זי טוט.

דער נעבעל פון אונדורכדרינגליכקייט איז ארונטער־געפאַלען פון איר. איר בליק האָט אנגעהויבען צו רעדען און דער־צעהלען. זי האָט אזוי ווי צופלייסען אויפגעמישט דאס בוך אויף א געוויסער זייט און ערלויבט דורכצולעזען א פארהייליג־טע שטעל.

— הייסט עס, אז איך מעג האָפען, — האָט אָבלאָמאָוו מיטאמאָל אויסגעשריען א דערפרעהטער.

— אלץ. אבער...

זי איז שטיל געבליבען.

ער איז אזוי ווי מיטאמאָל אויפגעשטאנען תחית המתים. זי האָט אים פשוט ניט דערקאנט: דאס פארשלאָפענע, פאר־נעבעלטע געזיכט איז מאָמענטאל פארענדערט געוואָרען, די אוי־גען זיינען געוואָרען גרעסער, עס האָט זיך באוויזען א פארב אין די באקען. זיין מוח האָט זיך גענומען באוועגען, פון די אויגען האָט א ליכט געטאָן ווילען און באגער. אָלגא האָט דורכגעלעזען אין דעם דאָזיגען שטומען שפיל פון געזיכט, אז אָבלאָמאָוו האָט אין דעם מאָמענט באקומען א ציל אין לעבען.

— עס עפענט זיך... ווידער עפענט זיך פאר מיר דאס לע־בען... — האָט ער אנגעהויבען רעדען ווי פון היץ. — אָט איז עס, אין אייערע אויגען איז דאס לעבען, אין אייער שמייכעל, אין אָט דעם צווייגעל... אלץ איז...

— ניין, ניט אלץ... א העלפט.

— די בעסערע?

— דאכט זיך, אז יאָ, — האָט זי געזאָגט.

— וואו איז די אנדערע העלפט?

איז דער ציל פון אייער לעבען? — האָט אים אָלגא געפרעגט, אפּשטעלענדיג זיך. — איך גלויב עס אייך ניט, איר זאגט אויף זיך א בלבול, ווארים, ווען דאס זאל זיין אן אמת, וואלט איר ניט ווערט געווען צו לעבען...

— איך בין שוין דורכגעגאנגען דעם פּונקט, וואו דער ציל דארף זיך געפינען, אין דארט, וואו איך דארף נאָך דורכגעהן, איז שוין קיין ציל ניט דאָ...

ער האָט א זיפץ געטאָן, און זי האָט זיך צושמייכעלט.

— איז שוין קיין שום ציל ניט דאָ? — האָט זי פרעגענ־דיג איבערגעזאגט זיינע ווערטער, אבער אזוי לעבעדיג, אזוי פרעהליך, און מיט א געלעכטער, אזוי ווי זי וואלט ניט געגלויבט זיינע רייד און וואָלט פאראויסגעזען, אז עפּעס האָט ער נאָך אויף זיין לעבענס־וועג.

— איר מעגט זיך לאכען, — האָט זיך איליא איליטש אפּ־גערופען, — אבער אזוי איז עס פּאָרט!

איינצוויגענדיג דעם קאָפּ, איז זי שטיל ווייטער געגאנגען.

— צוליב וואָס, צוליב וועמען האָב איך צו לעבען? — האָט גערעדט אָבלאָמאָוו, נאָכגעהענדיג נאָך איר. — איך האָב ניט נאָך וואָס צו שטרעבען, איך האָב ניט אויף וואס צו ווענ־דען מיין בליק, ארום וואס צו קאנצענטרירען מיינע האָפנונגען. די לעבענס־בליאונג איז ארונטערגעפאלען, געבליבען זיינען בלויז די דערנער.

שטיל זיינען זיי ווייטער געגאנגען. א צוטראגענע האָט זי זיך איינגעהערט צו זיינע רייד. געהענדיג האָט זי אפּגעררי־סען א בעז־צווייגעל און, ניט קוקענדיג אויף אים, האָט זי עס אים דערלאנגט.

— וואס זאל דאס באדייטען? — האָט אָבלאָמאָוו גע־פרעגט, ווערענדיג פארציטערט.

— איך זעט דאָך: א צווייגעל.

— וואָס פאר א צווייגעל? — האָט ער געפרעגט, אָנ־שטרענגענדיג אויף איר איידע אויגען.

— א בעז־צווייגעל.

זי האָט א קוק געטאָן אויף אים און אריינגעלייגט די ארבייט אין קערבעל אריין.

— לאָמיר צוגעהן צום וועלדעל, — האָט זי געזאָגט, רעד־לאנגענדיג אים דאָס קערבעל צום טראָגן און אליין האָט זי געעפּענט דעם שירעם, פארריכט דאָס קלייד און גענומען געהן. — ווארום זייט איר ניט פרעהליך? — האָט זי אים געפרעגט.

— איך ווייס אליין ניט פארוואָס, אָלגא סערגיעוונא, — האָט ער געענטפערט. — און וואָס איז אויף מיר די שמחה? און ווי אזוי פרעהט מען זיך דאָס?

— פארנעמט זיך מיט עפּעס, קומט אָפטער צווישען מענשען, — האָט געזאָגט אלגא.

— פארנעמען זיך מיט עפּעס! פארנעמען זיך מיט עפּעס קאָן מען בלויז דאמאָלט, ווען מען האָט א ציל אין לעבען. אָבער וואָס פאר א ציל האָב איך? איך האָב קיין ציל ניט.

— דאָס לעבען אליין איז א ציל פאר זיך.

— ווען דו ווייסט ניט פארוואס דו לעבסט, לעבסטו דורך דיינע טעג אָן אינטערעס. פרעהסט זיך וואָס דער טאָג איז אריבער און עס איז געקומען די נאכט, און אין שלאָף טראכסטו וועגען דעם, צו וואָס האָט מען געדארפט אין גאנ־צען דעם היינטיגען טאָג, און צו וואָס דארפסטו דעם מאָרגענ־דיגען האָבען.

שווייגענדיג און מיט א שטרענגען בליק האָט זי זיך איינ־געהערט צו זיינע רייד. אין די אראפּגעלאָזענע ברעמען איז געוועזען פארהוילען אן אומפריינדליכקייט, אין די קנייטשען פון די ליפּען איז ווי א שלאנג ארומגעקראָכען פאראכטונג און אומצוטרויען.

— צו וואס לעבען? — האָט אָלגא ארויסגערעדט. — איז דען מעגליך, אז עמיצענ׳ס לעבען זאָל זיין אומנויטיג?

— יאָ, זער מעגליך, — האָט געזאגט איליא איליטש. — למשל, מיין לעבען...

— איר ווייסט נאָך ביז׳ן היינטיגען טאָג ניט, וואָס עס

— דאנקען גאָט אינגאנצען אריבער, — האָט איליא איליטש געענטפערט.

— ווייקט דאָס אויג מיט ווײַן, ווען עס הויבט אייך אָן צו בייסען, — האָט זי ווייטער גערעדט, — וועט צו קיין גערשטען ניט קומען. דאָס האָט די אַלטע אם מיך אויסגע־לערנט.

„וואָס רעדט זי אַלץ וועגען גערשטען? — האָט אָבלאָ־מאָוו געגומען טראַכטען.

— און עסט ניט קיין שווערע מיטאָגען, — האָט זי צו־געלייגט ערנסט.

„זאַכאַר!" האָט א צאָרנדיגער אויסגעשריי אים גענומען שטיקען די קעל.

— עס איז גענוג, — האָט זי, ניט אויפהויבענדיג די אויגען פון דער אַרבייט, ווייטער גערעדט, — אז מען זאָל עסען א שווערען מאָלצייט אין אָפּליגען א דריי טעג, באזונדערס אויף דער פּלייצע, אז עס זאָל זיך באווייזען א גערשטען.

„איד־יאָ־אָ־אָ־ט!" האָט אין זיין אינגעווייט א דונער געטאָן אויף זאכאר'ס אדרעס.

— וואָס העפט איר דאָ אוים?

— אייך געפּעלט עס?

— יאָ, עס איז זער שען. דאָס איז דאָך א בעז־צווייגעל?

— דאכט זיך, אז יאָ, — האָט זי נאכלעסיג געענט־פערט. — איך האָב אויסגעקליבען דאָס ערשטע־בעסטע וואס איז מיר איינגעפאלען.

און פארדרויטלענדיג זיך א ביסעל האָט זי אויף גיך פאר־וויקעלט די קאנווע.

„עס הויבט אָן צו ווערען לאנגווייליג, אויב עס זאָל נאָך אזוי אָנהאלטען, און מיר זאָל ניט געלינגען גאַרנישט ארויסצו־קריגען פון איר, — האָט אָבלאָמאָוו געטראכט. — אן אנדע־רער, שטאָלץ, למשל, וואָלט פון איר אלץ ארויסגעקראגען אָבער ניט איך."

אָנגעכמורעט און פארשלאָפען האָט ער זיך ארומגעקוקט.

— איך האָב דאָרט עפּעס געלעזען, — האָט ער איר נאָכ־לעסיג געענטפערט.

— א ראָמאן? — האָט זי אים געפרעגט און אויפגעהויבען אויף אים די אויגען, כדי צו זען ווי ער וועט ליגען.

— ניין, איך לעז ניט קיין ראָמאנען, — האָט ער איר געענטפערט זער רואיג. — איך האָב געלעזען „די געשיכטע פון ערפינדונגען און אנטדעקונגען".

„דאנקען גאָט, וואס איך האָב היינט דורכגעבלעטערט א זייטעל פון בוך!" האָט ער א טראכט געטאָן ביי זיך.

— אין רוסיש? — האָט אָלגא געפרעגט.

— ניין, אין ענגליש.

— און איר לעזט ענגליש?

— עס קומט מיר אָן שווער, אָבער איך לעז. — און איר זייט לעצטענס ניט געווען אין שטאָט? — האָט ער אייגענטליך געפרעגט בלויז דערפאַר, כדי אָפּצואווענדען דעם געשפרעך פון ביכער.

— ניין, איך זיץ אלץ אין דער היים. איך ארבייט אלץ דאָ, אין דער אליי.

— אין דער אליי?

— יאָ, זי געפעלט מיר זער, און איך בין אייך זער דאנקבאר, וואָס איר האָט מיר אָנגעוויזען אויף איר. דאָ געהט כמעט קיינער ניט דורך

— דערמאָנט זיך, — האָט ער זי איבערגעשלאָגען, — ניט איך האָב אייך אָנגעוויזען אויף דער אליי; מיר האָבען זיך צופעליג דאָ געטראָפען.

— יאָ, איר זייט גערעכט.

זיי זיינען ביידע שטיל געוואָרען.

— און דער גערשטען איז אייך שוין אינגאנצען אריבער? — האָט זי געפרעגט, קוקענדיג אים גלייך אין רעכטען אויג אריין.

ער איז רויט געווארען.

פאַרלאָשען אין סאַמע אָנפאַנג. מען דאַרף דעם פונקט אויף ס'ניי אויפבלאָזען, אויפבלאָזען שטיל און פאָרזיכטיג, אָבער ווי אזוי, האָט ער ניט געוואוסט.

ער האָט אומקלאָר פאַרשטאַנען, אַז זי איז אויסגעוואַקסען, און אפשר שוין אים אַליין איבערגעוואַקסען, און אַז זי קאָן שוין ניט צוריק ווערען אַ קליין מיידעל.

זי האָט קלאָרער פאַרשטאַנען, וואָס עס קומט פאָר מיט אים, און דערפאַר איז דער איבערגעוויכט געווען אויף איר זייט. זי האָט מיט אָפענע אויגען געקוקט אין זיין נשמה, געזען, ווי עס ווערען געבאָרען געפילען אין אירע טיפענישען און ווי זיי קומען אַרויס. זי האָט גלייך געזען, אַז שלויקייט, פּיקסיגקייט, קאָקעטעריי — אָט די אַלע ווייבערישע כלי־זין זיינען דאָ איבעריג, ווייל קיין שום קאַמף איז דאָ ניט פאָרגעשטאַנען.

זי האָט אפילו באַגריפען, אַז ניט קוקענדיג אויף איר יונגקייט באַלאַנגט צו איר די ערשטע און די הויפּט ראָלע אין זייער געגענזייטיגער סימפּאַטיע, אַז פון אים קאָן מען נאָר ערוואַרטען אַ טיפען געפיל, אַ ליידענשאַפטליך־פוילע אונטערוואָרפענקייט, אַז זיין האַרץ וועט מיטקלאַפּען מיט יעדען ריר פון איר האַרץ אָבער ער וועט ניט אַרויסווייזען קיין שום באַוועגליכקייט, קיין שום ווילען, קיין שום אַקטיווען געדאַנק.

זי האָט מיט איין בליק אויסגעמאָסטען איר קראַפט איבער אים, און איר איז געפעלען געוואָרען די ראָלע פון פירענרען שטערען, פון אַ שטראַל ליכט, וואָס זי וועט צוגיסען איבער אַ שטעהענדיגען טייך און וועט זיך אָפּשפּיגלען אין אים. זי האָט אויף פאַרשידענע אופנים געפייערט איר פאַרצוג אין דעם דועל.

— איר זייט נעווען פאַרנומען? — האָט זי אים געפרעגט, אויסהעפּטענדיג עפּעס.

„איך וואָלט איר געענטפערט, אַז יאָ, אָבער זאַכאַר חאָט דאָך...!" האָט זיך אַרויסגעריסען אַ טיפער זיפץ ביי אים פון האַרצען.

— איך האָב געוואוסט, אז איר וועט זוכען, און איך האָב זיך אבזיכטליך אוועקגעזעצט דאָ. איך האָב געוואוסט, אז איר מוזט אומבאדינגט דורכגעהן אָט די אליי.

ער האָט שוין געוואָלט ביי איר פרעגען: „פון וואנען האָט איר עס אזוי געוואוסט?" אָבער א קוק טוענדיג אויף איר, האָט ער מער ניט געפרעגט.

איר געזיכט איז איצט ניט געוועזן דאָסזעלבע, וואָס דאַמאָלט, ווען זיי האָבען דאָ שפּאצירט, נאָר אזא, וואָס ער האָט זי געזען דאָס לעצטע מאָל און וואָס האָט אים פארשאפט אזוי פיל זאָרג. איר צערטליכקייט איז געוועזן אזוי איינגעהאלטען, דער גאנצער אויסדרוק פון געזיכט אזוי קאָנצענטרירט, אזוי באשטימט. ער האָט פארשטאַנען, אז מען קאָן זיך מעהר ניט שפּילען מיט איר אין אָנצוהערענישען, אָנדייטונגען, מיט נאַאיווע פראגען, אז דער קינדישער, פרעהליכער מאָמענט איז שוין פאַראיבער אויף אייביג.

פילעס, וואָס איז ניט דערזאָגט געווארען, צו וואָס מען האָט געקאָנט אָנווענדען פארשטעלטע רייד, איז צווישען זיי יעלעזט געווארען אָן ווערטער און אָן ערקלערונגען. איין גאָט ווייס ווי אזוי, אָבער אזוי איז עס געוועזן.

— וואָס האָט מען אייך אזוי לאנג ניט געזען? — האָט געפרעגט אָלגא סערגיעוונא.

ער האָט געשוויגען. ער האָט איר ווידער אמאָל געוואָלט פון דער זייט געבען צו פארשטעהן, אז די סודות'דיגע שעהנקייט פון זייערע באציאונגען איז פארשוואונדען, און אז אים מאַטערט די אָנגעשטרענגטקייט מיט וועלכער זי האָט זיך ארומגערינגעלט, ווי מיט א וואָלקען, און אז ער ווייסט ניט ווי צו האנדלען, ווי צו זיין מיט איר.

אָבער ער האָט געפילט, אז די קלענסטע אָנדייטונג אויף דעם, וועט ארויסרופען ביי איר א פארוואונדערטען בליק און וועט צוגעבען נאָך מער קאלטקייט צו זייערע באציאונגען און עס איז נאָך מעגליך אז עס וועט פארפאלען ווערען אינגאנצען יענער פונק פון מיטגעפיל, וואס ער האָט אומפארזיכטיגערהייט

פאַרגעצווינגען צוריקצולייגען דאָס בוך אויף זיין פּלאַץ און אליין צוצוגעהן צו דער סאָפע. ווי נאָר ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט'ן עלענבויגען אָן דעם אויסגעהעפּטען קישען, און א טראַכט געטאָן ווי אַם באַקוועמסטען זיך אוועקצולייגען, איז אריינגעקומען זאַכאַר.

— און דאָס פּריילײן האָט דאָך אייך געבעטען קומען אין דעם... ווי הייסט עס דאָרט... גאָט מיינער!... — האָט געמאָלדען זאַכאַר.

— פאַרוואָס האָסטו עס ניט גלייך געזאָגט, מיט צוויי שעה צוריק? — האָט אָבלאָמאָוו ארויסגערעדט אָן אויפגערעגטער.

— איר האָט דאָך מיר ארויסגעטריבען, ניט דערלאָזט דערענדיגען... — האָט צוריקגעענטפערט זאַכאַר.

— דו וועסט מיך אומברענגען, זאַכאַר! — האָט אָבלאָמאָוו פּאַטעטיש ארויסגערעדט.

„ער הויבט שוין ווידער אָן", האָט א טראַכט געטאָן זאַכאַר.

— וואוהין קומען? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

— אָט דאָרט אין יענעם... ווי הייסט ער דאָרט? א גאָרטען, דאכט זיך.

— אין פּארק? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

— יאָ, אין פּארק, „אביסעל זיך דורכשפּאצירען, אויב ער וויל. איך וועל דאָרטען זיין".

— העלף מיר אָנטאָן זיך!

אָבלאָמאָוו איז אויסגעלאָפען דעם גאנצען פּארק און אין ערגעץ ניט געטראָפען אָלגא'ן. ער האָט זיך געלאָזט אויף דער אליי, וואו ער האָט פאר איר אנטפּלעקט זיינע געפילען, און ער האָט זי דאָרט געטראָפען זיצען אויף א באַנק ניט ווייט פון דעם אָרט, וואו זי האָט אָפּגעריסען און אוועקגעוואָרפען דאָס צווייגעל.

— איך האָב געמיינט, אז איר וועט שוין ניט קומען,— האָט זי צערטליך געזאָגט אים.

— איך זוך אייך שוין לאנג ארום אין גאנצען פּארק, — האָט ער געענטפערט.

פען. — ארויס פון דאנען! — האָט ער מיט כעס ארויסגע־שריען. — אויב דו וועסט נאָכאמאָל וואגען צו דערצעהלען וועגען מיך אזוינע מעשיות, וועסטו מיך האָבען צו געדענקען! אוי, סאר א גיפטיגער מענש איז דאָס!

— איר ווילט, אז איך זאָל אויף די עלטערע יאָרען אָנהויבען צו ליגען? — האָט אים געפרעגט זאכאר.

— ארויס פון דאנען! — האָט אָבלאָמאָוו ווידעראמאָל מיט כעס א געשריי געטאָן.

זאכאר'ן ארט ניט וואָס דער פריץ שרייט אויף אים. אבי ער זאָל נאָר ניט געברויכען זיינע פארפלוכטע ווערטלעך.

— איך האָב געזאָגט, אז איר ווילט זיך איבערקלייבען אין וויבורגער קווארטאל, — האָט פארענדיגט זאכאר.

— געה! — האָט מיט א באפעלענדע שטימע ארויסגערעדט איליא איליטש.

זאכאר איז ארויסגעגאנגען און צוזיפצט זיך איבער'ן גאנצען פאָדער־צימער, און אָבלאָמאָוו האָט גענומען טרינקען טיי.

ער האָט געטרונקען דעם טיי און פון דער גרויסער צאָל זעמעל און פלעצלעך האָט ער אויפגעגעסען בלויז איין זעמעל, מורא האָבענדיג, אז זאכאר זאָל זיך ווידעראמאָל ניט צורערען. ער האָט דערנאָך פאררויכערט א סיגאר און זיך געזעצט צום טיש, אויפגעעפענט עפּעס א בוך, דורכגעלעזען א זייט, געוואָלט איבערמישען, דאָס בוך איז אָבער ניט געווען אויפגעשניטען.

ער האָט די זייט אויפגעריסען מיט די פינגער. דערפון האָבען ביי די זייטען פון בלאט אָנגעהויבען נאָכצוהענגען שטיקלעך פּאפּיר. און דאָס בוך איז א פרעמדס, שטאָלצ'ס. און ביי שטאָלצ'ען הערשט אזא שטרענגע און לאנגווייליגע אָרדנונג, און באזונדערס אין באצוג צו ביכער, אז גאָט זאָל זיך דערבארעמען! דאָרט, וואו ער לייגט אוועק א בליישטיפט, פּאפּיר, א פעדער, דאָרט מוז עס בלייבען.

מען האָט געדארפט דערצו האָבען א פאלצביין, אָבער אָבלאָמאָוו האָט קיין פאלצביין ניט געהאט. מען האָט זיך אויך נעקאָנט באנוצען מיט א טיש מעסער, אָבער אָבלאָמאָוו האָט

באַמערקונגען? — האָט באַמערקט אָבלאָמאָוו. — „וואָס זאָל ער טאָן?" פון וואַנען ווייסטו, וואָס מיט מיר טוט זיך? וואָס נאָך?

— זיי האָבן געפרעגט, וואו איר האָט נעכטען געגעסן מיטאָג.

— נו?

— איך האָב געענטפערט, אַז אין דער היים, אַז איר האָט געגעסן אין דער היים. „ער עסט דען עפּעס?" פרעגט דאָס פריילין. בלויז צוויי הינדלעך, זאָג איך, האָבען זיי אויפגעגעסן.

— איד־יאָ־אָ־ט! — האָט אָבלאָמאָוו מיט'ן גאַנצען כח א געשריי געטאָן.

— וואָס פאַר אַ אידיאָט בין איך? איז דען דאָס ניט אמת? — האָט געזאָגט זאַכאַר. — איך קאָן אייך גלייך ווייזען אפילו די ביינדלעך, אויב איר ווילט נאָר...

— באמת, אַ אידיאָט! — האָט ווידערהאָלט אָבלאָמאָוו.

— און וואָס האָט זי געזאָגט?

— זי האָט אַ שמייכעל געטאָן. „פאַרוואָס אַזוי ווייניג?" האָט זי שפּעטער אַרויסגערעדט.

— אידיאָט איינער! — האָט אָבלאָמאָוו נאָך אַמאָל ווידערהאָלט. — כאָלסטו שוין אין איין וועג דערצעהלען, ווי דו טוסט מיר אָן אַ העמד אויף דער לינקער זייט.

— זיי האָבען ניט געפרעגט, האָב איך עס ניט געקאָנט דערצעהלען, — האָט אים געענטפערט זאַכאַר.

— וואָס נאָך האָט זי געפרעגט?

— זיי האָבען געפרעגט, וואָס איר האָט פאַר די פּאָר טעג געטאָן.

— וואָס האָסטו געענטפערט?

— גאָרניט, האָב איך געענטפערט, טוען זיי. זיי ליגען בלויז אויף דער סאָפע, האָב איך געזאָגט.

— אך! — האָט מיט גרויס ערגערניש אַרויסגערעדט אָבלאָמאָוו, און אָנגעכאַפּט זיך מיט די פויסטען פאַר די שליי־

# אבלאמאוו

— וואס זאָל מען מיט דעם טאָן? פארקויפען עס? — האָט געזאָגט זאכאר. א שאר טוענדיג דעם קופערט מיט'ן פוס.

— ביסט משוגע געוואָרען? איך פאָר דאָך די טעג קיין אויסלאנד, — האָט אים איבערגעשלאָגען אבלאמאוו.

— קיין אויסלאנד! — האָט מיטאמאָל, צושמייכלענדיג זיך, ארויסגערעדט זאכאר. — זאָגען איז עס זער לייכט!

— וואס איז עס ביי דיר אזוי אומבאגרייפליך? איך פאָר, און דאס אליז... איך האָב שוין פארטיג מיין פאס, — האָט געזאָגט איליא איליטש.

— ווער וועט פון אייך דאָרט אראָפציען די שטיוועל? — האָט איראָניש ארויסגערעדט זאכאר. — א מויד אפשר? איר וועט דאָך דאָרט פארפאלען ווערען אָהן מיר!

ער האָט ווידער א שמייכעל געטאָן, פון וואס די באקען־בערד און די ברעמען האָבען זיך צושפרייט אין די זייטען.

— דו האלסט אין איין רעדען נארישקייטען! טראָג עס ארויס און נעה דיר! — האָט מיט ערגערניש ארויסגע־רערט אבלאמאוו.

אויפ'ן צווייטען טאָג, ווען אבלאמאוו האָט זיך אויפגעהוי־בען א זייגער צען אין־דער־פרי, האָט זאכאר, דערלאנגענדיג אים טיי, דערצעהלט, אז געהענדיג אין דער בעקעריי, האָט ער באַ־נעגענט אויפ'ן וועג דאס פריילין.

— וועלכע פריילין? — האָט געפרעגט אבלאמאוו.

— וועלכע? אָלגא סערגעיעווונא'ן.

— נו? — האָט מיט אומגעדולד געפרעגט איליא אי־ליטש.

— זי האָט געהייסען אייך אָפגעבען א גרוס, געפרעגט, צי איר זייט געזונט, וואס איר מאכט.

— און וואס האסטו געזאָגט? — האָט אים געפרעגט אב־לאמאוו.

— איך האָב געזאָגט, אז איר זייט געזונט. און וואס זאָל ער טאָן?... — האָט געענטפערט זאכאר.

— צו וואס האָסטו נאָך געדארפט צולייגען דיינע נארישע

פענסטער; פון צווייטען צימער הערט זיך ווי אניסיא רייניגט געשיר.

ער האט אפגעגעבען און אוועקגעזעצט זיך צום פענסטער. עס קלעפט זיך ניט, עס איז לאנגווייליג צו זיין שטענדיג אליין! שוין ווידער ווילט זיך גארנישט און אין ערגעץ ניט!

—גיט א קוק, שררה, אט האבען די שכנים געבראכט א קעצעלע. איבערלאזען עס? איר האט דאך נעכטען גערעדט וועגען א קעצעלע, — האט געזאגט אניסיא, כדי אים אביסעל צו צושטרייען און עס אוועקגעלייגט אים אויף די קני.

ער האט גענומען גלעטען דאס קעצעל: מיט א קעצעל איז אויך לאנגווייליג!

זאכאר! — האט געזאגט איליא איליטש.

— וואס באפעלט איר? — האט פארשלאפען זיך אפגערו־פען זאכאר.

— מעגליך, אז איך קלייב זיך איבער צוריק אין שטאדט אריין, — האט געזאגט אבלאמאוו.

— וואס הייסט אין שטאדט? מיר האבען דאך קיין דירה ניט, — האט געזאגט זאכאר.

— אין וויבורגער קווארטאל.

— וואס וועט דערפון ארויסקומען, וואס מיר וועלען זיך קלייבען פון איין זומער פלאץ אויפ'ן צווייטען? — האט גע־ענטפערט זאכאר. — וואס איז דארט צו זען? — איר האט זיך פארבענקט נאך מיכעי אנדרעיאיטש'ן?

— דא איז אומבאקוועם...

— נאך אמאל קלייבען זיך? גאט מיינער! ווידער וועלען זאכען פארפאלען ווערען... אט קאן מען ניט געפינען א בארשט, איך וויים ניט וואו עס זיינען אהינגעקומען א פאר שאלען. אויב מיכעי אנדרעיאיטש'ס האט זיי ניט פארשלעפט אהין, זיינען זיי זיכער שוין פארפאלען אויף אייביג.

אבלאמאוו האט געשוויגען. זאכאר איז ארויסגעגאנגען און גלייך זיך אומגעקערט, שלעפענדיג מיט זיך א קופערט און א רייזע־טאש.

„וואָס איז מיט איר? וואָס טראַכט זי, וואָס פילט זי איצינד? — איז אבלאָמאָוו געפּייניגט געוואָרען פון פראַגען. — גאָט איז מיין עדות, אז איך פאַרשטעה דאָ גאָרניט!"

און ווי אזוי האָט ער גאָר געקאָנט פאַרשטעהן, אז מיט איר קומט איצט פאָר דאָס זעלבע, וואָס מיט א מאַן ערשט צו פינף און צוואַנציג יאָר, און דאָס ערשט מיט דער הילף פון צוואַנציג פּראָפעסאָרען, ביבליאָטעקען, און נאָך דעם, ווי ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער וועלט און אָנגעוואָרען א סך אַראָמאַט פון זיין נשמה, פרישקייט פון געדאַנק און האָר, דאָס הייסט, אז זי איז אריינגעטראָטען אין דער ספערע פון ערקענט־ניש. און עררייכט האָט זי דאָס אזוי ביליג און לייכט.

„ניין, דאָס איז ניט איבערצוטראָגען, עס ווערט לאַנגווייליג דערפון! — האָט אָבלאָמאָוו באַשלאָסען. — איך וועל זיך איי־בערקלייבען אין וויבורגער קוואַרטאַל, איך וועל זיך מיט עפּעס פאַרנעמען, איך וועל לעזען, איך וועל אַוועקפאָרען קיין אָבלאָ־מאָווקע... איינער אליין! — האָט ער צוגעלייגט מיט א טיפען טרויער. — אָהן איר! זיי געזונד, מיין גן־עדן, מיין ליכטיגער, שטילער אידעאַל פון לעבען!"

און ער איז ניט אהינגעגאַנגען ניט אויף דעם פערטען און ניט אויף דעם פינפטען טאָג. ער האָט ניט געלעזען, ניט גע־שריבען. ער איז אוועק אביסעל שפּאַצירען, געלאָזען זיך מיט'ן שטויביגען וועג אין די בערג אריין.

„אָן איינפאַל צו שלעפּען זיך אין אזא היץ! — האָט ער געזאָגט צו זיך אליין, א געגעיץ געטאָן און זיך אומגעקערט אהיים. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפע און איינגעשלאָפען מיט א שווערען שלאָף, ווי ער פלעגט אמאָל שלאָפען אין דעם שטויביגען צימער מיט די אַרונטערגעלאָזענע ראָלעטען אויף נאָראָכאָווער גאַס.

ער האָט געהאַט זעהר אומקלאָרע חלומות. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער געטראָפען א טיש, געדעקט מיט קאַט־לעטען, קאַלטען באָרשט. פאַרשלאָפען קוקט זאַכאַר ארויס פון

א מיידעל, וואָס איז נאָך מיט א וואך צוריק געווען אזא זאָרג־לאָזע, האָט געהאט א קינדיש נאאיוו פּנים'ל, באוויזט זיך אן ערענסטער געדאנק? און וואס דריקט אויס דער געדאנק? עס דאכט זיך, אז אין דעם דאָזיגען געדאנק ליגט אַלץ, די גאנצע לאָגיק, די גאנצע מענערישע פילאָזאָפיע, גאנצע לעבענס סיס־טעמען!

איר שוועסטער־קינד, וואָס האָט זי ניט לאנג צוריק איבער־געלאזען א קליין און אומשולדיג מיידעל, קומט צוריק, ווען ער האָט געענדיגט דעם קורס, און דערזעענדיג זי, לויפט ער א פרעהליכער צו איר מיט דער אבזיכט א לויף, א שפּרונג צו טאָן מיט איר, ווי פריער, פארלירט אבער מיטאמאָל דעם מוט, ווען ער גיט אויפמערקזאם א קוק איר אין פּנים אריין, ער געהט אוועק א צוטראָגענער, און ער פארשטעהט, אז ער איז נאָך א אינגעל, אבער זי איז שוין א פרוי.

פון וואנען? וואס האָט פּאסירט? א דראמע? א וויכ־טיגע געשעעניש? א נייעס, וואָס די גאנצע שטאָדט רעדט וועגען איר?

עס איז גארנישט מיט גארנישט! ניט די טאנטע, ניט דער אָנקעל, ניט די קעכין, ניט די דינסט — קיינער ווייסט ניט. און עס האָט אייגענטליך גארנישט ניט פּאסירט: זי האָט בלויז דורכגעטאנצט א צוויי מאזורקעס, א פּאָר קאָנטראדאנסען, און דער קאָפּ האָט איר עפּעס וועה געטאָן, זי איז א פּאָר נעכט ניט געשלאפען.

און אַלץ איז שוין ווידער ווי אמאָל, בלויז אין איר פּנים איז צוגעקומען עפּעס נייס: זי קוקט איצט אנדערש, זי לאכט שוין ניט אזוי אויפ'ן קול, ווי אמאָל, שלינגט ניט קיין גאנצע בארען מיטאמאָל, דערצעהלט שוין מער ניט וועגען דעם פּאנסיאָן. זי האָט שוין אויך געענדיגט דעם קורס...

אָבלאָמאָוו האָט צומארגענס און איבערמאָרגען קוים דער־קאָנט אָלגא'ן. ער האָט מיט שרעק געקוקט אויף איר. אבער זי קוקט אויף אים פשוט, בלויז נאָר אָן דער פריערדיגער נייגע־ריגקייט, צערטליכקייט; קוקט אזוי ווי אלע קוקען.

געוועזן דערביי, ווען זי האָט געזונגען, און ביי דעם צוהערער האָט
קיין איינציגער נערוו ניט קיין צאַפּעל געטאָן.

מאכט זי זיך בלויז אזוי? איז זי טאַקע בייז אויף אים?
עס איז געוועזן שווער צו וויסען: זי האָט געקוקט זער פריינד־
ליך, גערען גערעדט, אבער גערעדט האָט זי פּונקט אזוי ווי גע־
זונגען, ווי אלע... וואָס איז פּאַרט מיט איר?

ניט ווארטענדיג אויף קיין טיי, האָט אָבלאָמאָוו גענומען
זיין הוט און געזעגענט זיך.

— קומט עפּטער, — האָט געזאָגט די טאַנטע, — אין דער־
וואָכענס זיינען מיר געוועהנליך אליין, קומט, אויב עס איז אייך
ניט לאַנגווייליג; זונטאָג, ווידער, איז געוועהנליך ביי אונז
דאָ וועד — וועט אייך ניט זיין לאַנגווייליג.

דער באַראָן האָט זיך העפליך אויפגעשטעלט און זיך פאַר־
נויגט פאַר אים.

אָלגאַ האָט אים א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ, ווי אַן אלטען
באַקאַנטען, און ווען ער איז אַרויס, האָט זי זיך אומגעקערט צום
פענסטער און גלייכגילטיג זיך איינגעהערט צו אָבלאָמאָוו'ס
טריט, וואָס האָבען זיך געהאַלטען אין איין דערווייטערען.

די דאַזיגע צוויי שעה און די קומענדע דריי־פיר טעג, אויב
א סך — די קומענדע וואָך, האָבען געהאַט אויף איר א טיפע
ווירקונג, א שטופּ געטאָן זי ווייט פאָראויס. בלויז פרויען זיי־
נען פעהיג אויף אזא גיכער אויפבליאונג פון זייערע קרעפטען,
אויף אזא אַל־זייטיגער אַנטוויקלונג פון זייער נשמה.

זי האָט אזוי ווי באַנומען די חכמה פון לעבען ניט אין טעג,
נאָר אין שעה'ן. און יעדער שעה פון אומבאַדייטענדער, קוים
באַמערקטער ערפאַרונג, אדער צופאַל, וואָס וואָלט ווי א פויגעל
פאַרביי געפלויגען פאַר דער נאָז פון א מאַן, ווערט פון אָט דעם
מיידעל באַמערקט און בלייבט איבער אין איר מוח און דינט
איר פאַר א ביישפּיל אויף פילע יאָרען.

דאָרט, וואו פאַר א מאַן דאַרף מען האָבען גאַנצע ערקלע־
רונגען, איז פאַר א מיידעל געננוג, בלויז אַן אָנדייטונג, א וואונק.

וואָרום, וואָס איז די אורזאך, וואָס אויף דעם געזיכט פון

וואָס אנדערע מענשען טוען און וואס זי האָט ביז אהער ניט גע־טאָן. עס איז פארשוואונדען פון איר די פרייהייט, די אומבא־צוואונגענהייט, וואָס ערלויבט ארויסצורעדערן אלץ, וואָס מען האָט אין געדאנק. וואו איז דאס אלץ אהינגעקומען מיטאמאָל?

נאָכ'ן מיטאג איז ער צוגעגאנגען צו איר און געפרעגט, צי זי וואלט ניט ארויסגעגאנגען מיט אים שפאצירען. ניט ענט־פערענדיג אים, האָט זי זיך געווענדט מיט א פראגע צו דער טאנטע:

— ווועלען מ י ר גענען שפאצירען?

— אויב ניט אויף לאנג. — האָט געענטפערט די טאנטע.

— הייס דערלאנגען מיר דעם שירעם.

און אלע זיינען געגאנגען, געגאנגען אָהן אן אינטערעס, יע־דער האָט געקוקט פאר זיך אין דער ווייט אריין, זיינען צוגעקומען צום וועלדעל און אומגעקערט זיך אויפ'ן באלקאָן.

— דאכט זיך, איר זייט ניט אויפגעלייגט היינט צו זינגען. איך וואג אפילו ניט צו בעטען, — האָט געזאגט אבלאָמאָוו, האָ־פענדיג, אפשר וועט שוין נעמען אן ענדע צו דער אנגעצויגענער שטימונג און עס וועט זיך אומקערען צו איר איר פרעהליכקייט, און עס וועט א ליכט טאָן אין איר'ס א וואָרט, אין איר'ס א שמיי־כעל, אָדער, אם ווינציגסטענס, אין איר געזאנג כאָטש א פונק פון צוטרויען, נאאיוויטעט, אויפריכטיגקייט.

— עס איז צו הייס, — האָט באמערקט די טאנטע.

— עס מאכט נים, איך וועל פרואווען, — האָט געזאגט אָלגא, און האָט געזונגען א ראָמאנס.

אָבלאָמאָוו האָט זיך איינגעהערט צו איר קול און ניט גע־גלויבט זיינע אויערען.

דאָס איז ניט אָלגא: וואו איז איר פריערדיגער ליידענ־שאפטליכער טאָן?

זי האָט געזונגען זער ריין, לויט אלע כללים, אבער דערביי פונקט אזוי... פונקט אזוי... ווי עס זינגט יעדער אנדער מיידעל, ווען מען בעט זי זי זאָל עפעס זינגען אין דער געזעלשאפט פון אנדערע מענשען: אָן באגייסטערונג. איר נשמה איז ניט

שטויסט זיך אָן וועגען איר ליבע צו אים, און אפשר האָט ער געמאכט אַ טעות. דאָס וואָלט שוין באמת געווען אַ באַליידי־גונג, וואָס מען וואָלט קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרריכטען. און אויב ער מאכט אפילו ניט קיין טעות, איז אויך ניט געווען קיין וועג צו געבען עס איר צו פילען.

ער האָט נאָך געקאָנט פאַרטרייבען דאָס געפיל, וואָס קלאַפּט אין דעם יונגען מיידעלשען האַרץ אַזוי ציטערדיג, זעצט זיך אַזוי פאָרזיכטיג און לייכט, ווי אַ פויגעל אין אַ נעסט: אַ זייטיגער קלאַנג, אַ גערויש — און עס איז מער ניטאָ.

מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ האָט ער געוואַרט צו זען ווען אַלגאַ וועט אַרונטערקומען צום מיטאג, וואָס און ווי זי וועט זאָגען, ווי זי וועט קוקען אויף אים...

זי איז אַרונטער — און ער האָט זיך ניט געקאָנט גענוג אָנקוקען אויף איר. ער האָט זי קוים דערקאַנט. זי האָט גע האַט אָן אַנדער געזיכט, אפילו איר שטימע האָט זיך געביטען.

אַ ליבער, נאַאיווער, כמעט קינדישער שמייכעל האָט זיך קיין איינציג מאָל ניט באַוויזען אויף איר פּנים, זי האָט קיין איינציג מאָל ניט אַ קוק געטאָן מיט ברייטע, אָפענע אויגען, ווי מען קוקט, ווען זיי דריקען אויס אַ פראַגע, אַ פאַרוואונדערונג, אָדער אַ פּשוט'ע נייגעריגקייט. זי האָט געקוקט אַזוי, ווי זי וואָלט שוין ניט געהאַט וואָס צו פרעגען, ווי עס וועלט איר שוין אַלץ איינס געווען, וואָס עס זאָל ניט פּאַסירען.

איר בליק האָט געקוקט אויף אים, ווי אַמאָל. זי האָט אויף אים געקוקט, ווי זי וואָלט אים שוין פון לאַנג גוט געקאַנט, ווי ער וואָלט פאַר איר געווען פּונקט דאָס זעלבע, וואָס דער באַראָן. עס האָט געמאכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט איר ניט געזען פאַר אַ גאַנץ יאָר, און אין דער צייט איז זי אויסגעוואַקסען.

עס האָט זיך אין איר ניט געפילט די שטרענגקייט און דער כעס, וואָס נעכטען. זי האָט זיך געוויצעלט, אפילו געלאַכט, גע־ענטפערט אויספירליך אויף אַזוינע פראַגען, אויף וועלכע זי וואָלט געוועהנליך פריער אינגאַנצען ניט געענטפערט. מען האָט געקאַנט זען, אַז זי האָט באַשלאָסען צו צווינגען זיך צו טאָן אַלץ,

פארברענגען מיט א יונגענמאן א פראנט, איז שוין עפעס אנדעריש. אָבער אפילו אין אזא פאל וואלט זי גאר ניט גע־זאגט. זי וואלט בלויז מיט איר איינגעבארענעם טאקט, אזוי ווי אומבאמערקט איינגעשטעלט אן אנדערע ארדענונג: זי וואלט אליין געגאנגען מיט אים איינמאל, אדער צווייטמאל שפאצירן, געשיקט א דריטע פערזאן, און די שפאצירונגען וואלטען זיך געענדיגט פון זיך אליין.

אָבער שפאצירען מיט „מאסיע אבלאמאוו", זיצען מיט אים אין א ווינקעל פון זאל, אויף דעם באלקאן. . . ווארום ניט? ער איז דאך שוין א מענש פון איבער דרייסיג יאר און ער וועט דאך איר ניט אנרעדען קיין נארישקייטען, ניט געבען איר אזוי־נע ביכער צו לעזען. . . דאס אליין האט קיינעם אפילו ניט גע־קאנט קומען אויפ'ן זינען.

דערצו האט נאך די טאנטע געהערט, ווי שטאלץ האט א טאג פאר זיין אפרייזע געבעטען אלגא'ן, אז זי זאל ניט לאזען אבלאמאוו'ן פארשלאפען ווערען אין גאנצען, אז זי זאל אים האלטען אין איין מאטערען, אין איין פייניגען, האלטען אים שטענדיג באשעפטיגט, מיט איין ווארט — זיך באדינען מיט אים. און געבעטען האט איר אויך שטאלץ ניט אפצולאזען אים פון אויג, וואס עפטער אים איינלאדען צו זיך, געהן מיט אים שפאצירען, ארומפארען, בכלל אים אויפטרייסלען אביסעל, אויב ער וועט ניט וועלען פארען קיין אויסלאנד.

אלגא האט זיך ניט באוויזען פאר דער גאנצער צייט, וואס ער איז געזעסען מיט דער טאנטע, און די צייט האט זיך גע־צויגען זער פאמעליך. איצט האט ער זיך גענומען אנשטויסען אן דער אורזאך, וואס אלגא איז געווארען אנדערש צו אים. די איצטיגע ענדערונג איז אים געווען שווערער איבערצוטראגען פון דער פריערדיגער.

פון דעם ערשטען דורכפאל האט ער געפילט בלויז א חרפה און א שרעק, און איצט איז אים געווען שווער, אומהיימ־ליך, קאלט און טרויעריג אויף דער נשמה, ווי אין א קאלטען, רעגענדיגען טאג. ער האט איר געגעבען אנצוהערען, אז ער

דער לעצטער האָט געוואָלט באַקאַנען זיין פריינד מיט אַזאַ הויז, וואו אַלץ איז אביסעל סטיליזירט, וואו ניט נאָר מען לאָדט ניט איין כאַפּען אַ דרעמעל נאָכ'ן מיטאָג, נאָר וואו עס פירט זיך אפילו ניט, אַז מען זאָל פארלייגען איין פוס אויפ'ן צווייטען, וואו מען דאַרף זיין אנשטענדיג אָנגעטאָן, געדענקען וועגען וואָס מען רעדט, מיט איין וואָרט, — מען קאָן ניט זיין אָפּגעלאָזען, פארשלאָפען און וואו מען האָט שטענדיג געפירט לעבעדיגע, אינטערעסאנטע געשפּרעכען.

און אויסער דעם האָט שטאָלץ געגלויבט, אַז די אנוועזענהייט פון אַ יונגער, סימפּאַטישער, קלוגער, לעבעדיגער און טייל־ווייז אויך וויציגער פרוי, וועט האָבען אויף אבלאָמאָוו'ס פאַרשלאָפען לעבען די זעלבע ווירקונג, ווי דאָס אריינטראָגען פון אַ ליכטיגער לאָמפּ אין אַ פינסטערען צימער. דאָס ליכט פון דער לאָמפּ נעמט זיך צושפּרייטען איבער אַלע פינסטערע ווינקלען, גיט צו אביסעל ווארעמקייט און דאָס צימער קריגט אַ לעבעדיגען אויסזען.

צו די רעזולטאַטען האָט ער געשטרעבט, ווען ער האָט באַקאַנט אָלגאַ'ן מיט זיין פריינד אָבלאָמאָוו. ער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז ער ברענגט אריין אין הויז אַ פייערווערק, אויב ניט עפּעס מער.

איליאַ איליטש זיצט אויס אַרטיג מיט דער טאַנטע אַ צוויי שעה צייט, ער פירט מיט איר אַן אנשטענדיגען געשפּרעך, ער פּרוּווט אפילו ניט אריבערוואַרפען איין פוס איבער'ן צווייטען. צוויי מאָל האָט ער שוין אפילו זער קונציג איר אונטערגערוקט אונטער די פיס דאָס פוס־בענקעלע.

עס קומט דער באַראָן, שמייכעלט זער העפליך און דריקט אים צערטליך די האַנט.

אָבלאָמאָוו פירט זיך נאָך אַרטיגער ; און אַלע דריי זיינען אַזוי צופרידען איינער פון צווייטען, אַז מען קאָן זיך בעסער גאָר ניט ווינשען.

אויף די געשפּרעכען, וואָס אָלגאַ און אָבלאָמאָוו האָבען געפירט אין די ווינקלעך און אויף זייערע שפּאַצירונגען, האָט די טאַנטע געקוקט ווי . . . ריכטיגער אין גאַנצען ניט געקוקט.

און אויב אָלגא זאגט:

— אך, טאנטע, האָט זיך נאָך אייך אליין נים דערעסען אָט יענער וואלד מיט דעם זאמד דאָרט? אפשר בעסער א זוך צו טאָן ערגעץ אנדערש?

— מיר'ן זען, — ענטפערט די טאנטע, — ווילסט אפשר, אָלגא, פאָרען אין טעאטער? — פרעגט די טאנטע, — מען רעדט אזויפיל וועגען דער פיעסע.

— מיט פארגעניגען, — ענטפערט אָלגא, אָבער אָן פאר־לאנג איר צופרידענצושטעלען, און אָן אן אויסדרוק פון געהאָרכ־זאמקייט.

אָלגא פלעגט פרעגען ביי דער טאנטע עצות, ניט ווי ביי אן אויטאָריטעט, וועמעס וואָרט עס דארף זיין פאר איר א געזעץ, נאָר פונקט אזוי ווי זי וואָלט געפרעגט ביי יעדער אנדערער פרוי, וואָס איז מער ערפארען פון איר:

— טאנטע, איר האָט דאָך געלעזען דאָס בוך, איז עס עפעס ווערט? — פרעגט זי אמאָל ביי דער טאנטע.

— פוי! אן עקעלהאפט בוך! — ענטפערט די טאנטע, אוועקרוקענדיג, אבער ניט באהאלטענדיג דאָס בוך און ניט אָנ־נעמענדיג קיין שום מיטלען, אז אָלגא זאָל דאָס בוך ניט לעזען.

און אָלגא'ן איז שוין אפילו אויפ'ן זינען ניט ארויף עס אי־בערצולעזען. און האָבען זיי אמאָל ביידע ניט געקאָנט זיך בא־שליסען, האָט מען זיך מיט דער פראגע געווענדט צום באראָן, אָדער צו שטאָליץ'ן, אויב ער איז גראד געווען דערביי, און לויט זייער עצה איז דאָס בוך יאָ אָדער ניט געלעזען געוואָרען.

— מיין ליבע אָלגא! — רופט זיך אמאָל אָפּ די טאנטע, — מען האָט מיר דערצעהלט זער א קאָמישע געשיכטע וועגען דעם יונגענמאן, וואס געהט אָפט צו דיר.

און ניט מער. און אָלגא מעג שוין שפּעטער טאָן, ווי זי אליין פארשטעהט: יא, אדער ניט רעדען מיט אים.

אָבלאָמאָוו'ס ערשיינונג האָט ניט ארויסגערופען אין הויז קיין שום פראגען, קיין שום באזונדערע אויפמערקזאמקייט ניט ביי דער טאנטע, ניט ביים באראָן און אפילו ניט ביי שטאָליץ'ן.

לאנגען? אין דער אויסוואַל פֿון קליידער, פריזור און אין דעם, למשל, צי זאָל מען היינט באַזוכען דאס פראַנצויזישע טעאַטער, אדער פאָרען אין אָפּערע.

אָלגאַ האָט געפאָלגט איר טאַנטע אויף אַזוי פיל, וויפיל עס האָט געפאָדערט פון איר דער טאַנטע'ס פאַרלאַנג, איר עצה, און אויף קיין האָר ניט מער. און ארויסגערעדט האָט די טאַנטע אירע פאָדערונגען מיט אַ טרוקענער זיכערהייט, אבער בלויז אויף אַזויפיל וויפיל עס איז איר געווען ערלויבט אלס טאַנטע און קיינמאָל ניט שטאַרקער.

זייערע באַציאונגען זיינען געווען אַזוי פאַרבלאָז, אַז מען האָט קיינמאָל ניט געקאָנט באַשטימט זאָגען, צי אין דער טאַנ־טע'ס כאַראַקטער איז דאָ אַן אַנשפּרוך אויף אָלגאַ'ס געהאָרכ־זאַמקייט, אָדער אין אָלגאַ'ס כאַראַקטער איז געלעגען געהאָרכ־זאַמקייט צו דער טאַנטע און אַ באַזונדערע צערטליכקייט צו איר.

דערפאַר האָט מען פון ערשטען בליק, ווען מען האָט זיי געזען צוזאַמען, באַשטימט געוואוסט, אַז דאָס איז אַ טאַנטע און אַ ניכטע און ניט אַ מוטער מיט אַ טאָכטער.

— איך פאָר אין מאַגאַזין: דאַרפסטו עפּעס האָבען? — האָט געפרעגט די טאַנטע.

— יאָ, טאַנטע, איך דאַרף איבערבייטען דאָס לילאַ קלייד, — ענטפערט אָלגאַ, און זיי פאָרען צוזאַמען, אָדער: ניין, טאַנ־טע, — זאָגט אָלגאַ, — איך בין ניט לאַנג צוריק דאָרט געווען.

די טאַנטע נעמט איר מיט צוויי פינגער פאַר ביידע באַ־קען, גיט איר אַ קוש אין קאָפּ, און אָלגאַ גיט אַ קוש דער טאַנטע אין דער האַנט אריין. די פאָרט אַוועק, און די — בלייבט.

— זאָלען מיר דינגען די זעלבע זומער־וואוינונג? — זאָגט אַמאָל די טאַנטע. און זאָגען זאָגט זי עס ניט ווי אַ פראַגע און ניט ווי אַ פאַקט, נאָר אַזוי ווי זי וואָלט זיך באַראַטען מיט זיך אַליין און זיך ניט געקאָנט באַשליסען.

— יאַ, דאָרט איז זער גוט, — ענטפערט אָלגאַ.

און מען האָט דאָס הויז געדונגען.

ער איז שטענדיג געווען געקליידעט לויט דער לעצטער מאָדע און אין דעם קנאָפּ־לאָך פון פראק געהאט פיל בענד־לעך. ער איז שטענדיג געפארען אין א קארעט און האָט אויסערגע־וועהנליך אָפּגעהיט די פערד: איידער ער האָט זיך אויינגע־זעצט אין קארעט, פלעגט ער פריער ארומגעהן, באקוקען דעם געשפאן, אפילו די קאָפּיטעס פון די פערד, אָפטמאָל האָט ער ארויסגענומען א ווייס טיכעל און א רייב געטאָן דערמיט די זייט, אָדער דעם רוקען פון פערד, כדי ער זאָל קאָנען זען, צי זיי זיי־נען גוט געריינינגט געווארען.

באקאנטע האָט ער באגעגענט מיט א גנעדיג־העפליכען שמייכעל, אן אומבאקאנטען — אין אנפאנג קאַלט; אבער ווען מען האָט אים פאָרגעשטעלט פאר אים, האָט א שמייכעל פארביטען זיין קאלטקייט און דער פאָרגעשטעלטער האָט שוין שטענדיג געקאָנט ערווארטען זיין שמייכעל.

רעדען האָט ער געקאָנט וועגען אלץ: וועגען טוגענד און וועגען יקרות, וועגען דער וויסענשאפט און וועגען דער וועלט, און אלץ אזוי גענוי, פינקטליך. זיין מיינונג האָט ער אויסגע־דריקט אין קלאָרע און פארענדיגטע זאצען, ווי ער וואָלט גערעדט מיט פארטיגע און אלגעמיין־באנוצטע פראזען.

אָלגא'ס באציהונגען צו דער טאַנטע זיינען ביז איצט געווען גאַנץ פשוט'ע און געוועהנליכע: זי איז קיינמאָל אין איר צערטליכקייט ניט אוועקגעגאנגען צו ווייט, און קיינמאָל האָט זיך צווישען זיי ניט געלייגט אפילו קיין שאָטען פון אומצופרי־דענהייט.

דאָס איז טיילווייז געקומען א דאנק מאריא מיכאילאָוו־נא'ס כאראקטער, און טיילווייז דערפון, וואסביידע האָבען ניט געהאט קיין שום אורזאך צו פירען זיך אנדערש. דער טאַנטע איז קיינמאָל ניט איינגעפאלען צו פאָדערען פון אָלגא'ן אזוינס, וואָס זאל זיין שטארק געגען אירע נייגונגען. און אָלגא'ן, ווי־דער, איז אפילו אין חלום ניט איינגעפאלען ניט אויספאָלגען דער טאַנטע'ס פארלאנגען, ניט אננעמען איר'ס אן עצה.

און אין וואס האָבען זיך אויסגעדריקט דער טאַנטע'ס פאר־

# עבלאמאון

איינציגער שלום, צו וועלכען מען קומט, ווען מען קוקט אויף זיי. באגעהן באגעהט זי זיך מיט אים פונקט ווי מיט אנדערע: פריינדליך, אָבער איינגעהאלטען.

בייזע צונגען האָבען זיך אפילו געהאט באנוצט דערמיט און אנגעהויבען צו דערצעהלען געשיכטעס וועגען אלטע סימ־פאטיען, וועגען א רייזע, וואָס זיי זאָלען האָבען געמאכט צו־זאמען קיין אויסלאנד. אבער אין אירע באציאונגען צו אים האָט זיך ניט באמערקט קיין באזונדערע סימפּאטיען צו אים. וואָלטען זיי געוועזן, וואָלט מען זיי זיכער געקאָנט באמערקען.

ער איז געוועזן דער אַפּעקון איבער אָלגא'ס קליינעם גוט, וועגען וועלכען עס איז אָנגעגאנגען א פּראָצעס אין געריכט.

דער באראָן האָט געפירט דעם פּראָצעס, דאָס הייסט, ער האָט געמאכט עפּעס א באאַמטען צו שרייבען פּאפּירען, דורך א לאָרנעט האָט ער זיי דורכגעלעזען, אונטערגעשריבען און מיט דעם זעלבען באאַמטען זיי אוועקגעשיקט אין געוויסע געריכטס־הייזער. א דאנק זיינע גרויסע פארבינדונגען האָט דער פּראָצעס אָנגענומען א גינסטיגע ווענדונג. עס איז געוועזן א האָפנונג, אז דער פּראָצעס זאָל גיך נעמען א גליקליכע ענדע. דאָס האָט געמאכט א סוף פון אלע בייזע אָנצוהערענישען, און מען איז גע־וועהנט געוואָרען צו זען דעם באראָן אין דעם הויז, ווי א פאר־וואנדטען.

ער איז געוועזן ארום פופציג יאָר, אָבער ער איז געוועזן נאָך זער פריש, ער האָט בלויז געפארבט זיך די וואָנסען און אונ־טערגעהונקען אביסעל אויף איין פוס. ער איז געוועזן ביז צום העכסטען גראד העפליך, קיינמאָל ניט געראויכערט אין דער אנ־וועזענהייט פון דאמען, ניט פארלייגט איין פוס אויפ'ן צווייטען און ער האָט זער געטאַדעלט די יונגע לייט, וואָס האָבען זיך ערלויבט אין דער געזעלשאפט פון אנדערע מענשען אריבערצו־וואַרפען זיך איבער די שטולען און אויפהויבען די קני און שטי־וועל כמעט גלייך מיט דער נאָז. אין הויז איז ער געזעסען שטענדיג אין די האנד־שו און ארונטערגענומען זיי בלויז דאַ־מאָלט, ווען ער האָט געדארפט געהן עסען.

געווען דורכגעפירט א שאַרפע ליניע, וואָס איר שכל איז קיינמאָל ניט איבערגעטראָטען. מען האָט גלייך געקאָנט באַמערקען, אז געפילען, סימפּאַטיען, ניט אויסשליסענדיג אפילו די ליבע, זיינען אריינגעדרונגען, אדער ארויסגעדרונגען פון איר לעבען פּונקט אזוי, און אויף דעם זעלבען ארט ווי אלע אַנדערע געשעענישען. ביי אַנדערע פרויען, אָבער, באַמערקט מען גלייך, אז די ליבע, ווען אפילו ניט אין דער ווירקליכקייט, אָבער יעדענפאַלס אין די רייד, נעמט א גרויסען אנטייל ביי זיי אין אלע לעבענס־פראגען, און אלע איבעריגע געפילען פארנעמען בלויז אזויפיל, וויפיל עס איז געבליבען פּלאַץ פון דער ליבע.

ביי אָלגאַ'ס טאַנטע, אָבער, איז אויף דעם ערשטען פּלאַן געשטאַנען די קונסט פון לעבען, דאָס האַלטען זיך אין די הענט, די שטענדיגע גלייכגעוויכט צווישען די וואונשען און דער מעגליכקייט זיי דורכצופירען אין דער ווירקליכקייט. איר האָט זי קיינמאָל ניט געקאָנט אומערוואַרטעטהייט איבערראשען, פּונקט ווי איר זאָלט ניט וועלען באַפאַלען פון דער זייט א וואכזאמען שונא, וועט איר שטענדיג באַגעגענען א פּאָר אָנגעשטעלטע און וואַרטענדע אויף אייך אויגען.

דאָס הערשענדע געפיל אין איר איז געווען קלאָרקייט, דערפאר זיינען טאַקט און פּאָרזיכטיגקייט געגאַנגען פּאָראויס פאַר איר יעדען געדאַנק, פאַר איר יעדען וואָרט און ריר.

קיינמאָל וועט זי ניט פאַר קיינעם אַנטפּלעקען די געהיימע באַוועגונגען פון איר האַרץ, קיינעם וועט זי ניט פאַרטרויען די סודות פון איר נשמה; מען באַגעגענט קיינמאָל ניט ארום איר א גוטע אַלטע פריינדין, מיט וועלכער זי זאָל זיך סוד'ען ביי א טאַסע קאָפע. בלויז מיט דעם באַראָן פאָן־לאַנגוואַגען בלייבט זי אָפט אונטער פיר אויגען, ער פאַרברענגט אָפט ביי איר ביז האַלבע נאַכט, אָבער כמעט שטענדיג אין אָלגאַ'ס אַנוועזענהייט. מייסטענס שווייגען זיי דאַמאָלט, אָבער זיי שווייגען אזוי פילבאַדייטענד און קלוג, ווי זיי וואָלטען געוואוסט עפּעס אזוינס, וואָס קיין אַנדערער אויסער זיי ווייסט ניט.

זיי האָבען, אפנים, ליב צו זיין צוזאַמען — דאָס איז דער

# 8

דער גאַנצער טאָג איז געווען פאַר אָבלאָמאָוו'ן אַ טאָג פון אַנטוישונגען. ער האָט דעם טאָג פאַרבראַכט מיט אָלגאַ'ס טאַנטע, אַ פיינע און זער קלוגע פרוי, וואָס איז שטענדיג געווען עלעגאַנט געקליידט, וואָס מען האָט זי שטענדיג געזען אין אַ ניי זיידען קלייד, וואָס איז גרויסאַרטיג געלעגען אויף איר און וואָס האָט שטענדיג געטראָגען אַזוינע עלעגאַנטע שפּיצען־קראַגען; איר הויב איז אויך געווען געמאַכט מיט פיל געשמאַק און די בענדער האָבען קאָקעטיש אַרומגענומען איר פופציג יעריגען, אָבער נאָך פרישען געזיכט. אויף אַ קייטעל איז געהאַנגען אַ גאָלדענער לאָרנעט.

אירע פּאָזען, איר יעדער זשעסט זיינען פול מיט ווירדע. זער קונציג דראַפּירט זי זיך אין אַ רייכער שאַל, און ווי פלעגט זי זיך אָנשפּאַרען אָן דעם אויסגעהעפטען קישען מיט'ן עלענבויגען און אַזוי מאַיעסטעטיש זיך אויסציען אויף דער סאָפע! קיינמאָל טרעפט מען זי ניט זיין מיט עפּעס באַשעפטיגט: אָנבויגען זיך, נעהען, פאַרנעמען זיך מיט עפּעס אין הויז האַרמאָנירט ניט מיט איר געזיכט, מיט איר ווירדיגער פיגור. אפילו די באַפעלען צו די דינסטען און די דינער, פלעגט זי געבען נאַכלעסיג, קורץ און קאַלט.

זי האָט קיינמאָל ניט געלעזען, קיינמאָל ניט געשריבען, אָבער רעדען האָט זי זער גוט גערעדט, איבריגענס, מערסטענטייל פראַנצויזיש. דאָך האָט זי גלייך באַמערקט, אַז אָבלאָמאָוו באַהערשט ניט אין גאַנצען פריי די פראַנצויזישע שפּראַך, און גלייך פון צווייטען טאָג איז זי איבערגעגאַנגען מיט אים אויף רוסיש.

זי פאַנטאַזירט ניט און חכמה'ט זיך ניט אין אירע געשפּרעכען. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי אין איר קאָפּ וואָלט

דערנאָך האָט זיך איר פּנים איינציגווייז גענומען אָנפּילען מיט באוואוסטזיין; אין יעדען קנייטש, אין יעדען שטריך האָט אריינגעדרונגען א שטראַל פון פאַרשטענדניש, פון אַנונג, און מיטאַמאָל איז דאָס גאנצע פּנים באַלויכטען געוואָרען פון ער־קענטניש. . . אזוי פּאַסירט אויך אַמאָל מיט דער זון. ארויס־געהענדיג פון אונטער א וואָלקען באַלויכט זי צום ערשטען איין קוסט, דערנאָך א צווייטען, א דאַך און מיטאַמאָל באַגיסט זי מיט ליכט דעם גאַנצען פּייזאַזש. איר איז שוין איצט געווען קלאָר אָבלאָמאָוו'ס געדאַנק.

— ניין, ניין, פרעגט מיך ניט! מיין צונג איז אזוי ווי צוגעקלעפּט געוואָרען צום גומען, — האָט געזאָגט איליא אי־ליטש.

— איך פרעג אייך ניט, — האָט זי גלייכגילטיג געזאָגט.

— וואָס הייסט? אָט האָט איר דאָך. . .

— קומט לאָמיר געהן, — האָט זי ערנסט, ניט צוהערענדיג זיך צו אים, געזאָגט, — די טאַנטע וואַרט.

זי איז געגאַנגען פאָראויס, אים איבערגעלאָזט מיט דער טאַנטע און אריין צו זיך אין צימער.

— דאָס האָט איר ניט לאַנג צוריק אָפּגעריסען און אוועקגע־וואָרפען, — האָט געענטפערט איליא איליטש.

— צו וואס האָט איר עס אויפגעהויבען, — האָט גע־פרעגט אָלגא סערגעיעוונא.

— עס איז מיר זער געפעלען, וואָס איר האָט עס . . . מיט ערגערניש אוועקגעוואָרפען.

— געפעלען ערגערניש — דאָס איז עפּעס נייס! ווארום עפּעס? זאָגט.

— איך וועל ניט זאָגען.

— איך בעט אייך זער, זאָגט.

— איך וועל ניט זאָגען, אין קיין פאל ניט זאָגען.

— איך בעט אייך זער.

ער האָט א שאָקעל געטאָן דעם קאָפּ אויף ניין.

— און אויב איך וועל זינגען?

— דאן . . . איז זער מעגליך . . .

— הייסט דאָס, אז בלויז מוזיק ווירקט אויף אייך? — האָט זי ארויסגערעדט מיט צוזאמענגעצויגענע ברעמען. — איז עס אזוי באמת?

— יא, מוזיק, איבערגעגעבען דורך אייך.

— אָט זינג איך אייך! — און זי האָט גענומען א פּאָר טענער און אָפּגעשטעלט זיך.

— און אצינד זאָגט שוין, — האָט ווידעראמאָל געזאָגט אָלגא סערגעיעוונא.

ער האָט פּאר א קורצער ווייַלע געקעמפט מיט זיך.

— ניין! ניין! — האָט ער ארויסגערעדט נאָך אנטשלאָ־סענער ווי פריער. — פאר קיין פאל ניט . . קיינמאָל ניט! און אפשר איז דאָס ניט אמת און עס האָט זיך מיר בלויז אויס־געדאכט? . . . ניין, ניין, ניין!

— וואָס זאָל דאָס באַדייטען? עפּעס אומפארשטענדלי־כעס, — האָט זי געזאָגט, אָנשטרענגענדיג דעם געדאנק אויף אָט דער פראגע, און ווארפענדיג א פאָרשענדען בליק אויף אב־לאָמאָוו'ן.

ווי א פריינד, האָט זי געזאָגט. זי לייגט, מעגליך, אומבאַ־וואוסטערהייט. . . עס איז ניט מעגליך קיין פריינדשאַפט צווי־שען א מאַנספּאַרשוין און א פרויענצימער. . . "

און ער האָט גענומען געהן אליין איינגעהאַלטענער און איינ־געהאַלטענער, ווערענדיג באַצווּנגען פון א צווייפעל.

„און וואָס איז אויב זי קאָקעטירט בלויז מיט מיר? . . . אויב זי. . . "

ער איז אויף א מאָמענט ווי פאַרשטיינערט געוואָרען, און זיך אפּגעשטעלט.

„און אפשר שפּילט זי דאָס מיט מיר גנב'ישע שטיק? און, ווער ווייס, — אפשר איז דאָס א פאַרשווערונג געגען מיר? . . . און פון וואַנען האָב איך דאָס גענומען, אז זי האָט מיך ליב? ניין, עס איז אוממעגליך! . . . זי איז א . . . אָט וואָס פאַר א מענש זי איז!" — האָט ער מיטאַמאָל פריידיג אַרויסגעשריען, דערזעענדיג אָלגאַ'ן אנטקעגען קומען.

מיט א פרעהליכען שמייכעל אויף די ליפּען, האָט אים אָל־גא אויסגעשטרעקט די האַנט.

„ניין, זי איז ניט אזא, זי איז ניט קיין אָפּנאַרערין, — האָט אָבלאָמאָוו באַשלאָסען, — פאַלשע מענשען האָבען ניט אזא צערטליכען בליק, זיי קאָנען ניט אזוי אמת'דיג לאַכען. . . זיי קוויטשען. . . אָבער זי האָט פאָרט ניט געזאָגט, אז זי האָט מיך ליב! — האָט ער ווידעראַמאָל מיט שרעק א טראַכט גע־טאָן און געוואָלט ענדליך אַליין זיך קלאָר מאַכען. — און אויב ניט, פאַרוואָס ערגערט זי זיך אזוי? גאָט מיינער! ווי איך פּלאָנטער זיך און קאָן זיך אַליין ניט אַרויספּלאָנטערען!"

— וואָס האַלט איר דאָס אין דער האַנט? — האָט זי אים געפרעגט.

— א צווייגעל.

— וואָס פאַר א צווייגעל?

— איר זעט דאָך: א בעז־צווייגעל.

— וואו האָט איר עס באַקומען? דאָ וואַקסט דאָך ניט קיין בעז, — האָט געזאָגט אָלגא.

# אבלאמאוו

זאכאר איז טרויעריג און קוקט אויף אָבלאָמאָוו'ן אַליץ פון דער זייט; דערפאַר שמייכעלט אַניסיא אַזוי גוטהאַרציג.

„איך וועל מיר פאַרשאַפען אַ הונט, — האָט באַשלאָסען אָבלאָמאָוו, — אָדער גאָר אַ קאַץ. . . בעסער אַ קאַץ: קעץ זיינען צערטליך, מיאַוקען".

ער איז אַוועק צו אָלגאַ'ן.

„אָבער דאָך . . . אָלגאַ ליבט מיך! — האָט ער געטראַכט אויפ'ן וועג, — אַט דאָס יונגע, פרישע וועזען! פאַר איר פאַר־שטעלונגס קראַפט זיינען איצט אָפען די פּאָעטישסטע ספערען פון לעבען: איר חלומ'ען זיך איצט געוויס יונגלינגען מיט שוואַרצע לאָקען, שלאַנקע, הויכע, מיט פאַרבאָרגענער קראַפט, מיט מוטיגע געזיכטער, מיט שטאָלצע שמייכלען, מיט יענעם פונק אין די אויגען, וואָס ציטערט אַזוי און דערשלאָגט זיך אַזוי לייכט צום האַרצען; מיט אַ ווייכער און פרישער שטימע, וואָס קלינגט אַזוי העל, ווי זילבער. יאָ, יאָ, עס איז אמת, מען פאַר־ליבט זיך ניט בלויז אין אינגלעך, ניט בלויז אין געוואַגטע גע־זיכטער, גוטע טענצער און רייטער. . . לאָמיר אָננעמען, אַז אָלגאַ איז ניט פון די אָרדינאַרע מיידלעך, וואָס אַ פּאָר וואָנסען, אָדער דער קלאַנג פון אַ זעבעל זאָל קאָנען מאַכען קלאַפען דאָס האַרץ... אָבער דאַמאָלט דאַרף מען דאָך באַזיצען עפּעס אַנדערש . . . אַ שאַרפען אינטעלעקט, למשל, אַז די פרוי זאָל מיט הכנעה איינ־בויגען פאַר דיר דעם קאָפּ, און די וועלט זאָל פאַר דיר האָבען דרך ארץ . . . אָדער זיין אַ באַרימטער אַרטיסט . . . און וואָס בין איך אַזוינס? אָבלאָמאָוו — דאָס אַליץ. שטאָלץ איז שוין עפּעס אַנדערש: ער איז אַ מענש אַ קלוגער, האָט ווילען און ווייסט וואָס צו טאָן מיט זיך, ווי צו האַנדלען מיט אַנדערע. וואו ער זאָל קומען, מיט וועמען ער טרעפט זיך נאָר — באַזיגט ער אים גלייך, יענער ווערט ביי אים ווי אַ אינסטרומענט אין די הענט פון אַ קינסטלער. . . און איך? . . . איך ווייס דאָך אפילו ניט ווי מען באַגעהט זיך מיט זאַכאַר'ן. . . איך בין — אָבלאָמאָוו! שטאָלץ! גאָט מיינער! . . . אָלגאַ האָט דאָך אים ליב, — האָט ער מיט שרעק אַ טראַכט געטאָן, — זי האָט דאָך אַליין געזאָגט:

די פויערים האָבען אזוינס ניט געזען. זיי פאלען צו די קני פון אָט דעם מלאך. שטיל טרעט זי איבער׳ן גראז, געהט צוזאמען מיט אים אין בירקען־וועלדעל אריין . . . זי זינגט פאר אים. . .

און ער פילט דאָס לעבען און זיינע שטילע און זיסע שטראַמען . . . ער פארזינקט אין געדאנקען. . .

מיט אמאָל פארנעבעלט זיך זיין פנים.

„ניין, דאָס איז אוממעגליך! — האָט ער מיט אמאָל ארויסגערעדט הויך אויפ׳ן קול און גענומען שפּאנען אין צימער הין און צוריק. — ליב האָבען מיך, מיך, אזא קאָמישען, אזא פארשלאָפענעם, מיט אזוינע פארוועלקטע באקען. . . ניין, זי טרייבט בלויז לצנות פון מיר! . . .״

ער איז לאנג געשטאנען פאר׳ן שפּיגעל און באטראכט זיין פנים. אין אָנפאנג האָט ער געקוקט זער אומגינסטיג, דערנאָך האָט זיין בליק אויפגעלויכטען. עס האָט זיך אפילו א שמייכעל באוויזען אויף זיין פנים.

„איך זע עפּעס אויס בעסער, פרישער ווי אין שטאָדט, — האָט ער געזאָגט. — די אויגען זיינען לעבעדיגער געוואָרען. . . עס האָט זיך אָנגעהויבען צו באווייזען א גערשטען, עס איז אָבער איצט אפילו קיין סימן דערפון ניטאָ. . . מסתמא האָט די לופט דאָ אזוי גוט געווירקט אויף מיר. איך שפּאציר א סך ארום, טרינק קיין ווייַן ניט, ליג ניט אין בעט. . . איך קאָן זיך שוין באגעהן אָן עניפּטען״.

עס איז געקומען א מענש פון מאריא מיכאילאָוונא, אָלגא׳ס טאנטע, און אים איינגעלאדען צום מיטאָג.

— איך וועל קומען, קומען! — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו.

דער מענש האָט גענומען ארויסגעהן.

—ווארט צו! אָט האָסטו!

און ער האָט אים דערלאנגט א מטבע.

אים איז לייכט און פרעהליך. אלץ אין דער נאטור איז אזוי קלאָר. אלע מענשען זיינען אזוינע גוטע, האָבען הנאה פון לעבען. אויף יעדען פנים ליגט אויסגעדריקט גליק. בלויז

מיט א רחמנות'דיגען אויסדריק אויפ'ן פּנים און צופּייפּענדיג צו די פּלוידערייען פון זיין פרוי וועגען א וויכטיגען ענין — און מאָרגען לייגט ער מיט גרויס ווירדע פאָר די פּלוידערייען פון זיין פרוי פאר'ן מיניסטער

און באַגעהן בעגעהען זיך די דאָזיגע הערען מיט זייערע פרויען זער טרויעריג, אָדער זער לייכט. קוים וואָס זיי באַערען זיי אַמאָל מיט אַ וואָרט. און אויב זיי זיינען ניט אין זייערע אויגען, ווי אין זאכאר'ס, נידעריגע באַשעפּענישען, זיינע זיי בלומען, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרען צו צושטרייען דעם מאַן נאָך אַ שווערען און ערנסטען ארבייטס טאָג.

די מיטאָג זון האָט העל געברענט אויף אַלע שטעגלעך פון פּאַרק. אַלע זיצען אין שאָטען, אונטער לייוועגטענע פּאָרהאַנגען. בלויז די דינסטען מיט די קינדער געהען מוטיג ארום, אָדער זיצען אויפ'ן גראָז אונטער די הייסע מיטאָג־זון שטראַלען.

אָבלאָמאָוו איז אַלין געלעגען אויף דער סאָפע; אָט האָט ער יאָ געגלויבט און אָט געצווייפעלט אין דעם זין פון דעם געשפּרעך, וואָס ער האָט היינט אין־דער־פריה געהאַט מיט אָלגאַ'ן.

„זי האָט מיך ליב, אין איר לעבט אַ געפיל צו מיר. איז דאָס מעגליך? זי חלומ'ט וועגען מיר, פאַר מיר האָט זי דאָס אַזוי ליידענשאַפטליך געזונגען, און די מוזיק האָט אונזביידען אָנגעשטעקט מיט די זעלבע געפילען".

אַ געפיל פון שטאָלץ האָט אויפגעלעבט אין אים. עס האָט אין אים אויפגעשטראַלט דאָס לעבען מיט זיינע פאַר'כשופ'טע ווייטען, מיט אַלע זיינע פאַרבען און שטראַלען, וואָס ביז אַהער האָט ער זיי ניט געזען. ער האָט זיך אין דער פאַנטאַזיע געזען מיט איר אין אויסלאַנד, אין דער שווייץ, אין איטאַליען, צוזאַמען מיט איר געגאַנגען איבער די חורבות פון רוים, געשיפט זיך אין אַ גאָנדאָל, פאַרלאָרען זיך אין לאָנדאָן, פּאַריז און דערנאָך... דערנאָך האָט ער זיך געזען צוזאַמען מיט איר אין זיין ערדישען גן־עדן — אין אָבלאָמאָווקע.

זי איז געטליך, ז י מיט איר אַנגענעמען רעדען, מיט איר פיינעם קליינעם פּנים'ל און דינעם צערטליכען האַלז.

און זאכאר אליין, ווי נאָר ער האָט באמערקט, אז אין אָבלאָמאָוו'ס רייד הויבען זיך אָן ארייננצו'גנב'ענען די „לומפּיגע ווערטער", האָט ער אים פארגעשלאָגען ארייננצורופען אניסיען.

ווען זאכאר געהט אויף א רגע ארוים פון הויז, שטויבט אניסיא גלייך אראָפּ דעם שטויב פון דעם טיש, פון דער סאָפע, עפענט א לופטשיק, מאכט אין אָרדנונג די ראָלעטען, שטעלט אויף זייער פּלאַץ די שיך, וואס וואלגערען זיך ארום אין מיטען צימער, ברענגט אין אָרדנונג דעם טיש, שלאָגט אויף דאָס צוקנייטשטע בעטגעוואַנד; דאָס אליין ווערט געטאָן איינס־צוויי. מיט א גיכען בליק לויפט זי דורך דאס גאנצע צימער, דאָ רוקט זי ארויס א שטול, דאָ רוקט זי אריין א שיפלאָד, וואָס איז געווען האלב אָפען, שלעפּט ארונטער פון טייש א סערוועטעל און שלייכט זיך אריין אין דער קיך, ווי נאָר זי דערהערט דאָס סקריפען פון זאכאר'ס שטיוועל.

דאָס איז געווען א לעבעדיגע, שנעלע פרוי פון א יאָר זיבען און פערציג. אירע אויגען האָבען געהאלטען אין איין ארומלויפען אין אלע זייטען. זי איז געווען געזונט און שטארק געבויט און אירע הענט האָבען קיין רגע ניט גערוט.

קיין פּנים, דאַכט זיך, האָט זי אין גאנצען ניט געהאט, אלין, וואָס מען האָט באמערקט איז געווען א נאָז. כאָטש די נאָז איז ניט געווען זער קיין גרויסע, איז זי אָבער אזוי ווי אָפּגעשטאַנען פון פּנים, אָדער ווי זי וואָלט געווען זער אומגעשיקט צוגעקלעפּט. דערצו האָט זיך די אונטערשטע טייל פון דער נאָז אויפגעהויבען אין דער הויך, אזוי ווי זי וואלט ארויסגעשפּראצט פון פּנים, און אין דער צייט, ווען דו האָסט שוין געהאט א גאנץ קלאָרע פארשטעלונג וועגען איר נאָז, האָסטו איר פּנים אזוי ווי נאָך ניט געהאט באמערקט.

פאראַן אויף דער וועלט א סך אזוינע מענער ווי זאכאר. עס טרעפט אָפט, אז א דיפּלאָמאט הערט זיך איין צו אן עצה פון זיין פרוי מיט גרינגשעצונג און ציענדיג מיט די פּלייצעס — און אין דער שטיל שרייבט ער נאָך אירע ווערטער.

און .עס טרעפט. אז אן אדמיניסטראטאַר הערט זיך צו

איין האנט און מיט דער צווייטער בלויז פעסט אונטערהאלטען. זי איז אזוי צוויי מאָל דורכגעגאנגען דאָס צימער הין און צו־ריק און דערביי געדרעהט די טאַז רעכטס און לינקס. און ניט נאָר איז קיין זאך ניט ארונטערגעפאלען, נאָר עס האָט זיך אפילו ניט קיין שאָקעל געטאָן. זאכאר'ן איז דאמאָלט מיטאמאָל קלאָר געווארען, אז אניסיא איז פיל פארשטענדליכער פון אים.

ער האָט ארויסגעריסען די טאַז פון איר האנד, דאָס גע־שיר האָט גענומען ביי אים פאלען און פון דאמאָלט אָן האָט ער איר עס ניט געקאָנט מוחל זיין.

— זעסטו שוין ווי מען דארף טאָן? — האָט זי שטיל צו־געלייגט.

ער האָט א קוק געטאָן אויף איר מיט טעמפּער נדלות, אבער זי שמייכעלט.

— וואָס? אויספיינען קלייבסטו זיך דאָ?

— ניין, איך וויל בלויז, אז אלץ זאָל זיין אין אָרדנונג, — האָט זי אָנגעהויבען.

— שטום איין! — האָט זאכאר הייזעריג ארויסגעברומט, דראָענדיג איר מיט'ן עלענבויגען. — טראָג זיך ארויס פון די פריצישע צימערען! אין דער קיך אריין! וויים דיין אָרט!

זי האָט א שמייכעל געטאָן און ארויסגעגאנגען, און א טרוי־עריגער האָט ער איר פון א זייט נאָכגעקוקט.

זיין שטאָלץ האָט דערפון געליטען און ער איז זיך זער שלעכט באגאנגען מיט איר. אָבער דאָך, ווען איליא איליטש האָט אמאָל געבעטען א געוויסע זאך און מען האָט זי ניט גע־קאָנט געפינען, אָדער זי איז צובראָכען געוואָרען, און ווען אין הויז איז געוועזען אן אומאָרדנונג און אויף זאכאר'ס קאָפּ האָבען זיך אָנגעהויבען קלייבען דונערס, באגלייט פון די „לומפּיגע ווערטער", פלעגט זאכאר א וואונק טאָן אניסיען מיט'ן קאָפּ, און אָנווייזענדיג איר מיט'ן פינגער אויף אָבלאָמאָוו'ס צימער, מיט א באפעלענדער שטימע ארויסרעדען:

— געה דו אריין צום פריץ און זע וואָס ער וויל האָבען.

אניסיא פלעגט אריינגעהן און דער שטורעם איז פארביי.

עס אוועקגעלייגט אויף איין פּלאַץ, אַז עס זאָל זיין שטענדיג אונטער דער האַנט, געהסטו און צואוואַרפסט עס?

— עס זאָל ניט שמעקען קיין זייף פון טיי, — באַמערקט זאַנפט אַניסיאַ.

און אַנדעריש מאָל האָט זי איִם געוויזען אָבלאָמאָוו'ס אַ מאַנ־טעל, וואָס איז געווען אין אייניגע פּלעצער דורכגעלעכערט פון מאָיל און דערביי איִם געזאָגט, אַז קליידער מוזען אַם ווייניגסטענס איינמאָל אַ וואָך אויסגעלופטערט און געריינינגט ווערען.

— גיב, וועל איך זיי אויסריינינגען מיט'ן בעזעמעל, — האָט זי צערטליך געזאָגט.

ער האָט אַרויסגעכאַפּט דאָס בעזעמעל און דעם פראַק, וואָס זי האָט גענומען און זיי צוריקגעלייגט אויף זייער פריערינגען פּלאַץ.

און ווען ער האָט גענומען אַמאָל, ווי זיין געוואוהנהייט איז געווען, פאַרצואוואַרפען אָבלאָמאָוו'ן, אַז ער זידעלט איִם אומ־זיסט איבער די פּרייסענס, וואָרים „ניט ער האָט זיי באַשאַ־פען", האָט אַניסיאַ, ניט אַרויסרעדענדיג קיין וואָרט, אַרונטער־געשאַרט פון די פּאָליצעס שטיקלעך פאַרטריקענט ברויט, וואָס איז דאָרט געלעגען, איין גאָט וויים פון ווען און האָט אויך אויסגעקערט און אויסגעוואַשען די שרענק און דאָס געפעס און די פּרייסענס זיינען כמעט ווי פאַרשוואונדען.

זאַכאַר האָט אַליץ ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס עס געלינגט איר, און ער האָט עס צוגעשריבען צו איר פליים. אָבער איינ־מאָל, ווען ער האָט געטראָגען אַ טאַץ מיט טעלער און גלעזער און, צוברעכענדיג צוויי גלעזער, האָט ער זיך גענומען, ווי זיין געוואוהנהייט איז געווען, צו זידלען און געוואָלט אַ וואָרף טאָן אויפ'ן דיל די גאַנצע טאַץ, האָט זי אַרויסגענומען די טאַץ פון זיינע הענט. זי האָט אוועקגעשטעלט נייע צוויי גלעזער, דער־צו נאָך אַ צוקער פּושקע, אַרויפגעלייגט נאָך ברויט; זי האָט עס אַליץ אזוי צושטעלט, אַז די גלעזער האָבען זיך ניט געשאָקעלט, דערנאָך האָט זי איִם געוויזען ווי מען דאַרף נעמען די טאַץ מיט

בער די זאכען, װאָס ליגען דאָ אין װינקעל און די אומנויטיגע װארף ארוים אין קיך, — פלעגט ער אין זאָגען.

און ער איז געװען גליקזעליג א גאנצען מאָנאט: דאָס הויז איז געװען ריין, דער שררה האָט ניט אונטערגעברומט, ניט ארויסגעבראכט פון מויל קיין „נידערטרעכטיגע װערטער", און ער, זאכאר, האָט די האנט אין קאלט װאסער ניט אריינגע־טאָן. אָבער די דאָזיגע גליקזעליגקייט האָט לאנג ניט אָנגע־האלטען, און אָט פארװאָס:

װי נאָר ער האָט גענומען צוזאמען מיט אניסיען באלעבא־טעװען אין הויז, האָט זיך ארויסגעװיזען, אז צו אלץ װאָס ער נעמט זיך, טויג ער ניט. ער קאָן זיך פשוט קיין ריכטיגען ריר ניט טאָן. פינף און פופציג יאָר איז ער ארומגעגאנגען אויף גאָט'ס װעלט מיט דער זיכערהייט, אז אלץ װאָס ער טוט קאָן בעסער ניט געטאָן װערען.

און מיט אמאָל באװייזט אים אניסיא אין א צייט פון צװיי װאָכען, אז ער טויג צו גאָרנישט ניט, און דערצו טוט זי עס מיט אזא באליידיגענדער העפליכקייט, אזוי שטיל, װי װען מען האָט צו טאָן מיט קינדער, אָדער מיט פאָלקאָמענע אידיאָטען, און זי שמייכעלט צו, װען זי קוקט אויף אים.

— שװייג, דו בהמה! — פלעגט ער זאגען, — שוין צװאנ־ציג יאָר פיר איך זיך אזוי און װעל פון דיינעטװעגען ניט אָנ־הויבען זיך פירען אנדערש.

אויף דער פאָליצע פון דער שראנק זיינען ביי אים צוזא־מען געלעגען טיי, צוקער, ציטראָנען, דאָס זילבערװארג, זייף, די בארשטען און דער שו־װאקס.

איינמאָל האָט ער באמערקט, אז דער זייף געפינט זיך אויף דעם װאשטישעל, די בארשטען און די שו־װאקס אין דער קיך אויפ'ן פענסטער, דער טיי און דער צוקער אין א באזונדער קעסטעל אין קאמאָד.

— דאָס האָסטו אזוי אנגעהויבען באלעבאטעװען ביי מיר?
— האָט ער מיט כעס א פרעג געטאָן. — איך האָב צופלייסענס

צימער, — קערסט צום ערשטען אויס דעם דיל און ערשט שפּע־
טער שטויבסטו אָפּ דאָס מעבעל: זעצט זיך ווידער דער שטויב
אויפ'ן דיל. . . דו האָסט געדאַרפט פריער. . .

— ביסטו געקומען מיך לערנען? — האָט מיט צאָרן אַ
געשריי געטאָן זאַכאַר. — געה צוריק אויף דיין פּלאַץ!

— אָבער וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אַז מען זאָל
צום ערשטען אויסקערען דעם דיל און דערנאָך ערשט אַראָפּ־
נעמען פון טיש?.. טאַקע דערפאַר איז דער פּריץ אין כעס...

— עך! — האָט ער אַ געשריי געטאָן און פאַרמאָסטען
זיך אויף איר מיט דער פויסט.

זי האָט אַ שמייכעל געטאָן און באַהאַלטען זיך. אָבלאָ־
מאָוו האָט צו אים אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז ער זאָל
זיך אָפּטראָגען. ער האָט צוגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דעם
קישען, די הענט צוגעלייגט צום האַרצען און גענומען זיך איינ־
הערען, ווי עס קלאַפּט.

„דאָס איז שעדליך, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן ביי זיך. —
וואָס זאָל איך טאָן? באַראָטען זיך מיט אַ דאָקטאָר? — וועט
ער מיך זיכער אַוועקשיקען קיין אַבעסיניען!"

איידער זאַכאַר און אַניסיא האָבען חתונה געהאַט, האָט זיך
יעדער געהאַט זיין טייל אַרבייט און ניט געמישט זיך צום צוויי־
טען, דאָס הייסט, אַניסיא האָט געהאַט צו באַזאָרגען דעם מאַרק
און די קיך און בלויז איין מאָל אַ יאָר האָט זי צוגעהאָלפען אויפ־
ראַמען די צימערען, דאַמאָלט, ווען מען האָט געוואַשען די דילען.

אָבער נאָך דער חתונה האָט זי געקראָגען אַ פרייערען צו־
טריט צו דעם שררה'ס צימערען. זי האָט צוגעהאָלפען איר
מאַן. אין הויז איז געוואָרען אַ ביסעל ריינער; זי האָט בכלל
איבערגענומען אויף זיך איינינגע פליכטען, וואָס זיינען ביז אַהער
געלעגען אויף זאַכאַר'ן, טיילווייז האָט זי זיי גענומען פרייוויי־
ליג, און טיילווייז דערפאַר, וואָס זאַכאַר האָט זיי דעספּאָטיש
אַרויפגעצוואונגען אויף איר.

— נעם און קלאַפּ אויס דעם טעפּיך! — האָט ער איר
מיט אַ הייזעריגער שטימע באַפוילען, אָדער: — זע, קלייב אוי־

סיא, ציענדיג אים פאר'ן ארבעל. — שוין א לאנגע צייט ווי דער שררה רופט דיך.

— זע, זאכאר, וואס זאל דאס באדייטען? — האט געזאגט איליא איליטש אבער מיט א ווייכער, גוטער שטימע: ער איז איצט ניט געווען אין שטאנד צו כעס'ן זיך. — דו ווילסט אויך דא איינפירען די זעלבע ארדנונג, וואס דארט: שטויב, שפינ־ וועבס? דו וועסט עס מיר מוזען אנטשולדיגען, אבער איך וועל עס ניט ערלויבען! אלגא סערגעיעווגא האלט מיר אזוי אויך אין איין פארווארפען: „איך האט ליב, זאגט זי, שמוץ".

— זיי איז עס לייכט צו זאגען; זיי האבען פינף מענ־ שען, — האט באמערקט זאכאר, און זיך געלאזען צו דער טיר.

— וואוהין געהסטו דאס? נעם און שטויב עס גלייך אפ: מען קאן זיך דאך דא ניט אנשפארען, ניט צוזעצען... דאס איז דאך עקעלהאפט... דאס איז דאך אמת'ער אבלאמאוויזם!

זאכאר האט זיך אנגעבלאזען און פון דער זייט א קוק גע־ טאן אויף אבלאמאוו'ן.

„אט האסטו דיר! — האט ער א טראכט געטאן, — שוין ווידער א ניי ווערטעל אויסגעטראכט! אבער א באקאנטס!"

— קער אפ! וואס שטעהסטו? — האט צו אים א זאג געטאן אבלאמאוו.

— אויסקערען? איך האב שוין היינט אויסגעקערט!

— האט געענטפערט זאכאר איינגעשפארטערהייט.

— און פון וואנען איז דא שטויב, אויב דו האסט אויסגע־ קערט? גיב א קוק אט א דא! דאס זאל מער ניט זיין! גלייך זאל אויסגעקערט ווערען!

— איך האב היינט געקערט, — האט ווידערהאלט זאכאר, — איך וועל דאך ניט געהן צ'ען מאל א טאג קערען! און דער שטויב קלייבט זיך דא אן פון דער גאס... דא איז דאך א זו־ מער־וואוינונג, א פעלד, איז פאראן א סך שטויב.

— עס איז ניט גוט וואס דו, זאכאר טראפימיטש, — האט אנגעהויבען אניסיא, ארויסשטעקענדיג דעם קאפ פון צווייטען

7

לאנג האָט ער זיך נאָכגעקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגען און אן אָפען מויל, לאנג האָט ער געפירט זיין בליק איבער די בושען.

עס זיינען פארבייגענאנגען פרעטדע, עס איז פארבייגעפלויגען א פויגעל. א פארבייגעהענדע פויערטע האָט אים געפרעגט, צי ער וויל קויפען יאגדעס, — די פארגליווערונג האָט אנגעהאלטען.

און שטיל האָט ער זיך ווידער געלאָזען געהן מיט דער זעלבער אליי און שטיל דורכגעגאנגען א העלפט פון איר, ער האָט אָנגעטראָפען אויף די לאנדישען, וואָס אלגא האָט אָנגעוואָרען, אויף דעם צווייגעל בעז, וואָס זי האָט אָפגעריסען און פאר כעס אוועקגעוואָרפען.

„פאר וואָס האָט זי דאָס. . . ” האָט ער גענומען טראכטען, דערמאָנען זיך. . .

„אידיאָט, אידיאָט! — האָט ער מיטאמאָל ארויסגערעדט הויך אויפ'ן קול, אויפהויבענדיג די לאנדישען און לאָזענדיג זיך כמעט לויפען איבער דער אליי. — איך בין געקומען בעטען ענטשולדיגונג, און זי . . איז דען דאָס מעגליך? . . . וואָס פאר אן איינפאל!”

א פרעהליכער, א שטראלענדיגער איז ער געקומען א היים, געזעצט זיך ביים ראנד פון דער סאָפע און שנעל אויפגעצייכענט אויפ'ן שטויב פון טיש מיט גרויסע בוכשטאבען: „אלגא”.

„אוי, וויפיל שטויב!” האָט ער באמערקט, ווען ער האָט ערוואכט פון זיין באגייסטערונג. — זאכאר! זאכאר! — האָט ער לאנג געשריען, ווייל זאכאר איז גראָד געזעסען מיט קוטשערס ביים טויער.

— גיכער! האָט מיט כעס א זאָג געטאָן צו אים אני־

# אבלאָמאָוו

אַ כאַפּ געטאָן די האַנט און איר אַ קוש געטאָן. זי האָט שטיל צוגעדריקט זיינע ליפּען און אויגענבליקליך פאַרשוואונדען הינ־טער דער גלעזערנער טיר. ווי פאַרגליווערט איז ער געבליבען שטעהן.

— ניין, איך וועל ניט זאָגען, איך האָב מורא, אז איר זאָלט ניט ווידעראַמאָל אויף מיר בייז ווערען, — האָט ארויסגערעדט איליא־איליטש.

— זאָגט! — האָט מיט א באפעלענדער שטימע זיך אָפּ־גערופען אָלגא.

ער האָט געשוויגען.

— נו?

— מיר ווילט זיך ווידעראַמאָל וויינען, ווען איך קוק אויף אייך . . . זעט, איך בין אין גאנצען אָן זעלבסטליבע, איך שעם זיך ניט פאר די געפילען פון מיין הארץ. . .

— פאַרוואָס עפּעס וויינען? — האָט זי געפרעגט און אויף אירע באַקען האָבען זיך אויף ס'ניי באַוויזען צוויי רויטע פלעקען.

— מיר קלינגט אלץ אין די אויערען אייער שטימע. . . איך פיל שוין ווידער. . .

— וואָס? — האָט זי געפרעגט שוין מיט א לייכטער הארץ. אָנגעשטרענגט האָט זי געוואַרט אויף זיין ענטפער.

זיי זיינען צוגעקומען צום גאַנעק פון הויז.

— איך פיל . . . — האָט זיך געאיילט צו דערענדיגען אָבּ־לאָמאָוו און אָפּגעשטעלט זיך.

און פּאַמעליך האָט זי גענומען ארויפגעהן אויף די טרעפּ, ווי עס וואָלט איר אָנגעקומען שווער.

— די זעלבע מוזיק . . . דיזעלבע אויפרעגונג . . . דאָס־זעלבע . . . געפיל . . . זייט מוחל . . . זייט מוחל . . . גאָט איז מיין עדות, איך קאָן זיך ניט קיין עצה געבען . . .

— הער אָבלאָמאָוו . . . — האָט זי אָנגעהויבען שטרענג, אבער גלייך האָט איר פּנים באלויכטען א שמייכעל, — איך בין ניט בייז, איך בין אייך אַלץ מוחל. אָבער ווייטער, — האָט זי פריינדליך צוגעלייגט . . .

און זי האָט אים ווידער אויסגעשטרעקט איר האנט; ער האָט

מיר אליין, ווי אזוי קאָן איך אייך איבערצייגען, אז דאָס איז ניט מער געווען, ווי אן אויסברוך, אז איך וואָלט מיר קיינמאָל ניט ערלויבט צו פארגעסען זיך אפילו אויף א רגע ? . . . איך פארזי־זיכער אייך, איך וועל שוין קיינמאָל ניט הערען אייער זינ־גען. . .

— ניט נויטיג אייערע פארזיכערונגען ! ניט נויטיג ! — האָט אָלגא סערגעיעוונא אויף גיך ארויסגערעדט, — איך אליין וועל שוין ניט זינגען מער !

— איך פאָלג אייך, און וועל מער ניט רעדען, — האָט אָב־לאָמאָוו געזאָגט, — אבער, ווי גאָט איז אייך ליב, געהט ניט אוועק אזוי פון מיר. . . אן אייביגער שטיין וועט בלייבען אויף מיין געוויסען. . .

זי האָט איינגעהאלטען אביסעל אירע טריט, און אָנגע־שטרענגטערהייט זיך גענומען איינהערען צו זיינע רייד.

— אויב עס איז אמת, אז איר וואָלט זיך צואוויינט, ווען עס וואָלט זיך ניט ארויסגעריסען קיין „אך" פון מיין האר־צען, ווען איר האָט געזונגען, וועל איך אצינד, אויב איר זאָלט אוועקגעהן אזוי, אָן א שמייכעל, ניט שענקענדיג מיר קיין וואָ־רעמען האנט־דרוק . . . אָ ! דערבארעמט זיך אויף מיר, אָלגא סערגעיעוונא ! איך וועל קראנק ווערען ! מיר ציטערען אצינד אזוי די קני, אז איך האלט זיך קוים אויף די פיס. . .

— פארוואָס ? — האָט מיטאמאָל אים געפרעגט אָלגא סער־געיעוונא, א קוק טוענדיג אויף אים.

— איך ווייס אליין ניט, — האָט ער זיך אָפּגערופען — איך פיל שוין איצט קיין חרפּה ניט, איך שעם זיך שוין ניט מער פאר מיין וואָרט . . . מיר דאכט זיך, אז אין אים . . .

עפּעס האָט אים ווידער אמאָל א צי געטאָן פאר'ן הארצען. ווידער האָט איר צערטליכער און נייגעריגער בליק אים גענומען ברענען. זי האָט זיך גראציעז אומגעדרעהט צו אים און אן אומרואיגע געוואַרט אויף זיין ענטפער.

— וואס אין אים ? — האָט מיט אומגעדולד אים געפרעגט אָלגא סערגעיעוונא.

טאָן ער האָט געזען, אַז זי איז פּלוצים אין כעס געוואָרען, אָבער ער האָט ניט באַגריפען די אורזאַך דערפון

„גאָט מיינער! — האָט זי א טראַכט געטאָן. — אָט איז שוין אַלץ צוריק אין אָרדנונג, און א דאַנק גאָט דערפאַר! און דאָך . . . אוי, גאָט מיינער! וואָס זאָל דאָס באַדייטען? אַך, סאָניא, סאָניא! ווי גליקליך ביסטו!"

— איך געה אַהיים! — האָט מיטאַמאָל ארויסגערעדט אָל־גא, פאַרדרעהענדיג זיך אין א צווייטער אַליי.

— אָט דער וועג איז פיל נענטער, — האָט איר באַמערקט אָבלאָמאָוו. „אידיאָט, — האָט ער פאַראומערט צו זיך א זאָג געטאָן, — געדאַרפט איר אַלץ ערקלערען! איצט האָב איך זי נאָך מער באַליידיגט! איך האָב אין גאַנצען ניט געדאַרפט ווע־גען דעם דערמאָנען: עס וואָלט פאַראיבער, פון זיך אַליין פאַר־געסען געוואָרען. איצט בלייבט ניט איבער קיין אַנדער אויס־וועג ווי אויסבעטען ביי איר אַן ענטשולדיגונג."

„איך ערגער זיך אַפּנים דערפאַר, — האָט זי געטראַכט, — וואָס איך האָב ניט באַוויזען צו זאָגען אים: מאָסיע אָבלאָמאָוו, איך האָב קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז איר וועט זיך ערלויבען . . . אָבער ער האָט פאַרכאַפּט דעם וועג . . . „ניט אמת", זאָגט ער . . . ווי געפעלט עס אייך! ער האָט נאָך געוואגט דאמאָלט צו לייי־נען! ווי אזוי האָט ער עס געוואגט?"

— הייסט עס, אַז איר האָט עס פאַרגעסען? — האָט אָבלאָ־מאָוו געפרעגט שטיל אָלגאַ'ן.

— פאַרגעסען, איך האָב אַלץ פאַרגעסען! — האָט זי אים אויף גיך געענטפערט, איילענדיג זיך אַהיים

— גיט מיר אייער האַנט אַלס סימן, אַז איר זייט מער ניט בייז אויף מיר, — האָט ער געזאָגט.

ניט קוקענדיג אויף אים, האָט זי אים דערלאַנגט די שפּי־צען פון אירע פינגער, און, קוים האָט ער זיך צוגערירט צו זיי, האָט זי גלייך צוריקגעכאַפּט איר האַנט

— ניין, איר האָט מיר ניט מוחל געווען, איר זייט נאָך אַלץ בייז אויף מיר! — האָט ער, זיפצענדיג, ארויסגערעדט. — זאָגט

ווערטער און זיך אויסגעגלייכט. די בלומען זיינען איר ארויס־
געפאלען פון די הענט.

אירע אויגען זיינען מיט אמאל גרויס געווארען און פאר־
וואונדערט אים אנגעקוקט.

— וואס מיינט איר, ניט אמת? — האט אלגא סערגע־
יעוונא נאכאמאל איבערגעזאגט די ווערטער.

— יא, ווי גאט איז אייך ליב, כעס'ט זיך ניט און פאר־
געסט עס. איך פארזיכער אייך, אז עס איז געווען ניט מער, ווי
א מאמענטאלער אויפברויז. . . עס איז געווען א דאנק דער
מוזיק.

— בלויז א דאנק דער מוזיק נאר? — האט געפרעגט אלגא
סערגעיעוונא.

— איר פנים האט זיך אין גאנצען פארענדערט: די צוויי
ראזע פלעקלאך זיינען פארשוואונדען און די אויגען האבען פאר־
לארען זייער גלאנץ.

„איצט איז גארנישט ניט, גארנישט! ער האט צוריקגעצוי־
גען זיינע ניט איבערגעטראכטע ווערטער און מען קאן שוין אויף
אים מער ניט בייז זיין! . . . דאס איז גוט . . . איצט בין איך
רואיג . . . איצט קאן מען שוין אויף דאס ניי שמועסען, וויצלען
זיך. . .״ האט זי געטראכט און געהענדיג א ריס געטאן א
צווייגעל פון א בוים, האט מיט די ציין אפגעביסען איין בלע־
כעל דערפון און אוועקגעווארפען דאס צווייגעל, און גלייך נאכ־
דעם אויך דאס בלעטעל.

— איר זייט ניט מער בייז אויף מיר? איר האט ער שוין
פארגעסען? — האט געדעדט אבלאמאוו, איינבויגענדיג זיך
צו איר.

— וואס זאל דאס אלץ באדייטען? ווענען וואס בעט איר
מיך? — האט זי אן אויפגערעגטע, כמעט מיט ערגערניש גע־
ענטפערט, אוועקדרעהענדיג זיך פון אים — איך האב אלץ פאר־
געסען. . . איך האב זער א שוואכען זכרון. . .

ער איז אנטשוויגען געווארען און ניט געוואוסט וואס צו

— יאָ, אָלגא סערגעיעוונא, — האָט ענדליך אָבלאָמאָוו באַזיגט זיין אומגעוואַגטקייט, — איך בין זיכער, אז איר זייט פאַרוואונדערט, אַז איר זייט בייז. . .

„איצט איז די צייט, דער ריכטיגער מאָמענט. . . — און איך האַרץ האָט אַזוי שטאַרק געקלאַפּט. — אָבער ניין, ניין, איך קאָן ניט . . . גאָט מיינער! . . .״

און ער האָט זיך באַמיט איר א קוק צו טאָן אין פּנים אריין, זען, וואָס מיט איר איז. אָבער זי האָט געהאַלטען אין איין שמעקען די לאַנדישען און דעם בעז און אַליין ניט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן, וואָס אים צו זאָגען.

„אָך, סאָניא וואָלט גלייך אויפ׳ן אָרט עפּעס אויסגעטראַכט, איר וואָלט גלייך עפּעס איינגעבאַלען, און איך בין אַזאַ נאַר . . . מיר פעלט גאָרנישט ניט איין . . . אָ, ווי דאָס איז פיינליך!״ האָט געטראַכט אָלגא.

— איך האָב אין גאַנצען פאַרגעסען. . . — האָט זי זיך אָפּגערופען.

— גלויבט מיר, עס איז געשען אומגערען, ניט ווילענדיג. . . איך האָב זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען. . . — האָט ער אָנגעהויבען צו ריידען, באַקומענדיג אַלץ מער מוט. — ווען עס וואָלט דאַמאָלט אָנגעהויבען צו דונערן, ווען אַ שטיין וואָלט מיר געפאַלען אין קאָפּ אַריין, וואָלט איך אייך אַלץ איינס עס געזאָגט. . . מיט קיין שום כוחות האָט מען די ווערטער ניט געקאָנט איינהאַלטען אין מויל. . . ווי גאָט איז אייך ליב, מיינט ניט, אַז איך האָב געוואָלט . . . אין אַ רגע אַרום וואָלט איך אוועקגעגעבען אַלץ, וואָס וואָלט געווען אין מיין מאַכט צו קאָנען צוריקציען דאָס ניט איבערגעטראַכטע וואָרט. . .

שמעקענדיג די בלומען מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ, איז זי אַלץ ווייטער געגאַנגען.

— איך בעט אייך פאַרגעסט דאָס אַלץ, כאָטש שוין צוליב דעם אַליין, וואָס עס איז ניט אמת, — האָט ווייטער גערעדט איליא איליטש.

— ניט אמת? — האָט זי מיט אַמאָל ווידערהאָלט זיינע

— און רעזעדען האָט איר ליב? — האָט אָלגא סערגע־יעוונא געפרעגט אָבלאָמאָוו׳ן.

— ניין, א צו שטארקער ריח; איך האָב ניט ליב ניט קיין רעזעדען און ניט קיין רויזען. איך האָב בכלל ניט ליב קיין בלו־מען; אין פעלד איז נאָך ווי ניט איז, אָבער אין הויז איז אזוי־פיל ארבייט ארום זיי, עס קלייבט זיך אָן שמוץ. . .

— און איר האָט ליב, אז אין הויז זאָל זיין ריין? — האָט זי אים געפרעגט און פיקסיג א קוק געטאָן אויף אים. — איר קאָנט ניט פארטראָגען קיין שמוץ?

— געוויס, אָבער דער מענש מיינער. . . — האָט ער גע־נומען מורמלען אונטער דער נאָז. — „אָ, דו שטיק שלעכטס!״ האָט ער צוגעלייגט, אז זי זאָל ניט הערען.

— פאָרט איר דירעקט קיין פאריז? — האָט אים גע־פרעגט אָלגא סערגעיעוונא.

— יא, שטאָלץ ווארט דאָך אויף מיר, — האָט אָבלאָמאָוו איר געענטפערט.

— איך וועל אויפשרייבען א בריף, וועט איר אים איבער־געבען שטאָלץ׳ן, — האָט זי געזאָגט.

— זעט אים אויפשרייבען היינט, ווייל מאָרגען קלייב איך זיך איבער אין שטאָדט אריין.

— שוין מאָרגען? — האָט זי געפרעגט. — וואָס איילט איר זיך אזוי? עס מאכט דעם איינדרוק, ווי עמעץ וואָלט אייך געטריבען.

— יאָ, עמיץ טרייבט. . .

— ווער דאָס?

— די חרפה טרייבט מיך. . . — האָט אָבלאָמאָוו קוים הערבאר ארויסגעפליסטערט.

— די חרפה! — האָט זי מעכאניש נאָכגעזאָגט. — „איצט וועל איך אים טאקע זאָגען: מאָסיע אָבלאָמאָוו, איך האָב אין קיין פאַל ניט ערווארט, אז איר. . .״

— באקומען א בריף, — האָט ער געענטפערט.

— וואָס שרייבט ער אייך?

— רופט מיך קיין פאריז.

— און וואָס וועט איר טאָן?

— איך פאָר.

— ווען?

— גלייך . . . ניין . . . איך מיין מאָרגען . . . ווען איך וועל נאָר פאַרטיג ווערען. . .

— פאַרוואָס אַזוי געשווינד? — האָט אים געפרעגט אָלגא סערגעיעוונא.

ער האָט געשוויגען.

— אייך געפעלט ניט דער פּלאַץ, אָדער . . . זאָגט פאר וואָס ווילט איר אוועקפאָרען?

„א חוצפה'ניק! ער וויל נאָך אוועקפאָרען!", האָט זי א טראכט געטאָן.

— מיר איז עפּעס אַזוי שווער, אַזוי אומהיימליך, איך ווייס ניט וואו זיך אהינצוטאָן, — האָט אַרויסגעפּליסטערט אָבלאָמאָוו, ניט קוקענדיג אויף איר.

זי האָט געשוויגען; האָט אַרונטערגעריסען א צווייגעל בעז און עס געשמעקט, פאַרשטעלענדיג זיך דערמיט דאָס פּנים.

— גיט א שמעק, זעט וואָס פאר א פיינעם דופט עס האָט! — האָט זי געזאָגט און אויך אים פאַרשטעלט די נאָז מיט דעם צווייגעל בעז.

— און אָט זיינען לאַנדישען! וואַרט א ווײַלע, איך וועל אָפּרייסען א פּאָר, — האָט ער געזאָגט, איינבייגענדיג זיך צום גראָז, — לאַנדישען דופטען בעסער, עס שמעקט פון זיי מיט וואַלד און פעלד. און בעז וואַקסט בלויז ארום הייזער, די צווייגען קריכען אַזש אין פענסטער אריין, דער ריח פון בעז איז דערווידער. זעט, די לאַנדישען זיינען נאָך פייכט פון טוי.

און אָבלאָמאָוו האָט איר אונטערגעטראָגען עטליכע לאַנדישען.

איך וועל בעטען דער טאַנטע, אז זי זאָל אים מער ניט איינ־לאַדען: זאָל עס פאר אים זיין א לערע אויף א צווייט מאָל... גאָט מיינער! ווי אזוי האָט ער עס געוואגט!" — האָט זי געטראַכט געהענדיג אין פּאַרק; אירע אויגען האָבען גע־פלאַמט...

און מיטאַמאָל הערט זי, אז עמעץ געהט.

„עמעץ געהט..." האָט א טראַכט געטאָן אַבלאָמאָוו.

זיי האָבען זיך אָנגעשלאָגען איינער אָן דעם צווייטען.

— אָלגא סערגיעוונא! — האָט אַבלאָמאָוו ארויסגערעדט ציטערנדיג אינגאַנצען ווי א בלאַט.

— איליא איליטש! — האָט זי פּלאָטערנדיג ארויסגע־רעדט, און ביידע האָבען זיך אָפּגעשטעלט.

— וואָס מאַכט איר? — האָט ער געפרעגט.

— וואָס מאַכט איר? — האָט זי געפרעגט.

— וואו געהט איר? — האָט ער געפרעגט.

— אזוי זיך... — האָט זי געענטפערט, ניט אויפהויבענ־דיג די אויגען פון דער ערד.

— איך שטער אייך? — האָט אַבלאָמאָוו געפרעגט אָלגאַ סערגעיעוונא'ן.

— ניין, אין קיין פאַל ניט... — האָט זי געענטפערט און געווארפען אויף אים א גיכען און נייגעריגען בליק.

— קאָן איך אייך באַגלייטען? — האָט ער זי מיטאַמאָל א פרעג געטאָן און אנגעשטעלט אויף איר א פאַרשענדען בליק.

שווייגענדיג זיינען זיי ביידע געגאַנגען איבער דעם שמאָ־לען שטעגעל. ניט פאר דעם לערער'ס ווירע, ניט פאר דעם דירעקטאָר'ס ברעמען, קיין איינציג מאָל אין לעבען האָט אַב־לאָמאָוו'ס הארץ ניט געקלאַפּט אזוי ווי איצט. ער האָט גע־וואָלט עפּעס זאָגען, מיט אלע כוחות געוואָלט, אָבער די ווער־טער זיינען ניט ארויס פון מויל, און אזוי אומגלויבליך שטאַרק האָט דאָס הארץ געשלאָגען, ווי פאר אן אומגליק.

— האָט איר באַקומען א בריף פון אַנדרעי איוואַ־ניטש'ן? — האָט זי געפרעגט אַבלאָמאָוו'ן.

דעם ? — האָט זי ווייטער א טראַכט געטאָן. — אַנדרעי איוואַ־ניטש, בלויז ער, ווייל ער איז דאַמאָלט באַשטאַנען, אַז זי זאָל זינגען.״

אָבער אָבלאָמאָוו האָט זי אין אָנפאַנג אפילו ניט געוואָלט הערען; איר האָט דאָס געערגערט, און זי האָט זיך... באַמיט... זי איז שטאַרק רויט געוואָרען... — יאָ, מיט אַלע כוחות זיך געמיט...

שטאָלץ האָט וועגען אים געזאָגט, אַז ער איז אַפּאַטיש, אַז קיין שום זאַך פאַרנעמט אים ניט, אַז אַלץ אין אים איז אָפּ־געשטאָרבען... האָט זי געוואָלט טאַקע זען, צי אַלץ איז באמת אין אים אָפּגעשטאָרבען, און זי האָט געזונגען, געזונגען, ווי קיינמאָל בעפאָר געזונגען...

„גאָט מיינער! די שולדיגע בין איך דאָך! און איך וועל זיך טאַקע געהן אַנטשולדיגען פאַר אים!... אָבער פאַר וואָס אַנטשולדיגען? — האָט זי זיך אין א ווײַלע אַרום געפרעגט.— אפשר זאָל איך געהן און אים זאָגען: מאָסיע אָבלאָמאָוו, עס איז מיין שולד, דאָס האָב איך אייך פאַראינטריגירט.. גאָט מיינער! סאַר א שאַנד! דאָס איז ניט אמת! — איז זי אויפגעשפרונגען און א קלאַפּ געטאָן מיט׳ן פוס. — ווער וואַגט אזוי צו זאָגען! האָב איך דען געוואוסט, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען? און אויב דאָס וואָלט ניט געווען, ווען דאָס וואָלט זיך ניט אַרויסגעריסען פון מיין מויל... וואָס וואָלט דאַמאָלט געווען? — האָט זי זיך געפרעגט. — איך וויים ניט...״ — האָט זי א טראַכט געטאָן.

פון דאַמאָלט אָן איז איר אזוי זאָנדערבאַר אויף דער נשמה... מסתמא ערגערט עס זי זער... זי קריגט אפילו פון צייט צו צייט פיבער... עס רויטלען זיך אויף אירע באַקען צוויי ראָזע פלעקען...

— אויפרעגונג... עטוואָס פיבער, — זאָגט אויף דעם דער דאָקטאָר.

„וואָס אָבלאָמאָוו האָט איר אָנגעטאָן! יאָ, אים דאַרף מען אָנלערנען אזוי, אַז דאָס זאָל נאָך אַמאָל ניט פּאַסירען!

שען ווי איך בין? און אָלגאַ'ס טאַנטע שיקט שוין ניט נאָך מיר, לאָדט מיך מער ניט איין: מסתמא האָט זי איר אַלץ דערצעהלט... אוי, גאָט מיינער!..."

אַזוי האָט ער געטראַכט געהענדיג אַליין טיפער אין פּאַרק מיט אַ זייטיגער אַליי.

זי האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלען, ווי זי וועט זיך באַגעגענען מיט אים, ווי אַזוי וועלען זיי פאַרבייגעהן דעם דאָזיגען אינצידענט: שווייגענדיגערהייט, ווי עס וואָלט גאָרנישט ניט פּאַסירט, אָדער זי דאַרף אים זאָגען אַ פּאָר ווערטער?

און וואָס קאָן מען זאָגען? אפשר מאַכען אַ בייז פּנים, אַ קוק טאָן אויף אים שטאָלץ, אָדער אינגאַנצען ניט קיין קוק טאָן, בלויז שטאָלץ און קאַלט אים באַמערקען, אַז זי „האָט אין קיין פאַל ניט ערוואַרט פון אים אַזאַ האַנדלונג. און פאַר וואָס האַלט ער זי, וואָס ער ערלויבט זיך צו באַגעהן מיט איר אַזוי חוצפּה'דיג?..." אַזוי ענטפערט איטליך מיידעל כאָטש זי אַליין האָט מיט אַלע כוחות געווירקט, אַז דער בחור זאָל באַגעהן די חוצפּה.

„אָבער, וואָס איז דאָ אַזוי חוצפּה'דיג? — האָט אָלגאַ זיך אַליין געפרעגט — און אויב ער פילט אַזוי באמת, דאַרף ער דערשטיקען אין זיך זיינע געפילען?... אָבער פאָרט, ווי אַזוי טוט מען עס, איידער מען האָט זיך נאָך באמת גוט באַקענט... ניין, דאָס וואָלט קיין אַנדער כיענש ניט געוואָגט צו אַ פרוי, וואָס ער זעט ערשט צום צווייטען, דריטען מאָל; דערצו וואָלט קיינער ניט אין אַזאַ קורצער צייט שוין געווען פאַרליבט. אויף דעם איז בלויז פעהיג איין אָבלאָמאָוו..."

און זי האָט זיך געגומען דערמאָנען אַלץ וואָס זי האָט געלעזען און געהערט וועגען דעם ווי די ליבע באַווייזט זיך אַמאָל אומגעריכטערהייט.

„ער איז אויפגעברויזט, ער איז מיטגעריסען געוואָרען; איצט וואַגט ער זיך ניט צו ווייזען פאַר די אויגען: ער שעמט זיך. דאָס איז דער בעסטער סימן, אַז עס איז ניט געווען קיין חוצפּה פון זיין זייט. אָבער ווער איז פאָרט שולדיג אין

דערשראָקען, באַליידיגט, און ער האָט זיך אוועקגערוקט אַ׳ א זייט, ווען ער האָט זי נאָר דערזען.

און דערווייל זיינען שוין דריי טעג פאָראיבער זייט ער האָט זיך איבערגעקליבען אויף זיין זומער־וואוינונג; ער שפּאַצירט אליין ארום אין וואַלד, אָדער ער געהט אוועק אין דאָרף אריין, פארברענגט פוסט און פאס די טעג, קוקענדיג ווי עס לויפען ארום די קינדערלעך, די קעלבלעך, ווי די ענטלעך שווימען אין וואסער.

לעבען זיין זומער־וואוינונג איז געווען א זעע, א גרויסער פּארק, אָבער ער האָט מורא אהין צו געהן, כדי ניט צו באגעגענען זיך דאָרט מיט אָלגא׳ן.

„דער נאר האָט מיך נעצויגען פאר׳ן צונג״, האָט ער גע־טראַכט און זיך אפילו ניט געפרעגט, צי עס האָט זיך דאַמאָלט ארויסגעריסען פון אים דער אמת, אָדער עס איז געווען אונטער דעם מאָמענטאַלען איינדרוק, וואס איר געזאנג האָט געהאט אויף זיינע נערוועז.

א געפיל פון שאַנדע פאר דעם, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, האָט אים געשטערט צו דערגעהן, וואָס עס איז געווען די אור־זאך פון דעם אויסברוך און וואָס איז אָלגא בכלל פאר אים. ער איז ניט געווען אין דער לאגע זיך צו אַנאַליזירען און דאָס איינציגע געפיל, וואָס ער האָט געהאט, איז געווען א געפיל פון חרפּה.

און האָט ער זי אמאָל דערזען אין זיין פאַנטאַזיע, האָט צוזאמען מיט איר אויפגעוואכט אין אים יענער אידעאַל פון פאַרקערפּערטער רו און לעבענס פרייד; און דער דאָזיגער אידעאַל איז געווען — אָלגא. דיביידע בילדער האָבען זיך ביי אים צוזאמענגעגאָסען אין איינס.

„גאָט מיינער, וואָס האָב איך דאָ אָפּגעטאָן? — האָט ער געטראכט. — מיט איין מאָל אַלץ פארניכטט! א גליק, וואָס שטאָלץ איז אהעקגעפאָרען און זי האָט ניט באוויזען אים אַלץ צו דערצעהלען, אז ניט וואָלט איך זיך פאר שאַנדע געמוזט באגראָבען! ליבע, טרערען, — פּאַסט דען דאָס פאר א מענ־

פען, זי וועט אים ניט ערלויבען בייטאָג אפילו זיך צו צולייגען אויף דער סאָפע: זי וועט פון אים נעמען אן ערען וואָרט.

זי האָט גע'חלומ'ט ווי זי וועט אים באַפעלען צו לעזען די ביכער, וואָס שטאָלץ האָט איבערגעלאָזען, און נאָכדעם וועט זי אים מאַכען צו לעזען ציימונגען און איר דערצעהלען די לעצטע נייס, ער וועט שרייבען די בריף אין דאָרף, דערענדיגען דעם פלאַן וועגען זיין גוט, צוגרייטען זיך צו דער רייזע קיין אויסלאַנד, — מיט איין וואָרט, ער וועט ביי איר ניט שלאָפען; זי וועט אים אָנווייזען אויף א ציל, זי וועט אים מאַכען אויף ס'ניי ליב קריגען דאָס, וואָס ער האָט אַמאָל ליב געהאַט, און שטאָלץ וועט אים ניט דערקאָנען, ווען ער וועט צוריקקומען.

און דאָס אַלץ וועט זי אויפטאָן, זי, אזא ציטערדיגע, אזא שווייגענדיגע, וועמען קיינער האָט ביז אהער קיינמאָל ניט געפאָלגט, זי, וואָס האָט נאָך ניט אָנגעהויבען באמת צו לעבען! זי — די אורזאַך פון אזא איבערקערעניש!

און עס האָט שוין אָנגעהויבען צו געהן אויף א וועג: ווי נאָר זי פלעגט אָנהויבען צו זינגען, איז שוין אָבלאָמאָוו ניט געוועזען מער דער זעלביגער...

ער וועט אנהויבען צו פירען א טעטיג לעבען, און בענשען זי און דאָס לעבען. צוריקברענגען א מענשען צום לעבען! וויפיל כבוד קריגט דאָס א דאָקטאָר, ווען ער ראַטעוועט פון טויט א האָפנונגסלאָזען חולה! און ווי גרויס איז דער פאַרדינסט פון דעם, וואָס ראַטעוועט א מאָראַליש־פאַרלאָרענעם מענשען!

זי איז אַזש אויפגעשפּרונגען פאַר שטאָלץ און פרייד; זי האָט עס גערעכענט פאַר א טאַט, וואָס איז פאַר איר באַשטימט געוואָרען פון הימעל. אין די געדאַנקען האָט זי גערופען אָבלאָמאָוו'ן אלס איר סעקרעטאַר, אלס איר ביבליאָטעקאַר.

און צו דעם אַלעם האָט מיטאַמאָל גענומען אן ענדע! זי האָט אַלץ ניט געוואוסט ווי צו האַנדלען, און דערפאַר האָט זי געשוויגען, ווען זי האָט זיך באַגעגענט מיט אָבלאָמאָוו'ן.

און אָבלאָמאָוו'ן האָט געמאַטערט דאָס, וואָס ער האָט זי

איצט לאמיר זען, וואס פאר א פרוי איז אלגא סערגיעוונא.

א לאנגע צייט נאכדעם, ווי עס האט זיך ביי אים ארויס־געריסען די ערקלערונג אין ליבע, האבען זיי זיך ניט געטראפען אויג אויף אויג. ווי א שול אינגעל האט ער זיך באהאלטען, ווי נאר ער האט זי דערזען. אירע באציאונגען צו אים האבען זיך געביטען, אבער זי איז ניט אנטלאפען פון אים, ניט גע־ווארען קאלט צו אים, בלויז אביסעל פאר׳חלומ׳טער, פארטראכ־טער געווארען.

איר, ווי עס זעט אויס, איז געוועזען א שאד, וואס עס האט פאסירט אזוינס, וואס עס האט איר געשטערט צו מאטערען אבלאמאוו׳ן מיט אנשטעלען אויף אים נייגעריגע בליקען, און מיט גוטמוטיגע שטעכווערטלעך וועגען זיין פוילען זיך, וועגען זיין ליגען אין בעט און וועגען זיין אומגעשיקטקייט.

אין איר האט זיך צושפילט דער קאמיזם, אבער דאס איז געווען דער קאמיזם פון א מוטער, וואס קאן ניט ניט לא׳ען קוקענדיג אויף די קאמישע מעשים פון איר זון. שטאלץ איז געוועזען אוועקגעפארען, און איר איז געוועזען לאנגווייליג, וואס זי האט ניט פאר וועמען צו זינגען; איר פארטעפיאן איז גע־ווען פארמאכט — מיט איין ווארט, זיי ביידע האבען זיך גע־פילט ניט פריי, ווי אין קייטען, זיי האבען זיך געפילט אזוי אומבאקוועם.

און אנגעהויבען האט עס זיך דאך אזוי גוט! ווי נאטיר־ליך האבען זיי זיך באקענט! ווי פריי האבען זיי זיך באנומען! אבלאמאוו איז געוועזען א סך פשוט׳ער און בעסער פון שטאלצ׳ן, כאטש ער האט זי ניט אזוי אמוזירט, און האט אזוי לייכט מוחל געוועזען אלע אירע שטעכיגע באמערקונגען.

דערצו האט איר שטאלץ, איידער ער איז אוועקגעפארען פארזאגט אבטונג צוגעבען אויף אבלאמאוו׳ן און אים שטערען צו פוילען זיך אין דער היים. איר קלוג קעפעל האט שוין גע־האט אויסגעארבייט אן אויספירליכען פלאן, ווי זי וועט אפגע־וועהנען אים פון שלאפען נאכמיטאג, און ניט בלויז פון שלא־

לעבען, אייביגער לעבענס זאפט, א שטענדיגע מאראלע גע־זונטהייט.

עס זיינען פאראן ביישפילען פון אזא גליק, אָבער זיי זיינען זער זעלטען: מען ווייזט אויף זיי אָן ווי אויף א פענאָ־מען. מען דארף, זאָגט מען, געבאָרען ווערען דערפאר. און איין גאָט ווייסט, צי מען קאָן זיך ניט ערציען צו אזא גליק, צי מען קאָן עס ניט באוואוסטזיניגערהייט ערווערבען?..

ליידענשאפט! דאָס אלץ איז זער גוט אין לידער! אויף דער בינע, וואו עס שפאצירען ארום אין לאנגע מאנטלען און מיט מעסער אקטיאָרען, און דערנאָך געהען זיך אוועק די ער־מאָרדעטע און די מערדער צוזאמען אויף אווענדברויט...

עס וואָלט נאָך גוט געווען, ווען די ליידענשאפטען וואָל־טען זיך דערמיט געענדיגט, אָבער ניין, עס בלייבט נאָך זיי איבער א רויך, א געשטאנק, אָבער ניט קיין גליק! און די יגר־רינערונגען — איין שמאך און שאנד!

און, ענדליך, ווען דיך באפאלט שוין דאָס דאָזיגע אומ־גליק — די ליידענשאפט, איז עס פונקט אזוי, ווי מען וואָלט זיך געפונען אויף א צובראָכענעם, בערגיגען, אומערטרעגליכען וועג, די פערד האלטען אין פאלען, דער פאסאזשיר געהט אוים פון די כוחות, אָבער דאָס היימישע דאָרף זעט זיך שוין פון ווייטען: מען טאָר עס ניט ארויסלאָזען פון אויג און גיכער, מיט אלע כוחות זען זיך ארויסצורייסען פון דעם געפערליכען אָרט...

—יאָ, די ליידענשאפט דארף מען באגרענעצען, דערשטי־קען, דערטרינקען אין דער הייראט...

ער וואָלט מיט שרעק אנטלאָפען פון א פרוי, ווען זי וואָלט אים מיטאמאָל דורכגעשטאָכען מיט די אויגען, אָדער, אליין א קרעכץ טוענדיג, געפאלען אים אויף דער פּלייצע מיט פארמאכטע אויגען, און דערנאָך, אויפוואכענדיג, ארומגעווי־קעלט מיט די הענט זיין האלז ביז דערשטיקט צו ווערען... דאָס איז א פייער־ווערק, א פולווער־אויפרייס; און דער־נאָך וואָס? א באטויבונג, א פארבלענדונג, צוגעברענטע האָר!

פלוצליכען איבערגאנג פון אוממעגלעכטיגקייט צו ווילדער פרייד. זיין פרוי האט ניט געדארפט אומערוואַרטעטערהייט בלייך ווערען, פאַלען אין חלשות, דורכלעבען אויפטרייסלענדע מאָמענטען...

"אזוינע פרויען האבען געליבטע, — פלעגט ער זאָגען, — אויסער דעם איז ביי זיי דאָ א וועלט מיט ארבייט: דאָקטוירים, וואסער און אזוי אַן א שיעור משוגענע גענג. מען קאָן אפילו רואיג ניט איינשלאָפען."

אָבער ביי דער זייט פון א שטאָלצער און שעמעוודינער, רואיגער פריינדין שלאָפט דער מענש איין אזוי רואיג. ער שלאָפט איין מיט דער זיכערהייט, אז ווען ער וועט זיך אויפכאפען אין־דער־פרי, וועט ער באגעגענען דעם זעלבען צערטליכען, סימפּאטישען בליק און אין צוואנציג, דרייסיג יאָר ארום וועט ער אויף זיין פריינדליכען בליק באגעגענען אין אירע אויגען אלץ דעם זעלבען צערטליכען, שטיל לויכטענדען שטראל פון מיטגעפיל. און אזוי ביז אין קבר!

„און איז דען דאָס ניט דער פארבאָרגענער ציל פון יעדען און יעדער — צו געפינען אין צווייטען שטענדיגען מיטגעפיל און בארואיגונג? דאָס איז דאָך די אויפגאבע פון דער ליבע, און ווערט עפּעס פון דעם פארמינדערט, אפגעקילט — ליידען מיר; הייסט דאָך דאָס, אז מיין אידעאל — איז דער אלגעמיינער אידעאל? — האָט ער א טראכט געטאָן. — אָבער איז שוין דאָס דאָס העכסטע אין די באציאונגען צווישעןביידע געשלעכטער?"

געבען דער ליידענשאפט א געזעצליכען אויסגאנג, געבען איר א מעגליכקייט צו שטראָמען פאר'ן וואוילזיין פון גאנצען פאָלק, — דאָס איז אַן אלגעמיינע אויפגאבע, דער העכסטער פונקט פון פראָגרעס, פאר וועלכען עס כאפען זיך אָן אָט די אלע זשאָרזש סאנדס, אָבער אָן ערפאָלג. דאמאָלט וואָלט דאָך שוין ניט געווען קיין פלאץ פאר פאררעט, פאר גלייכגילטיגקייט, נאָר עס וואָלט געווען אַן אייביג גלייכמעסיג קלאפען פון א רואיג און גליקליך הארץ, דאָס הייסט, אַן אינהאלטסרייך

## 6.

סיי אין דעם פוילען ליגען אין די פארשידענסטע פוילע פאזען, סיי אין דער טעמפער פארשלאפענהייט און סיי אין די באגייסטערטע אויסברוכען, שטענדיג האט אבלאמאוו אין זיינע פאנטאזיען געזען די פרוי הויפטזעכליך אלס ווייב און בלויז אין זעלטענע פאלען אלס געליבטע.

אין זיין פאנטאזיע האט זיך שטענדיג פאר אים געטראגען דאס געשטאלט פון א הויכער, עלעגאנטער פרוי, מיט רואיג פארלייגטע הענט אויף דער ברוסט, מיט א שטילען אבער רואיגען בליק; א פרוי וואס שפאנט לייכט איבער'ן טעפיך, איבער דעם זאמד פון דער אליי, מיט א בויגזאמער טאליע, מיט א קאפ, וואס ליגט גראציעז אויף די פלייצעס, מיט א פארטראכטען אויסדרוק — ווי אן אידעאל, ווי די פארקערפערונג פונ'ם לעבען, פול מיט געלייטערטקייט און פייערליכער רו, ווי די רו אליין.

אין אנפאנג האט זיך אים גע'חלומ'ט, ווי זי שטעהט אינגאנצען אין בלומען, ביים אלטאר, אין א לאנגען שלייער, דערנאך צוקאפענס פון זייער בעט מיט פארשעמטע, ארונטערגעלאזענע אויגען און, ענדליך, אלס מוטער, ארומדרעהענדיג זיך צווישען קינדער.

און ער האט אין חלום געזען ניט קיין ליידענשאפטליכען שמייכעל אויף אירע ליפען, און אויגען, פון וועלכע עס לויכט ניט ארויס קיין לוסט, אין איר שמייכעל ליגט סימפאטיע צו אים, איר מאן און געפעליגקייט צו אלע אנדערע; איר בליק איז בלויז גנעדיג צו אים אליין און פארשעמט און טיילמאל אויך שטרענג צו יעדען אנדערען.

ער האט זי קיינמאל ניט געוואלט באגעגענען א פארציטערטע, א פארשמאכטע, אז אומערווארט פארוויינטע, אין א

ער האָט זיך באַזינט, גענומען דעם הוט און, ניט אומקוקענדיג זיך, איז ער ארויסגעלאָפען פון צימער. דאָס מאָל האָט זי אים ניט באַגלייט מיט א נייגעריגען בליק; ניט באוועגענדיג זיך איז זי א לאנגע צייט געשטאנען, ווי א סטאטוע ביים פארטעפּיאַן און אַלץ געקוקט ארונטער... איר ברוסט בלויז האָט זיך שטארקער באוועגט.

באהערשט געוואָרען בלויז פון צייטווייליגע, דורכלויפענדע אָנ־מערקונגען און פונקען פון די דרעמלענדע לעבענס כחות.

זי האָט געענדיגט מיט א לאנגען זינגענדיגען אקאָרד. זי האָט זיך מיט אמאָל אָפּגעשטעלט, אוועקגעלייגט די הענט אויף די קני און א צוטראָגענע און אַן אויפגערעגטע האָט זי געקוקט אויף אָבלאָמאָוו'ן: וואָס האָט ער צו זאָגען?

אויף זיין פּנים האָט געלויכטען דער מאָרגענשטערען פון אויפגעוואכטען גליק, וואָס האָט ארויסגעשפּראצט פון דער טיי־פעניש פון זיין נשמה; זיין בליק, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט טרערען, איז געווען געווענדט צו איר.

איצט האָט זי אים, ווי ער איר פריער, ניט ווילענדיג אָנ־גענומען פאר דער האנט.

— וואָס איז מיט אייך? — האָט זי אים געפרעגט, — זעט, וואָס פאר א פּנים איר האָט! פון וואָס קאָן דאָס זיין?

אָבער זי האָט געוואוסט פארוואָס ער האָט אזא פּנים, און אין הארצען האָט זי טריאומפירט, הנאה האָבענדיג פון אָט דעם סימן פון איר קראַפט.

— גיט א קוק אין שפּיגעל אריין! — האָט זי מיט א שמייכעל ווייטער גערעדט, ווייזענדיג אים אין שפּיגעל זיין געזיכט, — די אויגען לויכטען; גאָט מיינער, זיי זיינען דאָך פול מיט טרערען! אָ, וואָס פאר א טיף געפיל איר האָט פאר מוזיק!

— ניין, איך פיל דאָס מאָל ניט קיין מוזיק... נאָר... ליבע!... — האָט אָבלאָמאָוו שטיל ארויסגערעדט.

זי האָט מאָמענטאַל ארויסגעלאָזען זיין האנט. איר גע־זיכט האָט זיך אומגעביטען. איר בליק האָט זיך באגעגענט מיט זיינעם, וואָס איז געווען געווענדט צו איר: דאָס איז גע־ווען אן אומבאוועגליכער, כמעט אומזיניגער בליק; דורך אים האָט געקוקט ניט אָבלאָמאָוו, נאָר די ליידענשאַפט אליין.

אָלגא האָט פארשטאנען, אז דאָס וואָרט, וואָס האָט זיך פון אים ארויסגעריסען, איז ער ניט געווען בכוח איינצוהאַל־טען, און אז עס איז אמת.

זאך וועל איך נאך זינגען . . . — האט זי געזאגט, און אין דעם זעלבען מאמענט האט איר פנים אויפגעשטראלט, די אויגען — אויפגעפלאמט, זי האט זיך אראנטערגעלאזען אין שטול אריין, גענומען א צוויי־דריי שטארקע אקארדען און צוזונגען זיך.

גאט מיינער! וואס האט זיך אין דעם דאזיגען געזאנג ניט געהערט! האפנונגען, א ניט קלארער שרעק פאר געוויטערס, די געוויטערס אליין, דער דראנג נאך גליק — דאס אלץ האט געקלונגען, ניט אין איר ליד, נאר אין איר שטימע.

זי האט לאנג געזונגען, צייטענווייז האט זי זיך אומגעקוקט צו אים און געפרעגט אזוי קינדיש:

— שוין גענוג? ניין, בלויז נאך א שטיקעלע, — און האט ווייטער געזונגען.

די אויערען און די באקען זענען איר רויט געווארען; טיילמאל האט אויף דעם פרישען פנים אויפגעפלאמט א שטראל פון אזא צייטיגער ליידענשאפט, ווי זי וואלט איצט איבערגעלעבט מיט'ן הארצען א פיל שפעטערע עפאכע פון איר לעבען, און מיט אמאל איז דער דאזיגער שטראל פארלאשען געווארען, און איר שטימע האט ווידער גענומען קלינגען פריש און העל.

און אבלאמאוו האט אויך געהאט דעם זעלבען געפיל; און אים האט זיך געדאכט, אז ער פילט און לעבט דאס אלץ איבער ניט אין איין, אדער צוויי שעה, נאך דורך לאנגע, גאנצע יארען.

און זיי ביידע, וואס זענען אויסערליך געווען אזוי אומבאוועגליך, האבען געפלאטערט פון אן אינערליכען פייער, פון דעם זעלבען ציטער דורכגענומען געווארען; אין די אויגען ביי זיי זענען געשטאנען טרערען, וואס זענען ארויסגערופען געווארען פון דעם זעלבען געפיל. דאס זיינען אלץ געווען סימפטאמען פון יענע ליידענשאפטען, וואס האבען געדארפט אויפפלאמען אמאל אין איר יונגער נשמה, וואס איז ביז איצט

און ניט געזאָגט מיר קיין וואָרט, ווען איך וואָלט אויף אייער פּנים גאָרנישט ניט באַמערקט . . . וואָלט איך זיכער קראַנק געוואָרען . . . יאָ, דאָס איז זעלבסט־ליבע! — האָט זי ענד־גילטיג באשלאָסען.

— האָט איר באַמערקט עפּעס ביי מיר אויפ'ן פּנים? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט.

— טרערען, כאָטש איר האָט זיך באמיט זיי צו באהאל־טען; דאָס איז זער א שלעכטער שטריך ביי מענער — צו שעמען זיך מיט'ן אייגענעם הארצען. דאס איז אויך א מין זעלבסט־ליבע, נאָר א פאלשע. ליבערשט וואלטען זיי זיך אמאָל געשעמט מיט זייער שכל: ער מאַכט עפטער א טעות. אפילו אנדרעי איוואנישט שעמט זיך מיט זיין הארץ. איך האָב אים דאָס אמאָל געזאָגט, האָט ער איינגעשטימט מיט מיר. און איר?

— קוקענדיג אויף אייך מוז מען זיין איינפארשטאַנען מיט אלץ וואס איר רעדט, — האָט ער געזאָגט.

— נאָך א קאָמפּלימענט! און נאָך וואס פאר א . . . — האָט זי זיך אָפּגערופען.

איר האָבען אויסגעפעלט ווערטער.

— א געשמאַקלאָזער! — האָט ער דערענדיגט אירע ווער־טער, ניט ארונטערלאָזענדיג פון איר די אויגען

מיט א שמייכעל האָט זי צוגעשטימט צו זיין ערקלערונג וועגען דעם קאָמפּלימענט.

— אָט פאר וואָס איך האָב מורא געהאט, ווען איך האָב אייך ניט געוואָלט בעטען זינגען . . . וואס קאן מען זאגען, ווען מען הערט דאָס ערשטע מאָל? און זאָגען עפּעס מוז מען. שווער איז צו זיין קלוג און וואָרהאפטיג אין דער זעלבער צייט, באזונדערסט ווען עס האָט צו טאָן מיט געפילען, וואָס ווערען ארויסגערופען דורך אזוינע איינדרוקען, ווי למשל דאמאָלט. . .

— באמת, איך האָב דאמאָלט געזונגען ווי שוין לאַנג ניט בעפאָר, און, דאכט זיך, ווי קיינמאָל ניט . . . בעט מיך ניט צו זינגען, אזוי וועל איך שוין ניט זינגען . . . ערלויבט, איין

— האט זי אים פארערדט, — איך האב ליב אנדרעי איוואַ־ניטש'ן, — האט זי ווייטער גערעדט, — ניט בלויז דערפאר, וואס ער אמוזירט מיך, טיילמאל רעדט ער אזוי, אז איך וויין, הערענדיג אים; איך האב אים ליב אויך ניט דערפאר, וואס ער האט מיך ליב, נאר מיר דאכט זיך דערפאר, וואס ער האט מיך ליבער פון אנדערע: זעט איר שוין וואו די זעלבסט־ליבע קאן זיך אזש ארייג'גנב'ענען

— איר האט ליב אנדרעיען? — האט אבלאמאוו זי גע־פרעגט, און האט דורכגעשטאכען אירע אויגען מיט זיינע אנגע־שטרענגטע, פארשענדרע בליקען.

— געוויס, ער האט דאך מיך ליבער פון אנדערע, איך האב אים שוין פון לאנג ליב, — האט זי מיט ערנסט צוגעלייגט.

ניט ארויסרעדענדיג קיין ווארט האט אבלאמאוו געקוקט אויף איר, זי האט אים געענטפערט מיט א פשוט'ן, שטומען בליק.

— ער האט אויך ליב אננא וואסיליעוונא'ן, און זינא־אידא מיכאילאוונא'ן, אבער ניט אזוי, — האט זי ווייטער גע־רעדט, — אבער ניט אזוי: מיט זיי וועט ער קיין שעה ניט זי־צען, ער אמוזירט זיי ניט, רעדט זיך פאר זיי ניט אפ דאס הארץ; מיט זיי רעדט ער וועגען געשעפטען, וועגען טעאטער, רעדט ארום די לעצטע נייעסען, אבער מיט מיר רעדט ער ווי מיט א שוועסטער . . . ניין, ווי מיט א טאכטער, — האט זי איי־לענדיג צוגעלייגט, — ער שרייט אויף מיר אפילו אן, ווען איך באנעם ניט גלייך וואס ער האט געזאגט, אדער איך פארהער עפעס פון זיינע רייד, אדער בין מיט אים ניט איינפארשטאנען. אויף זיי אבער שרייט ער ניט, און דאס, דאכט זיך מיר, איז נאך אן אורזאך, וואס איך האב אים אזוי ליב. זעלבסט־ליבע!
— האט זי צוגעלייגט א פארטראכטע, — אבער איך פארשטעה ניט, וואס האט זי צו טאן מיט מיין זינגען? מען זאגט שוין מיר פון לאנג, אז איך זינג זער גוט, אבער איר האט מיך אפילו ניט געוואלט הערען, מען האט אייך כמעט געדארפט צווינגען דערצו. און ווען איר וואלט נאך מיין זינגען אוועקגעגאנגען

געזונגען, און אין דעם ארויסזינגען פון אט דער פראזע, האט א ציטער געטאן געפיל.

אבלאמאוו האט זיך בארואיגט.

— אט דער אנדרעי! . . . — האט מיט פארוואורף ארויסגערעדט איליא איליטש.

— זאגט שוין מיר פארט, וואס זאל איך טאן, אז איר זאלט זיך ניט לאנגווײלען? — האט זי געפרעגט.

— זינגט עפעס, — האט ער געזאגט.

— אט איז דער קאמפלימענט אויף וועלכען איך האב געווארט! — האט זי, אויפברויזענדיג פאר פרייד, אים איבערגעשלאגען. — ווייסט איר, — האט זי פרעהליך ווייטער גערעדט, — ווען איר וואלט מיר מיט דריי טעג צוריק ניט געזאגט דעם „אך!” ווען איך האב געענדיגט דאס זינגען, וואלט איך זיכער די גאנצע נאכט ניט געקאנט שלאפען. איך וואלט אודאי געזעסען און געוויינט.

— ווארום? — האט איליא איליטש זי געפרעגט מיט פארוואונדערונג

זי האט זיך פארטראכט.

— איך ווייס אליין נים, — האט זי א ווײלע שפעטער ארויסגערעדט.

— דאס איז דערפאר, וואס איר האט זיך ליב, — האט זיך צו איר אפגערופען אבלאמאוו.

— איר זייט גערעכט, געוויס דערפאר, — האט זי געזאגט פארטראכטענדיג זיך און אנרירענדיג מיט די פינגער פון איין האנט די קלאווישען, — אבער אין יעדער זאך איז דאך פאראן זעלבסט-ליבע, און ניט ווייניג. אנדרעי איוואניטש זאגט, אז דאס איז די איינציגע טרייבקראפט, דער איינציגער באוועגער, וואס פארוואלט מיט'ן ווילען. ביי אייך אפנים איז אין גאנצען ניטא קיין זעלבסטליבע, מסתמא דערפאר. . .

זי האט ניט דערענדיגט.

— וואס? — האט ער געפרעגט.

— איך האב גארנישט ניט געמיינט, בלויז אזוי געזאגט,

אוועקדרעהענדיג דעם קאפ, אבער די נייגעריגקייט האט גע־זיגט, און זי האט ניט ארונטערגענומען די אויגען פון אים.

ער האט ניט געהערט, וואס זי האט גערעדט צו אים.

און ער האט אליין געקוקט אויף איר און ניט געהערט וואס מען רעדט צו אים; שווייגעדיגערהייט האט ער געזוכט אויסצו־געפינען וואס מיט אים פאסירט, ער האט זיך צוגערירט צום קאפ — דארטען באוועגט זיך אויך עפעס, טראגט זיך מיט אן אומגעהערטען שטורעם. ער האט ניט באוויזען צו כאפען זיינע געדאנקען: ווי א מחנה פייגעל האבען זיי געשוועבט, און אין דער לינקער זייט, ביים הארצען, טוט, דאכט זיך, וועה.

— קוקט ניט אויף מיר אזוי מאדנע, — האט זי געזאגט, — אויך מיר ווערט אומהיימליך . . . איר אפנים ווילט אויך עפעס ארויסקריגען פון מיין נשמה. . .

— וואס קאן איך וועלען ביי אייך ארויסקריגען? — האט ער מעכאניש געפרעגט.

— איך האב אויך פלענער, אנגעהויבענע און ניט פארענדיגטע, — האט זי געזאגט.

ער איז וואכיג געווארען פון אט דער אנצוהערעניש ווע־גען זיינע ניט פארענדיגטע פלענער.

— זאנדערבאר! — האט ער באמערקט. — אליין זייט איר שלעכט, אבער א בליק האט איר א גוטען. ניט אומזיסט זאגט מען, אז מען טאר קיין פרויען ניט גלויבען: זיי ליגען אבזיכטליך מיט דער צונג, און ניט אבזיכטליך — מיט די בליקען, מיט'ן שמייכעל, אפילו מיט זייער חלש'ן.

זי האט ניט געלאזען, אז אט דער איינדרוק זאל ווערען נאך שטארקער, האט שטיל ארויסגענומען דעם הוט פון זיין האנט און אליין זיך אוועקגעזעצט אויף א שטול.

— מער וועל איך ניט! מער וועל איך ניט! — האט זי צוויי מאל ווידערהאלט. — אך! זייט מוחל מיין אומערטרעג־ליכער צונג! אבער גלויבט מיר אויף מיין ערעןווארט, אז דאס איז ניט געוועזען קיין אפשפעטען! — האט זי כמעט ווי ארויס־

# אבלאמאוו

אַבלאַמאָוו האָט ארייִנגעקוקט אין אירע גרויליך־בלויע, צערטליכע אויגען.

— אַט קוקט איר אליין אויף מיר עפּעס אזוי מאָדנע . . .
— האָט זי זיך אָפּגערופן.

און אין אמת'ן האָט ער געקוקט אויף איר אזוי, ווי ער וואָלט געקוקט אויף איר ניט מיט די אויגען, נאָר מיט'ן געדאנק, מיט'ן גאנצען ווילען, אָבער געקוקט האָט ער אויף איר ניט מיט זיין ווילען, נאָר ער האָט ניט געהאט קיין כוחות ניט צו קוקען אויף איר.

„גאָט מיינער! סאר א שעהנע און וואוילע זי איז! פּאַראן נאָך וואונדערבארע פרויען אויף דער וועלט! — האָט ער געטראכט ביי זיך, קוקענדיג אויף איר מיט כמעט צושראָקענע אויגען. — אָט די בלייכקייט, אָט די אויגען, וואו עס איז ווי אין אַן אָפּגרונד פינסטער און אין דער זעלבער צייט לייכט פון דאָרט ארויס עפּעס, מסתמא די נשמה! איר שמייכעל איז אזוי אָפען, מען קאָן אים לעזען, ווי א בוך; און אירע ציין, און איר גאנצער קאָפּ, וואָס רוט אזוי צערטליך אויף אירע פּלייצעס.

„איך באקום עפּעס פון איר, — האָט ער ווייטער געטראַפט, — עפּעס געהט פון איר איבער צו מיר. אָט דאָ ביים הארצען הויבט אָן שטארקער צו שלאָגען . . . איך פיל עפּעס נייעס אין מיר, וואָס עס איז פריער ניט געוועזן . . . גאָט מיינער, וואָס פאר א גליק איז צו קוקען אויף איר! עס ווערט אזש שווער צו אָטעמען.”

גיך, ווי א שטורעם־ווינט, האָבען זיך די דאָזיגע געדאנקען געטראגען אין אים, און ער האָט אַלץ געהאלטען אין איין קוקען אויף איר, ווי מען קוקט אין דער אומענדליכער ווייט, אין א טיפען תהום; ער האָט געקוקט אויף איר מיט פרייד, פארגעסענדיג אין גאנצען אָן זיך.

— אָ, מאָסיע אַבלאָמאָוו, זאָל שוין זיין גענוג! ווי איר קוקט דאָס א צינד אויף מיר! — האָט זי געזאָגט, פארשעמטערהייט

— וואָרום ? איר זייט דאָך אַנדרעי איוואַניטש׳ס אַ פריינד, און ער איז מיינער אַ פריינד, פאָלגליך . . .

— פאָלגליך איז ניטאָ קיין שום נויטווענדיגקייט, אַז איר זאָלט וויסען וועגען מיר אַלץ, וואָס עס ווייסט אַנדרעי איוואַניטש, — האָט אָבלאָמאָוו דערענדיגט.

— עס איז ניטאָ טאַקע קיין נויטווענדיגקייט, אָבער אַ מעגליכקייט . . .

— אַ דאַנק דער צונג פון מיין פריינד, — האָט זיך אָבלאָמאָוו אָפּגערופען, — ניט קיין זער גרויסע טובה פון זיין זייט.

— איר האָט דען סודות ? — האָט זי געפרעגט. — אפשר זייט איר באַגאַנגען אויך פאַרברעכענס ? — האָט זי צוגעלייגט, און לאַכענדיגערהייט זיך אָפּגערוקט פון אים.

— ווער ווייס, — האָט אָבלאָמאָוו געענטפערט מיט אַ זיפץ.

— יאָ, — האָט זי שטיל און גיך געזאָגט, — עס איז אַ גרויס פאַרברעכען אָנצוטאָן צוויי פאַרשידענע זאָקען...

אָבלאָמאָוו האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם הוט.

— איך האָב ניט מער קיין כוחות עס איבערצוטראָגען ! — האָט ער אַרויסגערעדט. — און איר ווילט, אַז מיר זאָל זיין היימליך ! איך האָב אויף ליב צו האָבען אַנדרעי׳ן ! דאָס האָט ער אייך אויך דערצעהלט ?

— ער האָט מיך היינט זער אַמוזירט מיט אָט דער געשיכטע, — האָט אָלגאַ געזאָגט. — ער האָלט מיך אין איין אַמוזירען. אַנטשולדיגט מיר, איך וועל שוין מער ניט, איך וועל שוין מער ניט, און קוקען וועל איך אויך שוין אויף אייך אַנדערש.

זי האָט געמאַכט אַ כלומר׳שט ערנסט געזיכט.

— איך קוק שוין אויף אייך ניט מיט אַזאַ בליק ווי נעכטען, דאַרפט איר ערשטענס, זיך שוין פילען פרייער, לייכטער. איצט איז די פראַגע, וואָס דאַרף מען טאָן, אַז איר זאָלט זיך ניט לאַנגווייליגען ?

טאנטע האָט געליטען פון קאָפּ וועהטאָג; זי איז געזעסען אין קאבינעט און געשמעקט שפּירט.

— איר ווילט, אז איך זאָל אייך ווייזען די קאָלעקציע פון צייכנונגען, וואס אנדרעי האָט מיר געבראכט פון אדעס? — האָט אָלגאָ געפרעגט. — ער האָט זיי אייך ניט געוויזען?

— איר ווילט מיך, ווי עס זעט אויס פארנעמען, ווי עס פאדערען די פליכטען פון א ווירטין? — האָט אָבלאָמאָוו געפרעגט. — עס איז אומזיסט!

— וואָרום אומזיסט? איך וויל, אז אייך זאָל ניט זיין לאנגווייליג, אז איר זאָלט זיך דאָ פילען ווי אין דער היים, באַקוועם, לייכט, פריי, און אז איר זאָלט ניט אוועקפאָרען... ליגען.

„זי איז א שלעכטער און אָפּלאכענדער מענש" — האָט אָבלאָמאָוו א טראכט געטאָן, באוואונדערענדיג געגען זיין ווילען איר יעדען ריר.

— איר ווילט, אז מיר זאָל זיין באקוועם, גוט און ניט לאנגווייליג? — האָט ער ווידערהאָלט.

— יא, — האָט זי געענטפערט פּונקט ווי נעכטען, נאָר מיט נאָך מערער נייגעריגקייט און גוטסקייט.

— זאָלט איר, צום אלעם ערשטען, ניט קוקען אויף מיר ווי איר קוקט אצינד, נאָר ווי איר האָט פריער געקוקט...

די נייגעריגקייט אין אירע אויגען האָט זיך פארטאָפּעלט.

— אָט פון דעם בליק טאקע ווערט מיר אזוי אומהיימ־ליך... וואו איז מיין הוט?

— פארוואָס אומהיימליך? — האָט זי מיט א ווייכער שטימע געפרעגט און איר בליק האָט פארלאָרען יעדען פּונק פון נייגעריגקייט. איר בליק האָט אצינד בלויז אויסגעדריקט צערט־ליכקייט און גוטסקייט.

— איך ווייס ניט אויף קלאָר: נאָר מיר דאכט זיך, אז מיט אָט דעם בליק קריגט איר פון מיר ארויס אלץ, וואס עס ווילט זיך ניט, אז אנדערע מענשען זאָלען וויסען, און באַזונ־דערס — איר...

צערטליכקייט און גוטסקייט, אז זי האט ארויסגענומען דעם גיפט פון אט דער סארקאסטישער באמערקונג.

איליא איליטש האט מיט פארוואורף א קוק געטאן אויף אלגא סערגעיעווונא'ן.

— ביי אים שטעהען נאך ביז היינט טאפעלטע פענסטער, קאן ער ניט הערען, וואס עס טוט זיך אין דרויסען, — האט באמערקט שטאלץ.

שטאלץ האט גענומען אלגא'ס האנד.

—איך ווייס ניט וואס עס איז געווען די אורזאך, וואס איך האט היינט געזונגען ווי קיינמאל בעפאר, אלענפאלס האב איך אייך, אלגא סערגעיעוונא, שוין לאנג אזוי ניט געהערט זינגען. אט איז מיין קאמפלימענט! — האט ער געזאגט, קושענדיג איר יעדען פינגער.

שטאלץ האט זיך אפגעזעגענט. אבלאמאוו האט זיך אויך געקליבען א היים צוגעהן. אבער שטאלץ און אלגא האבען אים פארהאלטען.

— איך האב עפעס צו באזארגען, — האט באמערקט שטאלץ, — און דו, אויב דו ועסט א היים געהן, וועסטו זיך דאך גלייך לייגען שלאפען און איצט איז נאך צו פרי.

— אנדרעי! אנדרעי! — האט מיט א בעטענדיגער שטימע ארויסגערעדט אבלאמאוו. — ניין, איך קאן היינט ניט בלייבען, איך געה אוועק! — האט ער צוגעלייגט און א היים געפארען.

ער האט א גאנצע נאכט ניט צוגעמאכט קיין אויג: א פארטרויערטער, א פארטראכטער האט ער ארומגעשפאנט הין און צוריק אין צימער; באגינען איז ער אוועק פון הויז, שפאצירט ארום דער ניעווא, געגאנגען איבער די גאסען, איין גאט ווייס, וואס ער האט דערביי געפילט און געטראכט.

אויף דעם דריטען טאג איז ער אוועק אהין, און אין אווענד, ווען אלע געסט האבען זיך אוועקגעזעצט שפילען קארטען, איז ער געזעסען צוזאמען מיט אלגא'ן ביי דער פיאנא. אלגא'ס

צו קלאפּען, די נערוועז צו ציטערען, די אויגען האָבען אָנגע־הויבען צו פינקלען און פארשוואומען ווערען מיט טרערען. אין איין און דער זעלבער רגע האָט זיך געוואָלט שטארבען, קיינמאָל ניט אויפוואכען מער, און גלייך האָט דאָס הארץ אָנגעהויבען צו גארען נאָך לעבען. . .

אָבלאָמאָוו האָט אויפגעברויזט, איז אָן כוחות צוריקגעפאַ־לען אויף דער שטול, עס איז אים שווער אָנגעקומען איינצוהאל־טען זיך פון וויינען, און נאָך שווערער — צו דערשטיקען דעם פרייד־געשריי, וואָס איז געווען גרייט ארויסצורייסען זיך פון זיין נשמה. ער האָט שוין לאנג ניט געפילט אין זיך אזויפיל מוט, אזא קראפט, וואָס האָט זיך אזוי ווי אויפגעהויבען פון דער טיפעניש פון זיין נשמה און איז גרייט געווען פארוואנדעלט צו ווערען אין טאטען.

אין דער רגע וואָלט ער אפילו אוועקגעפאָרען קיין אויס־לאנד, ווען עס וואָלט זיך ניט געפאָדערט מער, ווי אויפצוזע־צען זיך אויף דער באַן און אוועקפאָרען.

— זייט איר פון מיר צופרידען היינט? — האָט אָלגא פלוצלונג געפרעגט שטאָלץ׳ן, אויפהערענדיג צו זינגען.

— פרעגט אָבלאָמאָוו׳ן, וואָס ער האָט צו זאָגען, — האָט זיך אָפּגערופען שטאָלץ.

—אך! — האָט זיך ארויסגעריסען פון אבלאָמאָוו׳ס הארץ.

ער האָט מיטאמאָל א כאפּ געטאָן אָלגא׳ן פאר דער האנד און גלייך אפּגעלאָזען; ער האָט זיך זער פארלאָרען.

— אנטשולדיגט מיר . . . — האָט ער ארויסגעפּליסטערט.

— איר הערט? — האָט זיך צו איר אָפּגערופען שטאָלץ. — זאָג מיט א ריינעם געוויסען, ווי לאנג האָט שוין מיט דיר אזוינס ניט פּאסירט?

— דאָס האָט געקענט פּאסירען היינט אין־דער־פרי, ווען פאר׳ן פענסטער וואָלט פארבייגעגאנגען א הייזעריגער דרעה־אָרגעל . . . — האָט זיך אריינגעמישט אָלגא מיט אזויפיל

— ניין, דאָס וויל ער, — האָט אָבלאָמאָוו געענטפערט, ציינענדיג אויף שטאָליץ'ן.

— און איר?

— ווי אַזוי קאָן איך וועלען עפּעס, וואס איך ווייס ניט וואָס עס איז?

— דו ביסט א גראָביאַן, איליא! — האָט באמערקט שטאָליץ. — אָט וואס עס קומט ארוים פון ליגען אין דער היים און אָנטאָן זאָקען. . .

— קאָך זיך ניט אזוי, אנדרעי, — האָט אָבלאָמאָוו אים אויף גיך איבערגעשלאָגען און ניט געלאָזט ווייטער רעדען, — מיר וואלט גאָר ניט געווען שווער צו זאגען: „אָ, איך וועל זיין זער גליקליך, גליקליך, איר זינגט דאָך אזוי שעהן . . .״ — האָט ער ווייטער גערעדט, ווענדענדיג זיך צו אָלגא'ן, — „דאָס פארשאפט מיר אזויפיל . . .״ א. א. וו. איצט פרעג איך אייך, דארף מען אזוי?

— אבער איר האָט דאָך געמענט וועלען, אז איך זאָל זינגען, זאָל זיין בלויז פון נייגעריגקייט.

— איך האָב עס ניט געוואגט, — האָט געענטפערט אבלאמאָוו, — איר זייט דאָך ניט קיין אַקטריסע.

— וועל איך זינגען פאר אייך, — האָט זיך אלגא אפגערופען צו שטאָליץ'ן.

— איליא, מאך גרייט א קאָמפּלימענט, — האָט זיך צו אים אָפּגערופען שטאָליץ

עס האָט אנגעהויבען צו אווענדען. מען האָט אנגעצונדען א לאָמפּ. אין דער דונקעלהייט האָט זיך געהערט א ווייכע, אָבער שטארקע שטימע, מיט א נערוועזען ציטער.

זי האָט געזונגען א סך אריען און ראָמאנסען; טייל האָבען אויסגעדריקט ליידען מיט אַן אומקלאָרען פאָרגעפיל פון גליק, אין אנדערע האָט געקלונגען פרייד, אָבער פון דער פרייד האָבען ארויסגעקלונגען טרויעריגע טענער.

פון די דאָזיגע ווערטער, קלאנגען, פון אָט דער קלארער, שטארקער מיידעלישער שטימע האָט דאָס הארץ אָנגעהויבען

— דאָס הייסט, אַז איר האָט באמת ליב מוזיק, — האָט זיך אָפּגערופן אָלגא.

— זינגט עפּעס, אָלגא סערגעיעווגא, — האָט איר געבעטן שטאָלץ.

— און אפשר איז מאָסיע אַבלאַמאָוו אַצינד אין אַזאַ שטימונג, אַז ער וועט פאַרשטאָפּן די אויערן? — האָט זי געזאָגט, ווענדענדיג זיך צו אַבלאַמאָוו׳ן.

— אַצינד בעט זיך צו זאָגן עפּעס אַ קאָמפּלימענט, — האָט געענטפערט אבלאָמאָוו, — אבער איך ווייס ניט ווי מען טוט עס, און וואָלט איך געוואוסט וואלט איך אויך ניט געוואָגט.

— וואָרום?

— און וואס וועט זיין, אַז איר וועט ניט זינגען גוט? — האָט אַבלאַמאָוו באַמערקט, — איך וואָלט דאמאָלט ניט געוואוסט וואו אהינצוטאָן די אויגען . . . וואָס מיט זיך צו טאָן . . .

— ווי נעכטען מיט די ביסקוויטען . . . — האָט זיך מיט אמאָל ארויסגעריסען פון איר מויל, זי איז גלייך רויט געוואָרען און גאָט ווייס, וואס זי וואָלט אוועקגעגעבען כדי צו קאָנען צוריקנעמען אָט די ווערטער. — אַנטשולדיגט, איך בעט אייך! . . . — האָט זי צוגעלייגט.

אַבלאַמאָוו האָט ניט ערוואַרט אזאַ באַמערקונג און ער האָט זיך אין גאנצען פארלאָרען.

— דאָס איז פאַראַט! — האָט אַבלאַמאָוו קוים הערבאַר ארויסגערעדט.

— ניין, דאָס איז בלויז אַ קליינע נקמה, און דאָס — איר מעגט מיר גלויבען — ניט אבזיכטליך; עס איז דערפאַר וואָס איר האָט אפילו קיין קאָמפּלימענט ניט פאַר מיר.

— מעגליך, אַז איך וועל האָבען, ווען איך וועל אייך הערען זינגען, — האָט אַבלאַמאָוו געענטפערט.

— און איר ווילט, אַז איך זאָל זינגען? — האָט אים געפרעגט אָלגא.

— וואס דען לעזט איר? — האט אים אלגא א ניינערי־גע געפרעגט.

— איך האב ליב רייזע־באשרייבונגען, — האט געענט־פערט איליא איליטש.

— ווענען אפריקא? — האט זי שטיל און פיקסיג אים געפרעגט.

ער איז רויט געווארען. ער האט זיך אנגעשטויסען, און ניט אן א גרונט, אז איר איז גאנץ גוט באקאנט ניט נאר וואס ער לעזט, נאר אפילו ווי ער לעזט.

— איר האט ליב מוזיק? — האט זי אים געפרעגט, כדי אים צו באפרייען פון זיין אומאנגענעמער לאגע.

אין דעם מאמענט איז צוגעקומען שטאלץ.

— איליא! איך האב דערצעהלט אלגא סערגעיעוונא'ן, ווי ליידענשאפטליך דו האסט ליב מוזיק.

„וואס רעדסטו אויף מיר אזויפיל אן? — האט געענט־פערט אבלאמאוו. — איך האב ליב מוזיק, אבער ניט אזוי ליי־דענשאפטליך ווי דו מיינסט.

— וואס פאר א מענש ביסטו? — האט אים איבערגע־שלאגען שטאלץ, כמעט א באליידיגטער, — איך שטעל אים פאר פאר אן אנשטענדיגען מענשען, און ער איילט זיך עס גלייך אפצולייקענען!

— איך לייקען בלויז אפ די ראל פון א ליידענשאפטליכען ליבהאבער; א צווייפעלהאפטע און דערצו גאנץ שווערע ראלע.

— וואס פאר א מוזיק געפעלט אייך אם בעסטען? — האט אלגא געפרעגט אבלאמאוו'ן.

— שווער צו ענטפערען אויף דער פראגע! יעדע מוזיק! אמאל הער איך זיך מיט פארגעניגען צו צו א מאטיוו פון א היי־זעריגען דרעהארגעל, און אן אנדערש מאל געה איך אוועק אין מיטען פון דער אפערע; אמאל ווירקט אויף מיר דאס גע־וועהנליכע ליד, און אמאל פארשטאפ איך די אויערען ווען איך דערהער שובערט'ן, — עס איז אפהענגיג פון דער שטימונג אין וועלכער מען געפינט זיך.

אזוי לייכט, אָן איבעריגע רייד געלונגען ארויסצוקריגען פון אים א באַשטעטיגונג אויף זיין פוילקייט. „וואָס געהערט זי מיר אָן? איך האָב דען וואָס מורא צו האָבען פאר איר?" — האָט ער ביי זיך געטראכט.

— פויל! — האָט זי שטיל און פיקסיג ארויסגערעדט. — ווי אזוי קאָן דאָס מעגליך זיין? איך קאָן גאָר ניט פארשטעהן, ווי אזוי א מאַנספּארשוין קאָן זיין פויל, — האָט זי פארענדיגט.

„וואָס איז דאָ ניט צום פארשטעהן? — האָט אָבלאָמאָוו א טראכט געטאָן, — עס איז דאָך, דאכט זיך, אזוי פשוט, אזוי פארשטענדליך."

— איך זיץ מערסטענס אין דער היים, — דערפאר מיינט אנדרעי, אז . . .

— מסתמא שרייבט איר א סך, — האָט אָלגא געזאָגט, — און לעזט. האָט איר געלעזען . . . ?

זי האָט אויפמערקזאם א קוק געטאָן אויף אים.

— ניין, ניט געלעזען! — האָט זיך ארויסגעריסען פון זיין מויל אין איין שרעק, אז זי זאָל ניט נעמען מיטאמאָל אים עקזאמינירען.

— וואָרום? — האָט זי אים געפרעגט לאכענדיגערהייט.

אָבלאָמאָוו האָט זיך אויך צולאכט.

— איך האָב געמיינט, אז איר ווילט מיך פרעגען וועגען עפּעס א ראָמאַן, און ראָמאַנען לעז איך ניט, — האָט זיך אָפּגערופען איליא איליטש.

— ניט געטראָפען; איך האָב אייך געוואָלט פרעגען וועגען רייזע־באשרייבונגען.

ער האָט געוואָרפען אויף איר א שאַרפען בליק: איר גאַנץ פּנים האָט געלויכטען, בלויז די ליפּען זיינען געווען פארשלאָסען.

„יאָ, — האָט אָבלאָמאָוו א טראַכט געטאָן — מיט איר דארף מען זיין זער פאָרזיכטיג . . ."

וואַרפענדיג זיך אויף אַלע זייטען. — דאָס זיינען דאָך אמת'ע טאָרטורען! ניט אַנדערש, זי מאַכט פון מיר חוזק! אויף אן אַנדער'ען וואַגט זי ניט אַזוי צו קוקען! — האָט ער ביי זיך באַשלאָסען. — איך וועל שוין ליבערשט אַרויס־רעדען מיט ווער־טער דאָס, וואָס זי ציט ביי מיר מיט די אויגען".

מיטאַמאָל האָט זי זיך באַוויזען אויף דער שוועל פון באַל־קאָן; ער האָט איר צוגערוקט אַ שטול און זי האָט זיך אַוועק־געזעצט.

— איז דאָס אמת, — האָט זי געפרעגט, — אַז איר לאַנג־ווייליגט זיך זער?

— עס איז אמת, — האָט ער געענטפערט, — אָבער ניט זער . . . איך בין באַשעפטיגט.

— אַנדרעי איוואַניטש האָט מיר געזאָגט, אַז איר אַרבייט אויף עפּעס אַ פּלאַן.

— יאָ, איך קלייב זיך צו באַזעצען זיך אין מיין דאָרף, גרייט איך זיך צוביסליך דערצו צו.

— און קיין אויסלאַנד פאָרט איר?

— באַשטימט! ווי נאָר איוואַן איוואַניטש וועט פאַרטיג ווערען צו פאָרען.

— און איר פאָרט גערן קיין אויסלאַנד? — האָט זי גע־פרעגט.

— יאָ, איך פאָר זער גערן אהין, — האָט ער איר גע־ענטפערט.

ער האָט אַ קוק געטאָן: דער שמייכעל ליגט נאָך אַלץ אויף איר פּנים, אָט באַלייכט ער אירע אויגען, אָט צוגיסט ער זיך איבער אירע באַקען, בלויז די ליפּען אירע זיינען, ווי שטענ־דיג, צוזאַמענגעדריקט. ער האָט ניט געהאַט גענוג מוט צו לייי־גען איר אַזוי אָפען.

— אַביסעל בין איך . . . פויל, — האָט ער געזאָגט, — אָבער . . .

אים האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבען צו קרענקען, וואָס איר איז

# אַבלאַמאָוו

טראכט אַבלאַמאָוו — אויב זי האָט אין זיך כאָטש א פונק האריץ, האָט עס געדארפט באגיסען זיך מיט בלוט פאר מיטגע־פיל, און זי נאָר . . . א דאגה מיר! איך וועל אויפהערען טראכטען וועגען איר! בלויז היינט וועל איך נאָך זיין ביי איר, אָבער מער וועט מיין פוס דאָרט ניט אריינטרעטען".

טעג געהען נאָך טעג און ער געהט ממש פון דאָרטען ניט ארויס.

אין איין שעהנעם פרימאָרגען האָט טאראנטיעוו אריבער־געקליבען זיין גאנץ פארמעגען צו זיין מומען אין וויבורגער קווארטאל, און אַבלאַמאָוו'ן איז אויסגעקומען צו פארברענגען דריי טעג, ווי ער האָט שוין לאנג ניט פארבראכט: אָן בעט־געוואנט, אָן דער סאָפע, און געגעסען האָט ער ביי אָלגא'ס טאנטע.

מיטאמאָל האָט מען אויסגעפונען, אז קעגען איבער זייער זומער־וואוינונג געפינט זיך א ליידיג הויז. ניט זעענדיג עס אפילו, האָט עס אַבלאַמאָוו געדונגען און וואוינט דאָרט. פון דער פרי ביז'ן אווענד פארברענגט ער מיט אָלגא'ן; ער לעזט צוזאמען מיט איר, שיקט איר בלומען, שיפט זיך מיט איר אויפ'ן טייך, שפאצירט אין די בערג . . . יאָ, ער . . . אַבלאַ־מאָוו.

וואָס עס פארלויפט זיך ניט אויף דער וועלט! ווי אזוי דאָס האָט פאסירט? אָט ווי אזוי דאָס האָט פאסירט.

ווען ער האָט צוזאמען מיט שטאָלץ'ן געהאט אווענד־ברויט ביי איר טאנטע, האָט ער געפילט די זעלבע פיינליכע אומרו־איגקייט, וואָס מיט א טאָג פריער, ער האָט געקייט, ער האָט געערדט, וויסענדיג און פילענדיג, אז איבער אים, ווי די זון, שטעהט דער דאָ־זיגער בליק, ברענט אים, רעגט אים אויף, רייצט זיינע נערוועז, זיין בלוט. ערשט אויפ'ן באלקאָן, הינטער דעם רויך פון זיין סיגאר, איז אים אויף א ווײַלע געלונגען צו באהאלטען זיך פון אָט דעם שווייגענדיגען, איינגעשפארטען בליק.

„וואָס זאָל דאָס באדייטען? — האָט ער געפרעגט זיך,

צוטראָגען, האָט ער זיך געמוזט אָפּשטעלען אויף א ווײלע פאר אַ דעם שטרענגען, פיינעם, אריסטאָקראַטישען וועזען.

איר נאָז האָט געבילדעט א קוים באמערקטע ליניע; אירע ליפּען — דין און מערסטענטיילס צוזאמענגעדריקט: א סימן, אז דער געדאנק איז אומאויפהערליך אויף עפּעס געווענדט. די אגוועזענהייט פון געדאנקען האָט אויך ארויסגעלויכטען פון איר שארפען, שטענדיג מוטיגען, גארנישט דורכלאָזענדיגען בליק פון אירע טונקעלע, גרויליך־בלויע אויגען. א באזונדערע שעהנהייט האבען די ברעמען צוגעגעבען אירע אויגען: זיי זיינען ניט געווען בויגענפאָרמיג, זיי האָבען ניט פאררונדיגט די אויגען מיט צוויי דינינקע, מיט פינגער אפּגעפּליקטע פעדעמליך — ניין, דאָס זיינען געווען צוויי בלאָנדע, פוכיגע שטרייכלעך, וואָס זיינען זעלטען געלעגען סימעטריש: איינע איז געווען עטוואָס העכער פון דער צווייטער און איבער דעם ברעם איז געווען א קליינער פאלד, וואָס האָט אזוי ווי דערצעהלט אז הינטער אים געפינען זיך געדאנקען.

געגאנגען איז אָלגאַ מיט עטוואָס אן איינגעבויגענעם קאָפּ, וואָס האָט אזוי עלעגאנט און זוירדיג גערוהט אויף איר שלאנקען און שטאָלצען האלז; און באוועגט האָט זי זיך גלייך, קוים אָנרירענדיג די ערד.

„וואָס האָט זי דאָס אזוי אָן אַן אויפהער געקוקט נעכטען אויף מיר? — האָט געטראכט אָבלאָמאָוו. — אנדרעי שווערט זיך, אז וועגען די זאָכען און דעם העמד האָט ער איר קיין וואָרט ניט דערמאָנט, און גערעדט האָט ער מיט איר בלויז וועגען אונזער פריינדשאפט, וועגען דעם, ווי מיר האָבען זיך ערצויגען, געלערענט, וועגען אלץ, וואָס איז געווען שעהן אין מיין לעבען, און אויך דאָס האָט ער דערצעהלט, ווי אומגליקליך אָבלאָמאָוו איז, ווי עס געהט פארלאָרען דאָס גוטע אין אים א דאנק דעם, וואָס ער איז ניט טעטיג, ווי שוואך עס צאנקט זיין לעבען, און ווי . . ."

„וואָס איז דאָ צו שמייכלען? — האָט ווייטער פאר זיך גע־

בליק. אוימזיסט האָט ער זיך אויסגעצויגען אין דער גאַנצער לענג אין בעט, אומזיסט האָט ער אָנגענומען די פוילסטע און באַקוועמסטע פּאָזען — ער קאָן פאַרט ניט איינשלאָפען. דער שלאָפראָק האָט אין זיינע אויגען גענומען אויסזען אַזוי עקעל־האַפט, זאַכאַר — נאַריש און ניט צום איבערטראָגען, און דאָס שפּינוועבס אויף די ווענט — אומערטרעגליך.

ער האָט געהייסען ארויסוואַרפען אַ פּאָר נאַרישע ביל־דער, וואָס אַ געוויסער באַשיצער פון אָרעמע אַרטיסטען האָט זיי אויף אים אַרויפגעצוואונגען; ער האָט אַליין פאַררוקט דעם ראָלעט, וואָס איז שוין פון אַ לאַנגע צייט געווען קאַליע, ער האָט אַריינגערופען אַניסיאַ'ן און געהייסען איר אויסוואַשען די פענסטער, אָפּשטויבען די ווענט, דערנאָך האָט ער זיך אָוועקגע־לייגט אויף אַ זייט און אַ שעה צייט געטראַכט — וועגען אָל־גאַ'ן.

אין אָנפאַנג האָט ער זיך פאַרנומען בלויז מיט איר אויס־סערליכען אויסזען; געהאַלטען אין איין מאָלען אין זיין קאָפּ איר פּאָרטרעט.

אָלגאַ איז, אין דעם שטרענגען זין פון וואָרט, ניט געווען קיין שעהנהייט, דאָס הייסט, זי האָט ניט געהאַט קיין בלייכ־קייט אין זיך, ניט געהאַט קיין העלען קאָלאָריט אין די ליפּען און אין די באַקען, קיין אינערליכע שטראַלען האָבען ניט אַרויס־געלויכטען פון אירע אויגען; אירע ליפּען זיינען ניט געווען קיין קאָראַלען, זי האָט ניט געהאַט קיין פּערל־ציין, ניט קיין קליינע הענטלעך, ווי אַ פינף יעריג קינד.

אָבער ווען מען זאָל זי פאַרוואַנדלען אין אַ סטאַטוע, וואָלט זי געווען די סטאַטוע פון גראַציע און האַרמאָניע. איר עטוואָס צו הויכען וואוקס האָט אַנטשפּראָכען די גרויס פון איר קאָפּ, און דעם גרויס פון איר קאָפּ — איר אָוואַלען געזיכט; און דאָס אַליז האָט האַרמאָנירט מיט אירע פּלייצעס, און די פּלייצעס — מיט איר גאַנצער פיגור.

ווער עס האָט זי נאָר באַגעגענט, האָט ער געמעגט זיין ווי

האָט ער לייכטער אָפּגעאָטעמט און באַשלאָסען א קוק טאָן אין יענער זייט, וואוהין אָלגא איז אוועק.

גאָט! זי שטעהט ביים ביוסט, אָנגעלעהנט אָן פּעדעס־טאַל און קוקט אויף אים. עס זעט אויס, ווי זי וואָלט אוועק פון איר פריערדיגען פּלאַץ בלויז דערפאַר, כדי זי זאָל קאָנען אומגעשטערט קוקען אויף אים: זי האָט באמערקט זיין צו־טראָגנהייט צוליב די ביסקוויטען.

ביים אווענד־ברויט איז זי געזעסען ביים צווייטען עק פון טיש, זי האָט גערעדט, געגעסען און, דאכט זיך, ניט געטראַכט פון אָבלאָמאָוו'ן; אָבער ווי נאָר אָבלאָמאָוו האָט אומגעדרעהט דעם קאָפּ אין איר זייט מיט דער האָפנונג, אז זי וועט ניט באַ־מערקען, האָט ער זיך באגעגענט מיט איר בליק, וואס איז גע־ווען פול מיט נייגעריגקייט און אין דער זעלבער צייט אזא גוטער. . .

גלייך נאָכ'ן עסען האָט זיך אָבלאָמאָוו גענומען אויף גיך געזעגענען מיט דער טאַנטע: זי האָט אים איינגעלאַדען אויף מאָרגען און געבעטען איבערגעבען אויך שטאָלץ'ן אָן איינלאַ־דונג. איליאַ איליטש האָט זיך פאַרנויגט און איז מיט ארונ־טערגעלאָזענע אויגען דורכגעגאַנגען דעם גאַנצען זאַל. אָט גלייך נאָכ'ן ראַיאַל איז די טיר. ער האָט אויפגעהויבען די אויגען — ביים ראָיאַל איז געזעסען אָלגאַ און מיט גרויס ניי־געריגקייט אים באַטראַכט. אים האָט זיך אויסגעוויזען, אז זי האָט געשמייכעלט.

„מסתמא האָט איר אנדרעי דערצעהלט, אז נעכטען האָב איך געטראָגען ניט פון איין פּאָר זאָקען און אויף דער לינקער זייט דאָס העמד"; האָט ער באַשלאָסען און איז אין א שלעכ־טער שטימונג אהיים געפאָרען. זיין שטימונג האָט זיך נאָך פאַרערגערט דערפון, וואָס אויף דער איינלאַדונג צו קומען מאָרגען אַוועגד, האָט ער געענטפערט מיט א נויג פון קאָפּ: דאָס הייסט, ואז ער האָט אנגענומען די איינלאַדונג.

פון דער מינוט אָן איז פון זיין זינען ניט ארויס אָלגא'ס

וואָלט אין גאַנצען אַוועקגעהן, אַבער דאַ האָט אָלגאַ'ס טאַנטע אים צוגערופען צום טיש און אַוועקגעזעצט צווישען די געסט.

אַ דערשראָקענער האָט ער זיך אומגעדרעהט צו שטאָלץ'ן, אָבער שטאָלץ איז שוין ניט געווען, ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אָלגאַ'ן און באַגעגענט דעם זעלבען נייעגריגען בליק.

„זי קוקט נאָך אַלץ", האָט ער צוטראַגען אַ טראַכט געטאָן און באַקוקט זיין אַנצוג.

ער האָט אַפילו אַפּגעווישט מיט אַ טיכעל זיין פּנים, מיי־נענדיג, אַז זיין נאָז איז פאַרשמירט, ער האָט באַטאַפּט דעם קראַוואַט, צי ער איז ניט אַמאָל לויז: דאָס טרעפט אַמאָל מיט אים. ניין, אַלץ, איז, דאַכט זיך, אין אָרדנונג און דאָך קוקט זי נאָך.

מען האָט אים דערלאַנגט טיי. ער האָט געוואָלט דערשטי־קען אין זיך זיין צוטראָגענהייט און האָט גענומען שיטען אָן אָן אויפהער צוקער און פאַרנומען אָן אַ שיער ביסקוויטען און פּלעצלעך, אַז די מיידעל וואָס איז געזעסען לעבען אים האָט זיך צולאַכט. די איבריגע האָבען גלאַט געקוקט אויף אים.

„גאָט מיינער, אויך זי קוקט! — האָט אָבלאָמאָוו אַ טראַכט געטאָן. — וואָס האָב איך מיר עפּעס אָנגעלייגט אַזויפיל פּלעצ־לעך און ביסקוויטען?"

ניט קוקענדיג אַפילו אַהין, וואו אָלגאַ איז געזעסען, האָט ער געזען, ווי זי איז אויפגעשטאַנען פון איר פּלאַץ און אַוועק אין אַ צווייטען ווינקעל. אים איז לייכטער געוואָרען אויפ'ן הארצען.

און מיט אויסגעגלאָצטע אויגען האָט דאָס מיידעל געקוקט און געוואָלט זען, וואָס ער וועט טאָן מיט די אַלע ביסקוויטען.

„אויפעסען זיי וואָס גיכער", איז אים איינגעפאַלען און ער האָט זיך אַ נעם געטאָן פאַר זיי; צום גליק, זיינען זיי זיך אַליין צוגאַנגען אין מויל.

עס זיינען פאַרבליבען בלויז צוויי ביסקוויטען, דאַמאָלט

זיך זעצען ביים פּאָרטעפּיאַן און ארויסשטעלען דעם שפּיץ פון שוך"...

זי איז געוועזן די נאַטירליכקייט אַליין! דערפאַר האָט זי אָפּגעשעצט בלויז איין שטאָלץ און די ליבענסווירדיגע יונגע לייט האָבען ניט געוואוסט ווי צו איר צוצוגעהן, וואס צו איר צו רעדען.

אין זייערע אויגען איז זי געווען א פּשוט, אומגעבילדעט און ניט זער טיף מיידעל, ווייל איר צונג האָט ניט געהאַלטען אין איין שיטען חכמות וועגען לעבען, וועגען ליבע, און ניט אי־בערגערעדט פרעמדע געדאַנקען וועגען מוזיק, ליטעראַטור; זי האָט בכלל גערעדט ווייניג, און דאָס וואָס זי האָט גערעדט איז געווען אייגענס, ניט קיין פרעמדס, דערפאַר האָבען זי אויסגע־ווייכט די געוואַגטע, די פלינקע קאַוואַלערען; די ניט פלינקע, ווידער, האָבען זי געהאַלטען פאַר צו קלוג און האָבען זיך גע־שראָקען פאַר איר. בלויז איין שטאָלץ האָט מיט איר גערעדט אָן אויפהער און זי אַמוזירט.

זי האָט ליב געהאַט מוזיק, אָבער געזונגען האָט זי צומייס־טענס אין דער שטיל, בלויז פאַר שטאָלץ'ן, אדער פאַר א שול חבר'טע; און געזונגען האָט זי, לויט שטאָלץ'ס ווערטער, ווי קיין איין זינגערין זינגט ניט.

ווי נאָר שטאָלץ האָט זיך אָוועקגעזעצט לעבען איר, האָט זיך באַלד אין צימער דערהערט איר געלעכטער, וואָס איז געווע־זען אזוי קלינגענדיג, אזוי אמת'דיג, אזוי אָנשטעקענד, אז יע־דער, וואס האָט אים נאָר געהערט, האָט אויך אָנגעהויבען צו לאַכען, ניט וויסענדיג אַליין פאַר וואס.

אָבער שטאָלץ האָט ניט בלויז אַמוזירט זי: אין א האַל־בע שעה ארום האָט זי זיך שוין איינגעהערט צו אים מיט ניי־געריגקייט, און מיט טאָפּעלטער נייגעריגקייט האָט זי איבער־געפירט די אויגען אויף אָבלאָמאָוו'ן, און אָבלאָמאָוו האָט ניט געוואוסט וואו זיך אהינצוטאָן פון די דאזיגע בליקען.

„וואס קאָנען זיי דאָרט רעדען וועגען מיר?" האָט ער גע־טראכט און פון דער זייט געקוקט אויף זיי ער האָט שוין גע־

מורא געהאט, ווייל זי האט זיך אין זיין געגענוואַרט געפילט ווי א קינד.

ווען אין איר מוח האט אויפגעוואכט א פראגע, א צווייפעל, האט זי עס אים ניט גלייך פארטרויט: ער איז געווען פיל ווייטער, פיל העכער פון איר און איר זעלבסטשטאָלץ האט געליטען פון אָט דער אומרייפקייט, פון אָט דעם אונטערשיד אין יאָרען און ערפארונג, וואס עס איז געווען צווישען זיי.

און שטאָלץ האט זי באוואונדערט, ווי עפּעס הערליכעס, ווי עפּעס פרישעס און דופטענדעס. זי איז אין זיינע אויגען געווען ניט מער ווי א קינד פון וועלכען מען קאָן א סך ערוואַרטען.

דאָך האט שטאָלץ גערעדט מיט איר עפטער און גערנער ווי מיט אנדערע פרויען. דאָס איז געווען דערפאר, ווייל זי איז אינסטינקטיוו געגאנגען מיט דעם נאטירליכען, פּשוט'ען לעבענסוועג א דאנק איר גוטער נאטור און דער געזונטער ערציאונג, וואָס זי האט באקומען; זי האט ניט פארבאהאַלטען, און האט ניט אָפּגעווייכט פון יעדען גדאנק, וואָס האט ערוואַכט אין איר, פון יעדען נאטירליכען געפיל, פארלאנג, אפילו פון דער קלענסטער, קוים באמערקטער באוועגונג פון אירע ליפּען, אויגען.

מעגליך, אז זי האט דערפאר אזוי זיכער געטראָטען אויף אָט דעם וועג, ווייל זי האט צייטענוויז געהערט לעבען זיך די נאָך מער זיכערע טריט פון איר „פריינד", וועמען זי האט אזוי-פיל געגלויבט.

וואָס עס זאָל דאָרט ניט האָבען געווען די אורזאַך דערפון, אָבער זעלטען באגעגענט מען א מיידעל מיט אזא פּשוט'ן, נאטירליכען פרייען בליק, מיט אזוינע נאטירליכע ווערטער און האנדלונגען. ביי איר וועט מען קיינמאָל ניט דורכלעזען אין בליק: „איצט וועל איך איינבייסען די אויבערשטע ליפּ און וועל זיך פארטראכטען — אזוי זע איך אויס אינטערעסאנטער. איך וועל א קוק טאָן אָן א זייט און וועל זיך דערשרקען, לייכט וועל איך א געשריי טאָן, מען וועט צולויפען צו מיר. איך וועל

זאַכאַר איז דער זעלבער וואס געווען: ער האָט אלץ די זעלבע צוויי גרויסע באַקענבערד, די באָרד איז ביי אים זעלטען געגאָלט, ער טראָגט אלץ דעם זעלבען גרויען זשילעט, דעם צוטרענטען פראַק, אָבער ער איז שוין פאַרהייראַט, ער האָט חתונה געהאַט מיט אניסיע׳ן, גאָט ווייס, צי דערפאַר, וואָס ער האָט צוריסען מיט זיין „פריינדין”, אדער דערפאַר וואס יעדער מענש מוז דאָך סוף כל סוף חתונה האָבען; ער האָט חתונה געהאַט און האָט זיך, טראָץ דעם בארימטען פאָלקס־ווערטעל, ניט געביטען אויף א האָר.

שטאָלץ האָט באַקענט אָבלאָמאָוו׳ן מיט אָלגאַ׳ן און איר טאַנטע. ווען שטאָלץ האָט דאָס ערשטע מאָל אריינגעפירט אָבלאָמאָוו׳ן צו אָלגאַ׳ס טאַנטע, זיינען אין הויז געווען געסט: אבלאָמאָוו׳ן איז געוואָרען שווער און, ווי געוועהנליך, א ביסל היימליך.

„עס וואָלט זער גלייך געווען ארונטערצונעמען די האַנדשו, — האָט ער ביי זיך געטראַכט, — אין צימער איז דאָך אזוי וואַרעם. איך וויים שוין ניט ווי מען פארברענגט אין געזעלשאַפט!”

שטאָלץ האָט זיך אוועקגעזעצט לעבען אָלגאַ׳ן; זי איז געזעסען איינע אליין, אביסעל אָפּגערוקט פון די איבריגע מענשען, מיט דער פלייצע אָנגעשפאַרט אָן דעם ווענטעל פון דער שטול און האָט זיך ווייניג אינטערעסירט דערמיט וואס עס איז פאָרגעקומען ארום איר.

זי האָט זיך זער דערפרעהט מיט שטאָלץ׳ן; כאָטש אין אירע אויגען האָבען זיך ניט באַוויזען קיין פייערליך, די באַקען האָבען ניט גענומען פלאַמען, אבער אויפ׳ן גאַנצען פנים האָט זיך צוגאָסען אַזאַ רואיגער שיין און די ליפּען האָבען אנגעהויבען צו שמייכלען.

זי האָט אים גערופען פריינד, זי האָט אים גערן געהאַט דערפאַר, וואס ער האָט זי שטענדיג אמוזירט און ניט געלאָזען איר לאַנגווײַלען זיך, אבער זי האָט פאַר אים אויך אביסעל

סימן פון שלאף, פון מידקייט, פון לאנגווייל. עס האט זיך אויף זיין פנים געגומען באוויזען פארב, גלאנץ — אין די אויגען, עפעס א מין כוט, אין ערגסטען פאל א מין גלויבען אין זיך. מען זעט שוין אויף אים ניט מער קיין שלאפראק: טאראנטיעוו האט אים צוזאמען מיט אנדערע זאכען אוועקגעפירט צו זיין מומען. אבלאמאוו לעזט אדער שרייבט אין א רעקעל, אויפ'ן האלז טראגט ער א לייכטען האלז־טוך; דער קראגען פון העמד בלענדט, ווי שניי. שפאצירען געהט ער בלויז ארויס אין א ראק און אין אן עלעגאנטען הוט . . . ער איז פרעהליך, זינגט אונטער . . . וואס איז די אורזאכע דערפון?

אט זיצט ער ביים פענסטער פון זיין זומער־וואוינונג (ער וואוינט אין א זומער־פלאץ, איינינע ווערסט פון שטאדט), לעבען אים ליגט א בוקעט בלומען. ער דערשרייבט עפעס אין גיכען, און אליין האלט ער אין איין אריבערקוקען איבער די בושען צום שטעגעל, און שרייבט איילענדיג ווייטער.

מיטאמאל האט אויפ'ן שטעגעל דער זאמד אנגעהויבען צו סקריפען אונטער לייכטע פיסלעך; אבלאמאוו האט א שליידער געטאן די פען, געכאפט דעם בוקעט און צוגעלאפען צום פענסטער.

— דאס זייט איר, אלגא סערגעיעוונא? באלד, באלד! — האט ער געזאגט, געכאפט דאס רעקעל און דאס שטעקעלע, ארויסגעלאפען צום טירעל פון פלויט, דערלאנגט די האנד עפעס א פראכטפולער פרוי און איז פארשוואונדען מיט איר אין וואלד, אין שאטען פון גרויסע טאנען.

פון א ווינקעל האט זיך באוויזען זאכאר, ער האט א ווײלע נאכגעקוקט אבלאמאוו'ן, און פארשליסענדיג די טיר, איז ער אוועק אין קיך אריין.

— ער איז אוועק! — האט ער געזאגט אניסיע'ן.

— און מיטאג עסען וועט ער קומען? — האט געפרעגט אניסיא.

— איין גאט וויים אים! — האט פארשלאפען געענטפערט זאכאר.

זאַכען זיינען איבערגעגעבען געוואָרען טאַראַנאַטיעוו'ן, אז ער זאָל זיי איבערפירען צו זיין מומע אין וויבורגער קוואַרטאַל, פאַר־שליסען זיי אין דריי צימערען ביז ער וועט אומקערען זיך פון דער רייזע.

און אָבלאָמאָוו'ס באַקאַנטע, טייל צווייפלענדיג נאָך אין דעם, טייל מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען, און אַנדערע מיט עפּעס אַ שרעק האָבען צווישען זיך גערעדט: „ער פּאָרט; שטעלט זיך פאָר, אָבלאָמאָוו האָט זיך אַ ריר געטאָן!"

אָבער אָבלאָמאָוו איז ניט אַוועקגעפאָרען ניט אין אַ מאָ־נאַט און ניט אין דריי מאָנאַטען אַרום.

אַ טאָג פאַר'ן אַוועקפאָרען איז אים מיטאַמאָל געשוואָלען געוואָרען אַ ליפּ.

— אַ פליג האָט אַ ביס געטאָן; מען קאָן ניט מיט אַזאַ ליפּ זיך לאָזען אויפ'ן ים, — האָט ער געזאָגט און גענומען וואַר־טען אויף אַ צווייטער שיף.

עס איז שוין אויגוסט, שטאָלץ איז שוין לאַנג אין פּאַריז, ער שרייבט אים בייזע, אויפגערעגטע בריף, אָבער קיין ענטפער אויף זיי באַקומט ער ניט.

פאַרוואָס? אפשר דערפאַר וואָס אין די טינטערס איז אויסגעטריקענט געוואָרען דער טינט? אָדער אפשר גאָר דער־פאַר, וואָס איליאַ איליטש אין זיין פאַרצווייפעלטען אויסגע־שריי: איצט, אָדער קיינמאָל ניט האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפ'ן „איצטען", האָט פאַרלייגט די הענט אַרום דעם האַלז און אומזיסט וועקט אים זאַכאַר.

ניין, זיין טינטער איז פול מיט טינט, אויפ'ן טיש ליגט פּאַפּיר וואָס איז דורך זיין האַנד פאַרשריבען געוואָרען.

ער האָט אויפגעשריבען אַ פּאָר זייטען, קיין איינמאָל זיך ניט פאַרפלאָנטערט, די ווערטער האָבען זיך ביי אים געגאָסען, ווי אין יענע טעג, ווען ער האָט צוזאַמען מיט שטאָלץ'ן גע־חלום'ט וועגען אַ מיזאַם לעבען, וועגען באַרייזען די וועלט.

ער הויבט זיך אויף זיבען אַ זייגער אין־דער־פרי, לעזט, טראָגט ערגעץ־וואו אַוועק ביכער. אויפ'ן פּנים איז ניטאָ קיין

# אַבלאַמאָוו

לאַמאָוו האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול, אָבער דער פּוס זיי־נער האָט ניט מיטאַמאָל אַריינגעטראָפן אין די שטעקשיך און ער האָט זיך צוריקגעזעצט.

אין צוויי וואָכן אַרום איז שטאָלץ אַוועקגעפאָרן קיין ענג־לאַנד, נעמענדיג אַן ערען וואָרט פון אַבלאַמאָוו׳ן, אַז ער וועט באַלד אַרויספאָרן קיין פּאַריז. איליא איליטש׳ס פּאַס איז שוין געווען פאַרטיג, ער האָט זיך שוין אפילו געהאַט באַשטעלט אַ רייזע־מאַנטעל! אָט ווי אַלץ האָט זיך אַ רוק געטאָן פאָר־אויס!

זאַכאַר האָט טיפזיניג באַוויזען, אַז עס איז גענוג צו באַ־שטעלען איין פּאָר שטיוועל און אַרויפלייגען נייע זוילען אויף די אַלטע. אַבלאַמאָוו האָט איינגעקויפט אַ קאָלדרע, אַ וואָ־לענע וועסט, אַ רייזע־טאַש און געוואָלט אויך קויפען אַ זאַק פאַר שפּייז, אָבער צען מענשען האָבען אים געזאָגט, אַז עס פירט זיך ניט, אַז מען זאָל מיטנעמען פּראָוויזיע קיין אויס־לאַנד.

זאַכאַר איז אַרומגעלאָפען אין ווערקשטאַטען, אין קראָמען אַ צוהיצטער, אַ פּאַרשוויצטער און כאָטש ער האָט אין קעשע־נע אַרונטערגעלאָזען פינף און צען קאָפּיקענע פון די רעשטען, וואָס ער האָט באַקומען, האָט ער דאָך געהאַלטען אין איין שיל־טען אַנדרעי איוואַנאָוויטש׳ן און אַלע איבריגע, וואָס האָבען אויסגעטראַכט דאָס אַרומרייזען.

— וואָס וועט ער איינער אליין דאָרט טאָן? — האָט ער זיך צורעדט אין אַ קראָם. — דאָרט, זאָגט מען ווערען די הערען באַדינט פון מוירען. וואו וועט אַ מויד נעמען כוח אַרונטערצושלעפּען אַ פּאָר שטיוועל? און ווי וועט זי דאָס געהן אָנטאָן אַ פּאָר זאָקען אויף נאַקעטע פיס?

ער האָט זיך פון דעם געדאַנק אליין צושמייכעלט אַזוי, אַז די באַקענבערד זיינע האָבען זיך אויפגעהויבען אָן אַ זייט, ער האָט אויך צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. אַבלאַמאָוו האָט זיך ניט געפוילט און אויפגעשריבען וועלכע זאכען ער דאַרף מיטנעמען מיט זיך און וועלכע בלייבען איבער. דאָס מעבעל און אנדערע

אָנצוהויבען ? איך ווייס ניט, איך קאָן ניט . . . איך פאַזיר . . . איך ווייס יאָ . . . אָט איז שטאָלץ און ער קאָן זאָגען.

און וואָס קאָן ער זאָגען ? „אין אַ וואָך ארום, וועט ער זאָגען, זאָלסטו שוין האָבען פאַרטיג אָנגעוואָרפען אלע אינסטרוקציעס פאַר דיין באַפאָלמעכטיגטען און אים אַוועקשיקען גלייך אין דאָרף אריין, אָבלאָמאָווקע פאַרזעצען, צוקויפען ערד, אָפּשיקען דעם פּלאַן פון די געביידען, אויפגעבען די דירה, ארויסנעמען אַ פּאַס און אַוועקפאָרען אויף אַ האַלב יאָר קיין אויסלאַנד, פּטור ווערען פון דעם איבריגען פעטס, אויפפרישען די נשמה מיט אָט יענער לופט, וועגען וועלכער מען האָט געחלום׳ט צוזאַמען אין דער יוגענד, אָנהויבען פירען אַ לעבען אָן שלאָפּרעק, אָן זאַכאַר׳ן, אָן טאַראַנטיעווען, אליין זיך אָנטאָן די זאָקען און אויסטאָן די שיך, שלאָפען בלויז אין די נעכט, פאָרען, וואו אלע פאָרען, פאָרען מיט באַנען, מיט שיפען און דערנאָך . . . דערנאָך באַזעצען זיך אין אָבלאָמאָווקע, וויסען וועגען מאַלען און זייען, וואָדורך איין פּויער איז רייך און דער צווייטער איז אָרעם; געהן אין פעלד, נעמען אָן אַנטייל אין די וואַלען, באַזוכען די ווערקשטאַטען, די מיל, און אין דער זעלבער צייט לעזען ביכער, צייטונגען, באַאומרואיגען זיך וועגען דעם, וואָס די ענגלענדער האָבען געשיקט קיין מזרח אַ קריגס־שיף...״

אָט וואָס ער וועט זאָגען! אָט דאָס הייסט געהן פאָראויס . . . און אַזוי דאָס גאַנצע לעבען! און זיי געזונט אויפשטענדיג, דו פּאָעטישער אידעאַל פון לעבען! דאָס איז אַ קונסטנע און ניט קיין לעבען; דאָ הערשט אַ שטענדיגער פייער, אַ קלאַפּעניש, טומעל, גערויש . . . טאָ ווען בלייבט צו לעבען? איז ניט בעסער צו בלייבען ביים אַלטען?

ביים אַלטען — הייסט אָנטאָן פאַרקערט דאָס העמד, הערען ווי עס שפּרינגען זאַכאַרס פיס פון אויווען, מיטאָגען מיט טאַראַנטיעוו׳ן, ניט טראַכטען צופיל, ניט דערלעזען ביז׳ן סוף „די רייזע אין אפריקאַ״, עלטערען זיך אין פרידען ביי טאַראַנטיעוו׳ס מומע . . .

„איצט, אָדער קיינמאָל ניט!״ „זיין אָדער ניט זיין״! אָב־

באטראכט. אין אַט דעם טעמפּען, פּאַרוואונדערטען בליק איז געווען אויסגעקריצט: „אַ ב ל א מ אָ ו ו י ז ם!"

„אַן איין־איינציג וואָרט, — האָט ביי זיך געטראַכט אַבלאַמאָוו, — און דאָך ווי גיפטיג."

לויט זיין געוועהנהייט, האָט זאַכאַר גענומען אַ באַרשט, אַ קאַם, אַ האַנטוך און געוואָלט פאַרקעמען איליאַ איליטש'ן.

— געה צום טייוועל! — האָט מיט כעס אַ געשריי געטאָן אַבלאַמאָוו, און מיט אַ זעץ ארויסגעשיבט פון זיין האַנד די באַרשט, און דעם קאַם האָט שוין זאַכאַר אליין ארונטערגעלאָזען אויפ'ן דיל.

— האָט איר אין זינען זיך צוריקצולייגען? — האָט געפרעגט זאַכאַר, — וועל איך פאַרריכטען דאָס געלעגער.

— ברענג מיר טינט און פּאַפּיר! — האָט אים געענטפערט אַבלאַמאָוו.

אַבלאַמאָוו האָט זיך פאַרטראַכט אויף די ווערטער: „איצט, אָדער קיינמאָל ניט!"

נאָך מינוטען פון פּיינליכען טראַכטען, האָט ער כאַפּ געטאָן די פּען, ארויסגעשלעפּט פון ווינקעל אַ בוך און אין אַ שעה האָט ער געוואָלט דורכלעזען, אויפשרייבען און דורכטראַכטען דאָס, וואָס ער האָט ניט דורכגעלעזען, ניט דורכגעטראַכט און ניט אויפגעשריבען אין די לעצטע צען יאָר.

וואָס איז אים איצט געבליבען צו טאָן? געהן פאַראויס, אָדער בלייבען אין דעם זעלבען צושטאַנד אין וועלכען ער געפינט זיך? אַט די אַבלאַמאָוו'שע פראַגע איז פאַר אים געווען טיפער פון האַמלעטס „זיין, אָדער ניט זיין?" געהן פאַראויס, שטרעבען צו עפּעס — הייסט ארונטערוואַרפען מיט אַמאָל דעם שלאַפראָק ניט נאָר פון די פּלייצעס, נאָר אויך פון דער נשמה, פון דעם גייסט; צוזאַמען מיט דעם שטויב און שפּינוועבס פון די ווענט ארונטערצוקערען דעם שפּינוועבס פון די אויגען און ווערען זעענדיג!

וואָס איז דער ערשטער טראָט אויף דעם וועג? פון וואָס

## 5

„איצט, אָדער קיינמאָל ניט!“ די דאָזיגע גרויזאַמע ווער־טער, זייגען ארויפגעקומען אַבלאָמאָוו'ן אויפ'ן זינען, ווען ער האָט געעפענט אין־דער־פרי די אויגען.

ער איז ארונטער פון בעט, געשפאַנט א דריי־פיר מאָל אי־בער'ן צימער, אַ קוק געטאָן אין זאַל אריין: שטאָלץ זיצט און שרייבט.

— זאַכאַר! — האָט ער א געשריי געטאָן.

עס הערט זיך ניט קיין שפּרונג פון אויווען — זאַכאַר קומט ניט: שטאָלץ האָט אים געשיקט אין דער פּאָסט.

אַבלאָמאָוו איז צוגעגאַנגען צו זיין פאַרשטויבטען טיש, אוועקגעזעצט זיך, גענומען אין האַנד די פען, איינגעטונקט אין טינטער, אָבער קיין טינט איז אין טינטער ניט געווען, ער האָט א זוך געטאָן אַ בויגען פּאַפּיר — קיין פּאַפּיר איז אויך ניט גע־ווען.

ער האָט זיך פאַרטראַכט און מעכאַניש אָנגעהויבען צייכ־נען מיט'ן פינגער אויפ'ן שטויב, דערנאָך האָט ער א קוק געטאָן וואָס ער האָט אויפגעשריבען: עס איז געשטאַנען אָבלאָמאָ־וויזם.

ער האָט עס געשווינד אָפּגעריבען מיט'ן ארבעל. דאָס דאָזיגע וואָרט האָט ער געזען אין חלום מיט פייערדיגע ווער־טער אויפגעשריבען אויף דער וואַנד, ווי בלשאַצר אין דער צייט פון זיין מאָלצייט.

עס איז געקומען זאַכאַר, און זעענדיג, אז אָבלאָמאָוו גע־פינט זיך ניט מער אין בעט, האָט ער אים מיט פאַרוואונדערונג

אויפהערען לאנגווײלען זיך, און דערווייל וועט מען אויסזור־
כען פאר דיר עפעס מיט וואס צו פארנעמען זיך. . .

— יאָ, מיר וועלען אוועק פון דאנען! — האָט זיך ארויס־
געריסען ביי אָבלאמאָוו'ן.

— מאָרגען וועלען מיר זיך גלייך נעמען צו קריגען אן
אויסלענדישען פּאס און אָנהויבען גרייטען זיך אין וועג אריין . . .
איך וועל ניט מיד ווערען איליא . . . הערסט?

— ביי דיר איז גלייך מאָרגען! — האָט געענטפערט אָב־
לאמאָוו, ווי ער וואָלט ארונטערגעפאלען פון הימעל.

— און דיר וואָלט זיך וועלען „ניט אָפּלייגען אויף מאָרגען,
וואס עס קאָן געטאָן ווערען היינט"? סאר א גיכקייט! אָבער
היינט איז שוין צו שפּעט, — האָט צוגעלייגט שטאָלץ. —
זאָרג זיך אָבער ניט: אין צוויי וואָכען ארום וועלען מיר שוין
זיין זער ווייט.

— האָב רחמנות, אנדרעי, וואס אזא יאָגעניש? — האָט
ארויסגערעדט אָבלאָמאָוו. — לאָז עס מיך פריער דורכטראכ־
טען, צוגרייטען זיך . . . מען דארף א טאראנטאס . . . כ'וויים . . .
לאָמיר זאָגען, אין א דריי מאָנאטען ארום. . .

— א טאראנטאס איז אים גאָר איינגעפאלען! ביז צו דער
גרענעץ וועלען מיר פאָרען מיט דער פּאָסט אדער מיט א דאמף־
שיף, ווי עס וועט זיין באקוועמער; און דאָרט איז שוין אין
פילע פּלעצער פּאראן אייזענבאנען

— און וואס זאָל איך טאָן מיט דער דירה, מיט זאכאר'ן,
מיט אָבלאָמאָווקע? מען דארף דאָך אלץ באזאָרגען, איינאָרד־
נען, — האָט זיך פארטיידיגט אָבלאָמאָוו.

— אָבלאמאָוויזם, אבלאמאָוויזם! — האָט, שמייכלענדיג,
געזאָגט שטאָלץ, דערנאָך האָט ער גענומען א ליכט, געוואונשען
אָבלאָמאוו'ן א גוטע נאכט און אוועק שלאָפען. — געדענק,
איצט, אָדער קיינמאָל ניט! — האָט ער צוגעלייגט, אומדרעה־
ענדיג זיך צו אָבלאָמאָוו'ן און פארמאכענדיג הינטער זיך די
טיר.

פערט מער מיט א גאַכלעסיגען שמייכעל. שווייגענדיגערהייט האָט ער זיך איינגעהערט.

— ניט לאַנג צוריק, — האָט ווידער אָנגעהויבען אָבלאָמאָוו, — האָסטו געזאָגט אז מיין פּנים איז ניט מער פריש, אז עס איז צוקנייטשט. אמת, איך בין אַן אַלטער, אָפּגעטראָגענער ראָק. די שולד איז ניט פון קלימאַט, ניט פון צופיל ארבייט, נאָר דער־פון, וואָס צוועלף יאָר איז אין מיר געווען איינגעשלאָסען א פייער, וואָס האָט געזוכט אַן אויסוועג, און האָט בלויז געברענט זיין תפיסה, אָבער האָט זיך ניט דורכגעריסען און איז אויס־געגאַנגען. אזוינע צוועלף יאָר זיינען אוועק, ליבער אַנדרעי, און איך האָב פאַרלאָרען שוין אין גאַנצען דעם לוסט אויפצו־וואַכען פון שלאָף.

— פאַרוואָס האָסטו זיך ניט אַרויסגעריסען, ערגעץ אַנט־לאָפען, נאָר שווייגענדיג אונטערגעגאַנגען? — האָט אים שטאָלץ געפרעגט מיט אומגעדולד.

— וואו האָב איך געזאָלט לויפען?

— וואוהין? אפילו צו דיינע פּויערים אויף דער וואָל־גאַ! אויך דאָרט איז פאַראַן מער באַוועגונג, פאַראַנען אינטע־רעסען, צילען, ארבייט. איך וואָלט געלאָפען אפילו קיין סיביר.

— אָ, סאַר א שטאַרקע מיטלען דו שרייבסט פאָר! — האָט אָבלאָמאָוו אַרויסגערעדט א דערשלאָגענער. — בין איך דען דער איינציגער? גיב א קוק: מיכאַילאָוו, פּעטראָוו, סעמע־נאָוו, אַלעקסעיעוו, סטעפּאַנאָוו . . . וועסט ניט איבערצעהלען: אונזער נאָמען איז — לעגיאָן.

שטאָלץ איז נאָך אַלץ געווען אונטער דעם איינדרוק פון דער וידוי און האָט אַלץ געשוויגען. דערנאָך האָט ער א זיפץ געטאָן.

— יאָ, א סך וואַסער איז שוין פון דאַמאָלט אוועק! — האָט ער געזאָגט. — איך וועל דיך אזוי ניט איבערלאָזען, איך וועל דיך אַוועקפירען פון דאַנען, צום ערשטען קיין אויסלאַנד, דערנאָך אין דאָרף אריין: וועסט אביסעל מאָגערער ווערען,

שטראַלען, וואָס ווערט שפּעטער פאַרוואַנדעלט אין אַ טאָג און פלאַמט אויף העל, ברענט, און דערנאָך ווערט עס שטיל און שטילער, בלייכער און לעשט זיך אויס אין אָוונט. ניין, מיין לעבען האָט זיך אָנגעהויבען פון אָוונט! עס איז זאָנדערבאַר, אָבער אזוי איז עס! פון דער ערשטער מינוט, וואָס איך האָב זיך דערקאָנט, האָב איך דערפילט, אז איך לעש זיך, אז איך ווער פאַרלאָשען. איך האָב גענומען אויסגעהן ביים שרייבען די פּאַפּירען אין דער קאַנצעלאַריע; איך האָב געלאָשען זיך שפּעטער, ווען איך האָב אַרויסגעלעזען פון די ביכער אמת'ן מיט וועלכע איך האָב אָבער אַלץ ניט געוואוסט ווי אָנצוהויבען צו לעבען; איך בין אויסגעגאַנגען, ווען איך האָב פאַרבראַכט מיין צייט מיט די חברים, הערענדיג זייערע רכילות, זייערע פּלוידערייען, קוקענדיג אויף זייערע צוזאַמענקונפטען און וועלכען עס איז ציל, און וועלכער עס איז נייגונג פון איינעם צום צווייטען; איך בין אויסגעגאַנגען און גע'פּטר'ט מיינע כוחות מיט מינע'ן: געצאָלט איר מער ווי אַ העלפט פון מיין איינקונפט און זיך איינגערעדט, אז איך האָב איר ליב; איך בין אויסגעגאַנגען אויף מיינע איינזאַמע שפּאַצירונגען אויף ניעווסקער פּראָספּעקט, אויף די אָווענדען; איך בין אויסגעגאַנגען און גע'פּטר'ט אויף קלייניגקייטען דאָס לעבען און דעם שכל . . . אפילו די זעלבסט־ליבע גע'פּטר'ט — און אויף וואָס? אויף באַשטעלען קליידער ביי אַ באַרימטען שניידער? כדי איינגעלאַדען צו ווערען אין אַ באַרימט הויז? כדי פירשט נ. זאָל מיר רייכען די האַנד? און די זעלבסט־ליבע איז דאָך דאָס זאַלץ פון דעם לעבען! אָ, אויף וואָס איז עס אַוועק? אָדער איך האָב דאָס לעבען ניט פאַרשטאַנען, אָדער דאָס גאַנצע לעבען איז גאָרנישט ווערט! און פון עפּעס בעסערס האָב איך ניט געוואוסט, ניט געזען, קיינער האָט מיר ניט אָנגעוויזען. ווי אַ קאָמעט העל און גיך האָסטו זיך באַוויזען און גלייך פאַרשוואונדען געוואָרען, און איך האָב אַלץ פאַרגעסען און בין אויסגעגאַנגען. . .

אויף אָבלאָמאָוו'ס דאָזיגע רייד האָט שוין שטאָלץ גענענט־

פאר זיך אליין א קבר, וואלט דיין מויל געגען מיר קיין פאר־וואורף ניט ארויסגעבראכט. איך ווייס אליץ, איך פארשטעה אליץ, נאר קיין כוחות און קיין ווילען איז ניטא! גיב מיר דיין ווילען, דיין פארשטאנד און פיר מיך וואו דו ווילסט אליין. נאך דיר וועל איך אפשר געהן, אבער אליין וועל איך זיך פון ארט ניט רירען. דו ביסט גערעכט: „איצט אדער קיינמאל ניט". אין א יאר ארום — וועט שוין זיין צו שפעט.

— ביסטו עס דער איליא? — האט געזאגט שטאליץ. — א, איך געדענק דיך נאך ווען דו ביסט געווען אזא איידעל, אזא לעבעדיג אינגעל; געדענקסט דאס געדטעל מיט די צוויי שוועסטער? געדענקסט, ווי דו האסט זיי געבראכט רוסא'ן, שילער'ן, געטע'ן, בייראן'ען און געגרויסט זיך געגען זיי?

אבלאמאוו איז אויפגעשפרונגען פון געלעגער.

— און דו געדענקסט נאך דאס אליץ, אנדרעי? גאט מיי־נער! איך האב צוזאמען מיט זיי פאנטאזירט, גע'חלום'ט וועגען דער צוקונפט, ענטוויקעלט פלענער, געדאנקען און . . . געפיהלען, באהאלטען עס פון דיר כדי דו זאלסט מיר ניט אויס־לאכען. און דארט איז דאס אליץ טאקע אפגעשטארבען און קיינמאל צוריק ניט אויפגעלעבט! און וואו איז דאס אליץ אוועק, פארוואס האט עס זיך פארלאשען? און קיין שום שטור־רעמס און קיין שום איבערקערענישען האבען דאך מיט מיר ניט פאסירט; איך האב קיין שום זאך ניט פארלארען; קיין שום משא ליגט ניט אויף מיין געוויסען; עס איז ריין ווי א גלאז; מיין זעלבסט־ליבע איז איצט אזוי פריש ווי אמאל און דאך צוקריכט אליץ אונטער מיינע הענט; איין גאט ווייס פאר־וואס!

ער האט א זיפץ געטאן.

— ווייסט, אנדרעי, אז אין מיין לעבען האט קיינמאל ניט אויפגעפלאמט ניט קיין ערלייזענדער און ניט קיין פאר־ניכטענדער פייער? מיין לעבען איז ניט געווען ענליך צו א פרי־מארגען אויף וועלכען עס פאלען איינציגווייז פארבען,

שטילשווייגען, באמערקט אבלאמאוו, — אויב דער ציל פון דעם אלעס איז ניט צו פארזארגען זיך אויף שטענדיג און קאָנען אפלעבען די יארען אָן זארג און אָן ארבייט?

— דארפישער אבלאמאוויזם! — האט ארויסגערעדט שטאלץ.

— אדער, — האט ווייטער גערעדט אבלאמאוו, — דערגרייכען צו א הויכען ראנג אין דינסט, צו א שטאנד אין דער געזעלשאפט, און דערנאך אין א בכבוד׳יגען גארנישט־ניט־טאָן פארברענגען רואיג די טעג.

— פעטערסבורגער אבלאמאוויזם! — האט אים דערויף געענטפערט שטאלץ.

— טא ווען־זשע זאל מען לעבען? — האט מיט ערגערניש אבלאמאוו געענטפערט אויף שטאלץ׳ס באמערקונג. — וואס איז דער געדאנק פון מוטשען זיך א גאנץ לעבען?

— די מי אליין איז דער ציל, און קיין אנדערע זאך. די ארבייט — דאס איז די פארם, דער אינהאלט, און דער ציל פון לעבען, יעדענפאלס פון מיין לעבען. נעם א ביישפיל פון דיר: דו האסט ארויסגעטריבען ארבייט פון דיין לעבען, קוק זיך אום אויף וואס איז דיין לעבען געגליכען! איך וועל נאך אן איינציג מאל פרובירען דיך אויפהויבען. און אויב דו וועסט נאכדעם אויך אלץ זיצען דא מיט טאראנטיעוו׳ן, מיט אלעקסעיעוו׳ן, ביסטו א פארלארענער אויף אייביג, דו וועסט אפילו זיך אליין שווער ווערען. איצט אדער קיינמאל ניט! — האט ער פארענדיגט.

אבלאמאוו האט זיך איינגעהערט צו זיינע רייד, קוקענדיג אויף אים מיט דערשראקענע אויגען. זיין פריינד האט אים אזוי ווי אונטערגעשטעלט א שפיגעל און ער האט זיך דערשראקען, דערזעענדיג זיך אין אים.

— זידעל מיך ניט, אנדרעי, און בעסער העלף מיר טאקע ארויס! — האט ער אנגעהויבען, זיפצענדיג, — איך אליין ווער דערפון געפייניגט; און ווען דו וואלסט מיך כאטש היינט אויסגעהערט און געזען, ווי איך באוויין זיך און ווי איך גראב

— יאָ, יאָ! איך געדענק דאָס אַלץ! — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו, פאַרזינקענדיג אין ערינערונגען. — דו האָסט מיך דאַמאָלט גענומען פאַר דער האַנט און געזאָגט: „לאָמיר שווע־רען, אַז מיר וועלען ניט שטאַרבען, איידער מיר וועלען דאָס אַלץ זען"...

— איך געדענק, — האָט ווייטער גערעדט שטאָלץ, — ווי דו האָסט מיר אַמאָל געבראַכט אַלס מתנה צו מיין גע־בורטסטאָג אַן איבערזעצונג. איך היט עס אָפּ ביז דעם היינ־טיגען טאָג; איך געדענק, ווי דו פלעגסט זיך איינשפּאַרען מיט דעם לערער פון מאַטעמאַטיק און געוואָלט אַלץ דערגעהן, צו וואָס אייגענטליך דאַרפסטו וויסען וועגען מאַטעמאַטישע פּראָב־לעמען. ענגליש האָסטו זיך אָנגעהויבען צו לערנען און ניט דערלערענט זיך! און ווען איך האָב געפּלאַנט צופאָרען קיין אויסלאַנד, און דיר אויך פאָרגעשלאָגען צו באַזוכען דייטשע אוניווערסיטעטען, ביסטו אויפגעשפּרונגען, ארומגענומען מיך, פייערליך מיר דערלאַנגט די האַנד, „איך בין דיינער, אַנדרעי, איך וועל זיין דאָרט, וואו דו" — דאָס זיינען דיינע ווערטער. פון אייביג אָן ביסטו אַ שטיקעל אַקטיאָר. אָבער וואָס איז געוועזען די ענדע? איך בין צוויי מאָל געוועזן אין אויסלאַנד, שטודירט אין פאַרשידענע אוניווערסיטעטען, און קלאָר געוואָ־רען אין אייראָפּאַ, ווי אין אַן אייגען גוט. אמת, רייזען זיינען אַ לוקסוס וואס ניט יעדער קאָן און דאַרף אונטערנעמען; און רוסלאַנד? איך קאָן רוסלאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט. איך בין שטענדיג פאַרנומען...

— אַמאָל וועסטו דאָך אויך זיך אָפּרוען, — האָט באַ־מערקט אָבלאָמאָוו.

— קיינמאָל ניט. פאַרוואס זאָל איך עס טאָן?

— ווען דו וועסט פאַרטאָפּלען דיין פאַרמעגען, — האָט געזאָגט אבלאָמאָוו.

— אפילו ניט דאַמאָלט, ווען איך וועל עס פאַרפירפאַ־כען, — האָט געענטפערט שטאָלץ.

— טאָ צו וואָס מיסטו זיך אזוי, — האָט נאָך אַ קורצען

זאָל זיין די רו, און רוען — הייסט לעבען מיט דער צוויימער, מיט דער אריסטאָקראַטישער זייט פון לעבען, מיט׳ן לעבען פון קינסטלער, דיכטער". און די שטרעבונגען האָט אויך זאכאר פארוואָרפען אין א ווינקעל? דו נעדענקסט, אז נאָכ׳ן שטודי־רען האָסטו געוואָלט באַרייזען פרעמדע לענדער, כדי בעסער צו פארשטעהן און ליבען דאָס אייגענע לאנד? „דאָס גאַנצע לעבען דארף זיין איין גרויסע קייט פון דענקען און טאַטען, — האָסטו דאמאָלט באהויפּט, — ארבייט אומאויפהערליכע, און שטארבען מיט דעם באוואוסטזיין, אז דו האָסט דיין אויפגאַ־בע ערפילט". א? אין וועלכען ווינקעל וואלגערט זיך דאָס ארום ביי דיר?

— יאָ, יאָ... — האָט געזאָגט אַבלאָמאָוו, אויפגערעגטער־הייט נאָכפאָלגענדיג שטאָלצ׳ס יעדען וואָרט, — יאָ... דאכט זיך... אָ, יאָ, — האָט ער א זאָג געטאָן מיט אמאָל דערמאָנענ־דיג זיך די יוגענט, — מיר האָבען זיך דאָך, אנדרעי, געקליבען צום ערשטען באַרייזען גאנץ אייראָפּא אין דער לענג און אין דער ברייט, צופוס דורכגעהן די שווייץ, אפּברענען זיך די פיס אין וועזואוויוס. מיר זיינען דאמאָלט שיער ניט ארונטער פון זינען! אָ, וויפיל נארישקייטען האָבען מיר עס דאמאָלט אָנ־גערעדט!

— נארישקייטען! האָט מיט פארוואורף איבערגע׳חזר׳ט שטאָלץ. — האָסטו ניט מיט טרערען אין די אויגען גערעדט, קוקענדיג אויף ראפאעלס מאדאָנען: „גאָט מיינער! וועט מיר קיינמאָל ניט געלינגען א קוק צו טאָן אויף די אריגינאלען און פארשטיינערט ווערען פון שרעק, וואָס איך שטעה פאר די ווערק פון מיקעל אנדזשעלאָ, טיציאן און מיינע פיס טרעטען אויף דער ערד פון רוים? איז מיר באשערט דאָס גאנצע לע־בען צו זען בלויז אין אראנזשעריען די אלע מירטען, ציפּרע־סען און אראנזשען און ניט אין זייער געבורט־אָרט? ניט אָנ־אָטעמען זיך מיט איטאליענס לופט, ניט אָנטרינקען זיך מיט דער בלויקייט פון אירע הימלען!" אָ, וויפיל גרויסארטיגע פייערווערק האָסטו ארויסגעלאָזען דאמאָלט פון דיין קאָפּ!

א פּאַסענדען אויסדרוק, ווי אָנצוּרוּפן אַט אַזאַ לעבען). דאָס איז אָבלאָמאָווּיזם, — האָט ער ענדליך אַרויסגערעדט.

— אָ־בלאָ־מאָוויזם! — האָט פּאַמעליך אַרויסגערעדט איליא איליטש, וואונדערענדיק זיך פון אַזאַ מין זאָנדערבאַרען אויסדרוק און געגומען אים אַרויס־רעדן זילבענווייז. — אָב־לאָ־מאָ־וויזם!

זאָנדערבאַר און אויפמערקזאם האָט ער געקוקט אויף שטאָלצ׳ן.

— טאָ ווי דאַרף זיין לויט דיין מיינונג דאָס לעבען? וואו איז ניטאָ קיין אָבלאָמאָוויזם? — האָט ער גיך אַרויסגערעדט. — זוכען דען ניט אַלע דאָס, וועגען וואָס איך חלום? — האָט ער מוטיגער צוגעלייגט. — דער ציל פון אַלע אייערע יאָגענישען, מלחמות, האַנדעל, פּאָליטיק, איז עס דען ניט איין גרויס זוכען פון דעם פאַרלאָרענעם גן־עדן?

— אפילו דיינע אוטאָפּיעס זיינען אָבלאָמאָווּשע, — האָט אים געענטפערט שטאָלץ.

— אַלע זוכען רו, — האָט זיך אָבלאָמאָוו פאַרטיידיגט.

— ניט אַלע, און דו אַליין האָסט מיט צען יאָר צוריק געזוכט עפּעס אַנדערש אין לעבען.

— וואָס האָב איך דאָס אַזוינס געזוכט אין לעבען? — האָט מיט אומגלויבען געפרעגט אָבלאָמאָוו, און געזוכט אין געדאַנק אויפצופרישען די פאַרגאַנגענהייט.

— דערמאָן זיך, — האָט שטאָלץ געזאָגט, — וואו זיינען דיינע ביכער, דיינע איבערזעצונגען?

— זאַכאַר האָט זיי ערגעץ־וואו באַהאַלטען, — האָט געענטפערט אָבלאָמאָוו, — וואַלגערען זיך מסתמא ערגעץ אין א ווינקעל.

— אין א ווינקעל! — האָט שטאָלץ אַרויסגערעדט מיט פאַרוואורף. — אין דעם ווינקעל ליגען מסתמא אויך דיינע שטרעבונגען „דינען, ווי לאַנג עס וועט קלעקען כוחות, ווייל רוסלאַנד דאַרף האָבען הענט און מוחות צו באַאַרבייטען אירע אומענדליכע אוצרות (דיינע ווערטער); אַרבייטען, כדי זיסער

— דו האָסט ליב די אריע? איך בין זער דערפון צו־
פרידען; אָלגא אילינסקאיא זינגט וואונדערבאר די דאָזיגע
אריע. איך וועל דיך באקאנען מיט איר — אָט וואס עס הייסט
א קול, אָט וואס עס הייסט זינגען! און אליין וואָס פאר א
וואונדערבארע איז זי! מעגליך, אז איך אורטייל זי פארטיי־
איש: איך האָב א שוואכקייט צו איר... אָבער דו געה ניט אוועק
אָן א זייט, — האָט צוגעלייגט שטאָליץ, — דערצעהל ווייטער.

— נו, — האָט אויף ס'ניי אנגעהויבען אָבלאָמאָוו, —
וואס נאָך? האָסט שוין פאר זיך אלין!.. די געסט צוגעהען זיך
און מאָרגען צוטיילען זיי זיך: ווער עס געהט פישען, ווער
עס נעמט א ביקס, און ווער עס פארברענגט אזוי זיך די צייט...

— דאָס אלץ?

— וואָס נאָך ווילסטו? דו וואָלסט ניט געוואָלט אזוי
לעבען? — האָט געפרעגט אָבלאָמאָוו, — דיר געפעלט ניט אזא
לעבען?

— און דאָס גאנצע לעבען אזוי? — האָט געפרעגט
שטאָליץ.

— ביז גרויע האָר, ביז אין קבר אריין. דאָס הייסט א
לעבען!

— ניין, דאָס איז קיין לעבען ניט!

— פארוואס איז דאָס קיין לעבען ניט? וואָס פעלט דיר
אוים? דו דערמאָן זיך נאָר: זעסט ניט קיין בלייך געזיכט,
קיין ליידענד געזיכט, קיין שום זאָרג, קיין שום דאגות וועגען
סענאַט, וועגען דער בערזע, וועגען רעפּאָרטען, וועגען אמטען,
ראנגען. הערסט בלויז הארציגע געשפּרעכען. מען דארף קיינ־
מאָל זיך ניט איבערקלייבען אויף א נייער דירה, — דאָס אליין
איז שוין ווערט אלץ אין דער וועלט! און דאָס איז ביי דיר
קיין לעבען ניט?

— דאָס איז קיין לעבען ניט! — האָט איינגעשפּאר־
טערהייט ווידערהאָלט שטאָליץ.

— וואָס דען איז עס לויט דיין מיינונג?

— דאָס איז... (שטאָליץ האָט זיך פארטראכט און געזוכט

— און דו אַליין?

— נו, איך וואָלט קיין פּאַראַיאָריגע צייטונגען ניט געלעזען און געגעסען וואָלט איך אויך ניט דאָס, וואָס אונזערע זיידעס האָבען געגעסען. איך וואָלט מיין קוכאר אויסגעלערענט אין ענגלישען קלוב צו קאָכען, אָדער גאר ביים געזאנדטען.

— וואָס ווייטער?

— וואָס ווייטער? ווען עס וועלען קומען די הייסע טעג, וואָלטען מיר אוועקגעשיקט א וואָגען מיט א סאמאָוואר אין פעלד אריין און צווישען די קופּעס אָפּגעשניטען היי, וואָלטען מיר גליקליך פאַרבראַכט ביז'ן אָוועגט. די פּויערים געהען אַהיים פון פּעלד, די קאָסעס אויף די פּלייצעס. אָט געהט פאַרביי א וואָגען מיט היי. פון דער הויך, פון היי ארויס זעט זיך א פּויעריש באַבלימט היטעל און א קינדיש קעפּעל. עס געהט א מחנה באָרוויסע פּויערטעס, זיי רעדען אויפ'ן קול. דערזעענדיג די באַלעבאַטים, ווערען זיי שטיל, נויגען זיך טיף איין... איינע פון זיי, מיט א פאַרברענטען האַלז, מיט אנטבלויזטע עלענבויגענס, מיט שעמעוודיג־ארונטערגעלאָזענע, אָבער כיטרע אויגען, פאַרטיידיגט זיך כלומרשט פון דעם פּריצ'ס לאַסקעס, אָבער זי איז גליקליך... שאַ!.. דאָס ווייב זאָל דאָס נאָר ניט זען... גאָט זאָל באַהיטען...

און אָבלאָמאָוו מיט שטאָלצ'ן האָבען זיך צוקייכט פאַר געלעכטער.

— עס ווערט פייכט אין פעלד, — פאַרענדיגט שטאָלץ, — עס ווערט פינסטער. דער נעבעל הענגט איבער דעם פּעלד; די פערד ציטערען אויף. עס איז צייט אהיים צוגעהן. אין הויז ברענען שוין פייערען, פון קיך טראָגט זיך א קלאַפּעריי פון מעסער... עס הערט זיך מוזיק... קאַסטאַ דיוואַ... קאַסטאַ דיוואַ... איך קאָן אָן אויפרעגונג זיך ניט דערמאָנען, ווי יענע פריילין האָט דאָס געזונגען! אָ, וויפיל טרויער האָט זי אריינגעלייגט אין די טענער! קיינער ארום ווייסט ניט וואָס עס קומט מיט איר פאָר... זי איז אַליין... איר האַרץ ווערט באַשווערט פון א געהיימניס... זי פאַרטרויט איר סוד דער לבנה...

אריבער... און אין דער קיך איז דערווייל לעבעדיג; דער קוכאר אין א ווייסען פארטוך ווי שניי האלט אין איין באוועגען זיך; דאָ נעמט ער ארונטער איין פאן, דא שטעלט ער אוועק א צווייטע, דאָ מישט ער, באלד נעמט ער וועלגערען טייג.. די מעסער האלטען אין איין קלאפּען... דאָ בראָקט מען גרינס, דאָ פארפערטיגט מען געפראָרענס... עס איז אנגענעם א קוק צו טאָן אין קיך אריין, זען ווי אל'ז ווערט צוגעגרייט. דערנאָך זיך צולייגען אויף דער סאָפע; די פרוי לעזט פאר א נייע זאך... עס קומען געסט, למשל, דו מיט דיין פרוי...

— מיך געהסטו אויך חתונה מאכען?

— אומבאדינגט! נאָך א צוויי־דריי נאָענטע באקאנטע. מיר הויבען אָן פון דאָס ניי דעם געשפרעך, וואָס מיר האָבען נעכטען אונטערבראָכען; עס הערען זיך וויצען, אָדער מען שווייגט אזוי שעהן, מען ווערט פארזונקען אין געדאנקען — ניט וועגען א פארלאָרענער שטעלע, וועגען עפּעס א פּראצעס; מען פילט דאָס פארגעניגען פון ערפילטע וואונשען, פארלאנגען. מען הערט ניט קיין שטעכווערטלעך אויף דעם אדרעס פון דעם, וואָס איז נאָר וואָס ארויס, דו פילסט ניט אויף זיך קיין בליקען, וואָס זאָגען דיר צו דיך אויך אזוי צו באהאנדלען, ווי נאָר דו וועסט הינטער זיך פארמאכען די טיר. ווען דו האָסט ניט גערן, ווער עס איז דיר ניט נאָענט, מיט דעם קומסטו זיך ניט צוזאמען. אין די בליקען פון דיינע פריינד זעסטו מיטגעפיל, און אין די וויצען — אן אמת'ן, און ניט קיין בייז־וויליגען געלעכטער... און וואָס עס איז אין די אויגען, איז אין הארצן! נאָכ'ן מיטאָג געהט מען ארויס אויף דער טעראסע...

— דו מאָלסט פאר מיר א לעבען, פּונקט אזא ווי עס האָט זיך נעפירט ביי די זיידעס און עלטער־זיידעס.

— ניין, ניט אזא, — האָט זיך אפּגערופען אבלאָמאָוו כמעט א באליידיגטער. — איז דאָס ווי ביי די זיידעס? איז דען מיין פרוי פארנומען מיט איינגעמאכטס, לייווענט? פּאטשט זי די דינסט־מיידלעך? הערסט דאָך אז איך רעד וועגען ביכער, נאָטען, פּיאנאָ, עלעגאנטע מעבעל.

דער באַלקאָן אָפען; די פרוי אין א יאַקעל, אין א לייכט הייבעל, וואָס האַלט זיך קוים, אָט, אָט, פאַלט עס ארונטער פון קאָפּ... דאָס וואַרט זי אויף מיר. „דער פרישטיק איז פאַרטיג", זאָגט זי. אָ, וואָס פאַר א קוש! אָ, וואָס פאַר א פרישטיק! דער טיש איז גערעקט מיט צוויבאַק, מיט שמאַנט, מיט נאָר וואס אויסגעשלאָגענע פוטער.

— און דערנאָך?

— דערנאָך טו איך אָן דעם ראָק, אָדער א פּשוט רעקעל און, ארומנעמענדיג די פרוי ביי דער טאַליע, געה איך אַוועק מיט איר אין דער אומענדליך טיפער אליי; מיר געהען זיך שטיל, פאַרטראַכט, שווייגענדיגערהייט, אָדער באַנטאַזירען אויפ'ן קול, צעהלען די מינוטען פון גליק, ווי מען צעהלט דאָס קלאַפּען פון פולס; הערען ווי עס שלאָגט און עס שטאַרבט אָפּ דאָס האַרץ; זוכען מיטגעפיל אין דער נאַטור... מיר געהען ארויס צום טייכעל, צום פעלד... קוים וואָס עס מורמעלט דאָס טייכעל; דער ווינט באַוועגט די זאַנגען... מען זעצט זיך אין שיפעל... דאָס ווייב רודערט, קוים וואָס זי הויבט אויף דעם רודער...

— א פּאָעט ביסטו, איליא, באמת א פּאָעט! — האָט אים איבערגעשלאָגען שטאָלץ.

— יאָ, א פּאָעט אין לעבען, ווייל דאָס לעבען איז פּאָעזיע! ווער הייסט די מענשען מיאוס מאַכען דאָס לעבען? דערנאָך קאָן מען זיך ארייכאַפּען אין דער אראנזשערי, — האָט אָבלאָמאָוו פאָרטגעזעצט, ווערענדיג אליין מיטגעריסען פון דעם אָנגעצייכענטען גליק.

— באַקוקען די וויינטרויבען, — האָט ער ווייטער גערעדט, — הייסען דעקען דעם טיש, האָבען א לייכטען ביס און וואַרטען אויף געסט... אָט קומט אָן פאַר דער פרוי א צעטעלע פון עפּעס א מאַריאַ פּעטראָוונא מיט א בוך און מיט נאָטען, אָט האָט עמיצער געשיקט א מתנה אָן אנאַנאַס, אָדער ביי דיר אליין איז צייטיג געוואָרען אָן ארבוז — שיקסטו אים אַוועק צו א גוטען פריינד אויף מאָרגען צום מיטאָג און געהסט אליין אויך

ער האָט זיך צושמייכעלט.

— איצט קאָנסטו געהן.

— פריין! — האָט ווידערהאָלט שטאָלץ און צוקייכט זיך פאר געלעכטער.

— דזשענטעלמען, — האָט מיט ערגערניש אים פאריכט אָבלאָמאָוו.

— ניין, ברודער, דו ביסט א פריץ! — האָט לאכענדיג נאָכאמאָל געזאָגט שטאָלץ.

— וואָס איז דער אונטערשיד? — האָט געזאָגט אָבלאָ־מאָוו. — א דזשענטעלמען איז א פריץ.

— א דזשענטעלמען איז אזא פריץ, — האָט אים ער־קלערט שטאָלץ, — וואָס טוט זיך אליין אָן די זאָקען און טוט זיך אליין אויס די שיך.

— געוויס, אן ענגלענדער טוט אלץ אליין, ווייל ביי זיי איז ניטאָ קיין סך באדינער, אָבער א רוסישער...

— דו דערענדיג מיר אויסצומאָלען דעם אידעאל פון דיין לעבען... גוטע באקאנטע ארום; וואָס ווייטער? ווי פאַר־ברענגסטו דיינע טעג?

— איך הויב זיך אויף אין־דער־פרי, — האָט אָנגעהויבען אָבלאָמאָוו, פארלייגענדיג די הענט ארום נאקען, און איבער זיין פנים האָט זיך צוגאָסען אזא רואיגקייט: אין געדאנק איז ער שוין געוועזן אין דאָרף. — דער מאָרגען איז א שעהנער, דער הימעל בלוי, קיין איינציג וואָלקענדעל זעט זיך ניט, — האָט ער געזאָגט; — לויט מיין פּלאַן דארף איין טייל פון הויז מיט א באלקאָן זיין געווענדט צום מזרח, צום גאָרטען, צו די פעלדער, די צווייטע — צום דאָרף. ערוואַרטענדיג דאָס אויפ־שטעהן פון מיין פרוי, טו איך מיר אן דעם שלאָפראָק און געה מיר דערווייל אביסעל שפּאצירען אין גאָרטען ארום; אין גאר־טען באגעגען איך דעם גערטנער, צוזאמען באגיסען מיר די בלומען, שערען אונטער די בושען, די בוימער. איך קלייב צוזאמען א בוקעט פאר מיין פרוי. דערנאָך נעם איך א וואנע, אָדער געה צום טייך זיך באָדען. ווען איך קום צוריק איז שוין

אויסגעבויט הויז; אַרום מיר וואוינען ליבע שכנים, דו, למשל... ניין, דו וועסט שוין אין דיין לעבען ניט קאָנען איינזיצען אויף איין פּלאַץ.

— און דו אליין וואָלסט געקענט שטענדיג זיצען אויף איין פּלאַץ? קיינמאָל ניט ארויסצופאָרען?

— אין ערגעץ ניט.

— פאַרוואס האלט מען אין איין בויען אומעטום באַנען, שיפען, אויב דער אידעאַל פון לעבען איז צו זיצען אויף איין פּלאַץ? לאָמיר זיי מאַכען אַ פאַרשלאַג אָפּצושטעלען דאָס אַלץ; מיר קלייבען זיך דאָך אין ערגעץ ניט צו פאָרען.

— אָן אונז, — האָט געענטפערט אָבלאָמאָוו, — איז נאָך דאָ אַ סך מענשען אויף דער וועלט; ס'איז וויניג פאַרהאַן הענדלער, אָנגעשטעלטע, באַאַמטע, פאַרוואַלטער און אַזוי פּוסט און פּאַסניקעס, וואָס האָבען קיין אייגען ווינקעל ניט? זאָלען די לייט פאָרען.

— און ווער ביסטו אַזוינס?

אָבלאָמאָוו האָט געשוויגען.

— צו וועלכען שטאַנד אין דער געזעלשאַפט רעכענסטו זיך צו?

— פרעג זאַכאַר'ן, — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו.

שטאָלץ האָט בוכשטעבליך אויסגעפאָלגט אָבלאָמאָוו'ס פאַרלאַנג.

— זאַכאַר! — האָט ער אַ געשריי געטאָן.

זאַכאַר איז אריינגעקומען מיט פאַרשלאָפענע אויגען.

— ווער אַזוינס ליגט דאָרט? — האָט שטאָלץ געפרעגט.

זאַכאַר האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעטשוכעט, און מיט פאַר־דאַכט, פון דער זייט, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף שטאָלצ'ן און דערנאָך אויף אָבלאָמאָוו'ן.

— וואָס הייסט ווער? איר זעט דען ניט?

— איך זע ניט, — האָט געזאָגט שטאָלץ.

— וואָס הייסט, ווער עס ליגט דאָרט? דאָרט ליגט דער פּריץ איליאַ איליטש.

— ווייס נאָר ווי אויפצוציען די קינדער, וועלען זיי שוין אליין זארגען פאר זיך, ווען זיי וועלען עלטער ווערען.

— ניין, פון אַדעליגע קינדער מאכט מען ניט קיין האנד־ווערקער! — האָט אים טרוקען איבערגעשלאָגען אָבלאָמאָוו. — און אפילו אויסער קינדער איז מען אויך מער ווי צוויי. עס רעדט זיך בלויז אזוי, אין צווייען מיט דער ווייב, אין אמת'ן אָבער, ווי נאָר מען האָט חתונה, הויבען זיך אין הויז באַווייזען עפּעס פארשידענע ווייבער. גיב א קוק אין דעם ערשטען בעס־טען פארהייראטען הויז און דו וועסט דערזען פארוואנדטע און ניט פארוואנדטע, און אזוי ווייבער, און וואוינען זיי ניט דאָ, קומען זיי יעדען טאָג אויף א טאַסע קאָפע, אָדער גאר צום מיטאָג... ווי אזוי קאָן מען מיט דריי הונדערט נפשות אויס־האלטען א גאנצען פאנסיאָן?

— אָנגענומען, אז דו ביסט גערעכט. וואס וואָלסטו אָבער געטאָן, ווען מען זאָל דיר אוועקשענקען א דריי הונדערט טויזענט רובעל? — האָט מיט גרויס נייגעריגקייט געפרעגט שטאָלץ.

— איך וואָלט זיי גלייך אוועקגעטראָגען אין לאָמבארד אריין, — האָט זיך אָפּגערופען אָבלאָמאָוו, — און געלעבט פון די פּראָצענטען.

— דאָרט צאָלט מען א קליינעם פּראָצענט; פארוואס ניט בעסער אָפּגעבען דאָס געלט אין א האנדעלס־געזעלשאפט, לאָמיר זאָגען אין אונזערער.

— ניין, אנדרעי, מיך וועסטו ניט ארייננארען.

— וואָס? דו וואָלסט אפילו מיר מורא געהאט צו גע־טרויען?

— יאָ, געוויס! ניט איך האָב מורא דיר צו געטרויען, אָבער אלץ קאָן אמאָל פאסירען: די געזעלשאפט קאָן אמאָל באַנקראָטירען און איך בלייב דאמאָלט אָן א גראָשען ביי דער נשמה.

— זאָל זיין אז דו ביסט גערעכט; אָבער וואָס וואָלסטו אָנגעהויבען צו טאָן?

— איך וואָלט מיר געקומען אין מיין ניי, געמיטליך־

— לאמיך גאר ענדיגען דעם פלאן... — האט ער גע־זאגט. — זאל זיי נעמען דאס גוטע יאר! — האט ער צונגע־לייגט מיט ערגעניש. — איך האב צו זיי גארניט! איך זע אבער אין דעם אלעם ניט קיין נארמאל לעבען. ניין, דאס איז קיין לעבען ניט! דאס איז א פארקריפלונג פון דעם אי־דעאל פון לעבען, וואס די נאטור האט אונז אנגעוויזען...

— וואס איז אזוינס דער אידעאל פון לעבען? — האט געפרעגט שטאלץ.

אבלאמאוו האט ניט געענטפערט.

— זאג שוין מיר אמאל, וואס פאר א סארט לעבען האסטו פאר זיך אנגעצייכענט? — האט שטאלץ ווידער אמאל געפרעגט.

— איך האב מיר שוין אנגעצייכענט.

— וואס פאר א לעבען? זיי ניט איינגעשפארט און דערצעהל שוין אמאל, וויאזוי?

— וויאזוי? — האט איבערגעפרעגט אבלאמאוו און אי־בערגעקערט זיך אויף דער פלייצע. — ווי אזוי? צום ערשטען וואלט איך אוועק אין דארף אריין.

— ווער שטערט דיר אין דעם?

— דער פלאן איז נאך ניט פארטיג. און אוועקפארען וואלט איך ניט אליין, נאר מיט א ווייב...

— אזוי גאר! נו, זאל זיין מיט מזל! אבער אויף וואס ווארסטו? נאך אין דריי־פיר יאר ארום וועט שוין קיינער ניט וועלען חתונה האבען מיר דיר.

— וואס קאן איך מיר העלפען? איך האב קיין מזל ניט!

— האט געזאגט אבלאמאוו. — די אומשטענדען ערלויבען ניט.

— וואס רעדסטו? און אבלאמאווקע? און די דריי הונדערט נפשות?

— דאס איז ניט גענוג אויף צו קענען דורכקומען מיט א פרוי.

— פאר צווייען ניט גענוג?

— און קינדער?

— דו ביסט אן אמת׳ר פילאָזאָף, איליא! — האָט גע־זאָגט שטאָלץ. — אלע ראגה׳נען, בלויז דו אליין דארפסט גארנישט ניט!

— נעם, למשל, אָט דעם געלען הער אין די ברילען. — האָט ווייטער גערעדט אָבלאָמאָוו. — ער איז צוגעשטאַנען צו מיר, צי איך האָב געלעזען די רעדע פון א געוויסען דעפּוטאַט, און ער האָט אויסגעשטעלט אויף מיר א פּאָר אויגען, ווען איך האָב אים געזאָגט, אז איך לעז בכלל קיין צייטונגען נים. און ער האָט אנגעהויבען צו רעדען וועגען לואי פיליפּ׳ן, ווי ער וואָלט געווען זיין פאָטער. דערנאָך האָט ער זיך צוגעטשעפּעט צו מיר, וואָס איז מיין מיינונג וועגען דעם, וואָס דער פראַנ־צויזישער געזאַנדטער האָט פארלאָזען רוים. היינט האָט מעכ־מעט־אלי געשיקט א קריגס שיף קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ברעכט ער זיך גלייך דעם קאָפּ: צו וואָס? מאָרגען ליידט דאָן קארלאָס א נידערלאגע, איז ער זער צוטראָגען. דאָ גראָבט מען א קאנאל, דאָרט האָט מען אוועקגעשיקט אן אָפּטיילונג מילי־טער, — מאכט ער דאָס א טומעל, ווי אויף אים וואָלט געשיקט געוואָרען דאָס מיליטער. זיי קלייבען יעדע זאַך פאַנאַנדער פון אלע זייטען, אָבער זיי אליין איז לאנגווייליג; דורך די אלע גע־שרייען הערט זיך א ניט אונטערבראָכען שנאָרכען. זיי רעדען בלויז, דער גאנצער ענין אינטערעסירט זיי ניט! וואס צו טאָן האָבען זיי ניט, ווארפען זיי זיך אויף אלע זייטען, ניט צילענדיג זיך אין ערגעץ! אונטער זייער אליץ ארומנעמענדיגען גייסט ליגט פארבאָרגען פוסטקייט, א גלייכגילטיגקייט צו אלץ אין דער וועלט. אָבער אויסקלייבען פאר זיך א באשיידענעם, מיזאמען וועג און געהן אויף אים — דאָס הייסט לאנגווייליג; דאָ העלפט שוין ניט דאָס גרויסע וויסען, דאָ קאָן מען שוין ניט שיטען קיין זאמד אין די אויגען.

— אָט זעסטו, איליא, מיר האָבען זיך ניט פאנאנדערגע־וואָרפען. אבער וואו איז אונזער מיזאמער וועג? — האָט געפרעגט שטאָלץ.

אָבלאָמאָוו איז מיט אמאָל אנטשוויגען געוואָרען.

וואָס דריקען זיי אזוי היים זיך איינער דעם צווייטען די הענט? ניטאָ ביי זיי קיין אמת געלעכטער, קיין אמת מיטגעפיל! אלץ וואָס זיי זוכען איז א הויכען ראנג, א נאָמען. „איך בין געווען ביי דעם, דער איז געווען ביי מיר", האַלטען זיי זיך אין איין בארימען... וואס איז דאָס פאר א מין לעבען! וואָס קאָן איך זיך ביי זיי אויסלערנען, וואָס פאר א נוצען קאָן איך האָבען דערפון?

— ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגען, איליא? — האָט געזאָגט שטאָלץ. — דו ארגומענטירסט ווי א פארצייטיגער מענש: אין אלע אלטע ביכער געפינט מען די זעלבע טענות. אָבער דאָס איז שוין אויך עפּעס ווערט: שלאָפסט אמוועניג־סטענס ניט, טראכסט אביסעל. וואס נאָך האָסטו צו זאָגען? רעד ווייטער.

— וואָס איז דאָרט דאָ ווייטער צו רעדען? גיב נאָר א קוק: קיין איינער האָט ניט קיין פרישען, געזונטען אויסזען.

— די שולד פון קלימאַט, — האָט אים איבערגעשלאָגען שטאָלץ, — דו לויפסט דאָך ניט ארום, דו ליגסט דאָך שוין אויף איין פלאַץ, און דאָך איז דיין פּנים אויך זער צוקנייטשט.

— קיין איינער פון זיי האָט ניט קיין קלאָרען, רואיגען בליק, — האָט אָבלאָמאָוו ווייטער גערעדט, — איינער נעמט זיך אָן פון צווייטען מיט עפּעס אזא פיינליכער פארזאָרגטקייט, מיט אזא בענקשאפט, מיט אזא קרענקליכער גייציגקייט. זיי ווערען בלייך, ווען א צווייטען געהט גוט, ווען א חבר זייערער האָט ערפאָלג. איינער איז באַזאָרגט דערפון, וואָס מאָרגען איז שוין ענדליך דער פּראָצעס, וואָס האָט זיך געצויגען פינף יאָר און, ווי עס זעט אויס, וועט דער צווייטער צד געווינען. און ער איז גאַנצע פינף יאָר געווען פארנומען מיט דעם איינ־ציגען געדאנק, ווי יענעם צו באגראבען און אויף דעם אומגליק פון זיין חבר אויפצובויען זיין גליק. איינער פילט זיך אומ־גליקליך, וואס ער איז פאראורטיילט יעדען טאָג צו ארבייטען ביז פינף אין אָווענט, און א צווייטער זיפצט וואס ער איז ניט אזוי גליקליך ווי דער...

שוין טויזענטער מאָל געזעדט! — האָט באמערקט שטאָלץ.— האָסט ניט קיין נייערע ארגומענטען?

— און אונזער יוגענט, די בעסערע אפילו, וואס טוט זי? זי שלאָפט דאָך אפילו ווען זי פאָרט ארום אויף ניעווסקי פראָס־פעקט, אָדער ווען זי טאַנצט. פוסט־און־פּאָס פארברענגגען זיי די טעג. און גיב נאָר א קוק מיט וויפיל שטאָלץ און אומבא־גרייפליכער ווירדע, און מיט וואָס פאר א אפשטויסענדען בליק זיי קוקען אויף די, וואָס זיינען אָנגעטאָן ניט ווי זיי, וואָס האָבען ניט דיזעלבע אמטען און ראנגען ווי זיי. און די דאָזיגע אומגליקליכע מענשען שטעלען זיך נאָך פּאָר, אז זיי שטייען העכער פון דער מאסע; „מיר פארנעמען אזוינע אמטע ווי זעלטען ווער אנדערש; מיר זיצען אין די ערשטע רייען; בלויז אונז האָט גראף נ. געלאדען צו זיך אויפ'ן באָל"... און קומען זיי זיך צוזאמען, שיכור'ן זיי זיך אָן און צושלאָגען זיך, ווי ווילדע! דאָס הייסט לעבעדיגע, ניט פארשלאָפענע מענ־שען! און ניט בלויז די יוגענט איז אזוי, גיב א קוק אויף די דערוואַקסענע! ווען זיי קומען זיך צוזאמען פרעסען זיי זיך אָן, פילסט ניט ביי זיי קיין גוטהארציגקייט, קיין גוטסקייט, קיין אינטערעס פון איינעם צום צווייטען. זיי קומען צו א פעסט, צו א מיטאָג אָן א פונק פון פרייד, ווי עס וואָלט גע־לעגען אויף זיי א חוב; אָן ווארעמקייט, אזוי ווי זיי וואָלטען געקומען בלויז דערפאר, וואָס זיי זאָלען זיך קאָנען אויסגרויסען מיט דער איינלאדונג. ביים מיטאָג מיט דריי טעג צוריק, האָב איך ניט געוואוסט וואו זיך אהינצוטאָן, ווען עס האָט זיך אָנ־געהויבען דאָס בארעדען די אָפוועזענדיגע; כאָטש געה און קריך אונטער'ן טיש ארונטער! „דער איז א אידיאָט, דער איז א געמיינער מענש, דער — א גנב, יענער — קאָמיש" — דאָס איז וואס זיי האָבען צו זאָגען איינער וועגען דעם צווייטען! און רעדענדיג דאָס, קוקען זיי איינער אויפ'ן צווייטען מיט אויגען, וואס זאָגען: „זאָל זיך נאָך דיר פארמאכען די טיר, און דו ועסט באקומען די זעלבע פּאָרציע".. צו וואָס קומען זיי זיך צוזאמען, אויב זיי האָבען וועגען זיך אזא מיינונג? פאר־

ציגקייט, דאס פארקריכען יענעם דעם וועג, די רכילות, די באַ־רערעניישען, דאס באקוקען יענעם פון קאפ ביז די פיס. און הערט מען זיך איין צו זייערע רייד, הויבט זיך דער קאפ אן צו דרייען, ווערסט טעמפ. לויט'ן אויסזען, דאכט זיך, זיינען זיי גאנץ קלוגע מענשען, מענשען מיט ווירדע, אבער הערען הערט מען פון זיי בלויז: „דעם האט מען געגעבען, דער האט באקו־מען אין ארענדא". „פארוואס קומט דאס אים?" הערט זיך א צווייטע שטימע. „דער האט נעכטען פארשפילט אין קלוב"; „דער נעמט דריי הונדערט טויזענט!" לאנגווייליג, לאנגווייליג, לאנגווייליג! וואו איז דא דער מענש? וואו איז דא די ווירדע פונ'ם מענשען? וואו האט ער זיך באהאלטען? פארוואס האט ער זיין נשמה אויסגעביטען אויף אזוינע קלייניגקייטען?

— עפעס מוז דאך פארט פארנעמען דעם מענש און די געזעלשאפט, האט געזאגט שטאלץ, — יעדער איינער האט זיך זיינע אינטערעסען. דאס איז דאס לעבען...

— וועלט, געזעלשאפט! איך גלויב, אז דו שיקסט מיך גערעכנווייליג אין אט דער וועלט אריין, כדי איך זאל פארלירען יעדען פארלאנג צו דער דאזיגער וועלט. קוק זיך איין, אנדרעי, צום צענטער פון ד' אינטערעסען, וואס פארנעמען די דאזיגע געזעלשאפט: עס איז פלאך, ניטא קיין טיפער געפיל. זיי זיינען מתים, אט די מענשען פון דער געזעלשאפט, זיי זיינען פארשלאפען, זיי זיינען פיל ערגער פון מיר. וואס איז דאס ציל פון זייער לעבען? גוט, זיי ליגען ניט אין בעט, נאר זשומען די טעג אפ ווי פליגען, אבער וואס קומט דערפון ארויס? געהסט אין זאל אריין קאנסטו זיך ניט אפוואונדערען ווי סי־מעטריש עס זיינען אויסגעזעצט די געסט, ווי טיפזיניג און רואיג זיי זיצען ביי די קארטען. א, יא! זעהר א א גרויסע לעבענס אויפגאבע! יעדער זוכענדער מוח דארף ארונטערנע־מען א ביישפיל פון זיי! זאג, זיינען דאס ניט קיין מתים? שלאפען זיי ניט זייער גאנץ לעבען? מיט וואס בין איך ערגער פון זיי, ווען איך ליג מיר אין דער היים?

— דאס איז שוין אלט ווי די וועלט, וועגען דעם האט מען

## 4.

כאָטש עס איז שוין ניט געווען זעהר פרי, האָבען זיי דאָך באַוויזען צו באַזוכען ווענען זיי האָבען געדאַרפט וועגען געשעפט, דערנאָך האָט שטאָלץ געכאַפּט אויפ'ן וועג עפּעס א גאָלד־הענדלער און מיט אים געהאַט מיטאָג, דערנאָך זיינען זיי אַוועק אויף דער זומער־וואוינונג פון דעם הענדלער אויף א גלעזעל טיי, באַגעגענט דאָרט פיל מענשען, און אַבלאָמאָוו איז פון פולשטענדיגער איינזאַמקייט מיטאַמאָל אריינגעוואָרפען געוואָרען אין דער געזעלשאַפט פון א סך מענשען. אהיימגעקומען זיינען זיי זעהר שפּעט ביי נאַכט.

אַזוי אין דער צווייטער טאָג, דער דריטער, די גאַנצע וואָך אומבאַמערקטערהייט פאַרביי. אַבלאָמאָוו האָט פּראָטעסטירט, באַקלאָגט זיך, דיסקוטירט, אָבער ער האָט זיך געלאָזט איבער־רעדען און אומעטום באַגלייט זיין פריינד.

איינמאָל ווען זיי זיינען שפּעט אהיימגעקומען, איז אַב־לאָמאָוו באַזונדערס שטאַרק אַרויסגעטראָטען נעגען אָט דעם גאַנצען טומעל.

— גאַנצע טעג, — האָט ער, אָנטוענדיג דעם שלאָפראָק, געגומען ברומען, — נעמט מען ניט אַרונטער די שטיוועל פון די פיס. ניין, עס געפעלט מיר ניט אייער פּעטערסבורגער לע־בען! — האָט ער ווייטער גערעדט, לייגענדיג זיך אויף דער סאָפע.

— וואָס פאַר א לעבען געפעלט דיר יאָ? — האָט אים שטאָלץ געפרעגט.

— ניט אַזא ווי דאָס.

— וואָס, אייגענטליך געפעלט דיר ניט אין דעם פּעטערס־בורגער לעבען?

— אַלץ. דאָס שטענדיגע אומאויפהערליכע אַרומלויפען, דער שפּיל פון די קליינע ליידענשאַפטען, באַזונדערס די גייַ־

גערופען זאכאר. — און וואס זאל איך טאן מיט׳ן מיטאג?

— טייל זיך מיט׳ן מיטאג מיט וועמען דו ווילסט.

— צו אייער דינסט, הער.

אין א צען מינוט ארום איז שטאלץ אריינגעקומען אן אויסגעפוצטער, א ראזירטער, א פארקאמטער, אבער אבלאמאוו איז נאך אלץ געזעסען אויף זיין בעט און פאמעליך פארשפילעט זיך דאס העמד; אבער די קנעפלעך זיינען ניט אריינגעפאלען אין די לעכלעך. אויף די קני איז פאר אים געשטאנען זאכאר, ווי א שיסעל, האט ער געהאלטען א שמוציגען שטיוועל אין דער האנט, זייענדיג גרייט אים אנצוטאן, ווען דער הער וועט פארטיג ווערען מיט׳ן פארשפילען זיך דאס העמד.

— דו האסט נאך די שיך ניט אנגעטאן? — האט שטאלץ פארוואונדערט געפרעגט. — גיכער, איליא, גיכער!

— אבער צו וואס? וואס וועל איך דארט טאן? — האט מיט טרויער געזאגט אבלאמאוו. — איך וויל ניט... לאז מיך צו רו...

— גיכער, גיכער, — האט צונעאיילט שטאלץ.

— אָבער וואָס טוסטו ביי אים? וועגען וואָס רעדט איר? — האָט שטאָלץ געפרעגט אָבלאָמאָוו׳ן.

— ביי אים אין הויז איז אזוי געמיטליך, אזוי היימליך. די צימערען זיינען קליינינקע, די סאָפעס זיינען טיפע, מען קאָן פארזונקען ווערען אין זיי, אז מען זאָל זיך ניט ארויסזען. מיט עפיי און קאקטוסען זיינען פארשטעלט די פענסטער, מער ווי א טוץ קאנארייען זיינען ביי אים פאראן, דריי הינט האָט ער, אזוינע גוטע הינט! מיט דעליקאטעסען איז פול דער בו־פעט. די גראוויורען ביי אים אין הויז שטעלען פאר סצענען פון פאמיליען־לעבען. אז מען קומט אהין ווילט זיך ניט אוועק־געהן. זיצסט דיר אָן דאגות, טראכסט וועגען גאָרניט, האָסט בלויז דאָס באוואוסטזיין, אז נעבען דיר זיצט א מענש... אמת, ניט זער קיין קלוגער, האָסט מיט אים קיין סך ניט וואס צו ריידען, דערפאר אָבער א גוטער, א גלייכגילטיגער, ניט קיין כיטרער, א מענש אָן פרעטענציעס, וועט דיך אונטער די אויגען ניט באריידען.

— וואָס טוט איר אָבער דאָרט?

— וואָס מיר טוען? אז איך קום, זעצען מיר זיך איינער נעגען דעם צווייטען אויף דער סאָפע; ער — רויכערט...

— און דו?

— איך רויכער אויך, איך הער זיך איין ווי די פייגעל זינגען. שפעטער ברענגט מארפא אריין דעם סאמאָוואר.

— טאראנטיעוו, איוואן געראסימיטש! — האָט שטאָלץ געזאָגט, ציענדיג די אקסלען. — טו זיך שוין גיכער אָן, — האָט ער אונטערגעיאָגט אָבלאָמאָוו׳ן.

— און טאראנטיעוו׳ן, ווען ער וועט קומען, זאָג, — האָט ער צוגעלייגט, ווענדענדיג זיך צו זאכאר׳ן, — אז מיר מיטאָגען ניט אין דער היים און אז איליא איליטש וועט דעם גאנצען זו־מער ניט עסען אין דער היים, און אז צו הערבסט וועט ער זיין זער פארנומען, און אז עס איז אוממעגליך צו טרעפען זיך מיט אים...

— איך וועל זאָגען, אליץ וועל איך זאָגען, — האָט זיך אָפ־

— צו אייער באפעל, אנדרעי איוואניטש, איך וועל נאר פריער אפפוצען די שיך, — האט געזאגט זאכאר.

— פינף אזייגער אין אווענט און די שיך זיינען נאך ניט אפגעפוצט?

— אייגענטליך זיינען זיי שוין יא געפוצט, שוין איבער א וואך ווי זיי שטעהען אויסגעפוצטע, נאר אזוי ווי דער שררה איז פון דאמאלט ניט ארויס פון הויז, זיינען זיי ווידער פאר־שטויבט געווארען.

— גיב זיי אזוי. דו טראג אריין אין גאסט־צימער מיין קופערט; איך וועל זיך ביי אייך אפשטעלען. איך געה זיך איבערטאן און דו זיי אויך פארטיג. מיטאגען וועלען מיר אויפ'ן וועג, דערנאך וועלען מיר צופארען אין א צוויי־דריי הייזער, און...

— אזוי פלוצים... לאז מיך קומען צו זיך... לאז מיך איבערטראכטען... איך בין דאך אפילו ניט ראזירט...

— האסט ניט צו וואס צו טראכטען און קראצען זיך דעם נארען... — האט זיך אפגערופען שטאליץ. — גאלען וועסטו זיך אויפ'ן וועג: איך וועל דיך שוין צופירען צו א ראזירער.

— וואו קלייבסטו זיך דאס צו פארען? — האט בא־קימערט אויסגעשריען אבלאמאוו. — צו אומבאקאנטע? וואס דיר קאן איינפאלען! איך וועל שוין ליבערשט מיר צונעהן צו איוואן גערסימאוויטש'ן: שוין דריי טעג ניט געווען.

— ווער איז דער איוואן גערסימאוויטש?

— דער, וואס האט צוזאמען מיט מיר געדינט.

— א, איך וויים שוין! א גרויער, יא? אסור צי איך וויים וואס פאר א פארגעניגען דו האסט, וואס דו פארברייגנסט דיין צייט מיט אזא אידיאט!

— א, אנדרעי, ווי שארף דו דריקסט זיך אמאל אויס וועגען מענשען! און ער איז דאך זער א וואוילער מענש, דאס איינציגע שלעכטע אין אים איז, וואס ער טראגט ניט קיין האלענדישע העמדער.

שטאָלץ האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ, אָבלאָמאָוו האָט א זיפץ געטאָן.

— דו פוילסט זיך אפנים אפילו צו לעבען? — האָט אים געפרעגט שטאָלץ.

— יאָ, אנדרעי, אין דעם איז אויך דאָ א סך אמת: איך פויל זיך.

אנדרעי האָט געזוכט אין קאָפּ א פראגע, וואָס זאָל אָנ־נעמען אָבלאָמאָוו'ן פאר דער לעבער, דערווייל האָט ער אים שווייגענדיג באטראכט און מיטאמאָל זיך צולאכט.

— וואָס טראָגסטו עפּעס צוויי פארשידענע זאָקען? — האָט מיט אמאָל באמערקט שטאָלץ. — און דאָס העמד טראָג־סטו פארקערט.

אָבלאָמאָוו האָט א קוק געטאָן צום ערשטען אויף די פיס, דערנאָך אויפ'ן העמד.

— דו ביסט גערעכט, — האָט ער שעמענדיג זיך מודה געווען, — א שטראָף פון גאָט איז אויף מיר אָט דער זאכאר! דו קענסט דיר גאָרניט פאָרשטעלען ווי ער האָט מיך אויסגע־מאטערט! ער ענטפערט אָפּ, זידעלט זיך, אָבער קיין שטאָך ארבייט טוט ער נים.

— אָך, איליא, איליא! — האָט ארויסגערעדט שטאָלץ.

— זיי זיכער, אַז איך וועל דיר אזוי ניט איבערלאָזען. אין א וואָך ארום וועסטו זיך ניט דערקאָנען. שוין היינט אָוועגט וועל איך דיר איבערגעבען א גענויעם פּלאַן וואָס איך קלייב זיך צו טאָן מיט דיר און מיט מיר, און איצט טו זיך אָן. איך וועל דיך שוין איצט אביסעל אויפטרייסלען! זאכאר! — האָט ער א געשריי געטאָן. — איליא איליטש וויל זיך אָנטאָן.

— וואָס איז מיט דיר אזא איילעניש? אָט דארפען באלד קומען טאראנטיעוו מיט אלעקסעיעוו'ן צום מיטאָג. דערנאָך האָבען מיר געזאָלט...

— זאכאר, העלף איליא איליטש'ן זיך אָנטאָן, — האָט, ניט אבטענדיג אויף זיינע רייד, געזאָגט שטאָלץ.

— מיט דעם וואָס דו אנערקענסט עס, רעכטפערטיגסטו זיך נאָך ניט.

— ניין, איך זאָג בלויז נאָך דיינע ווערטער; איך רעכט־פערטיג זיך ניט, — האָט אַרויסגערעדט אָבלאָמאָוו מיט א טיפען זיפץ.

— מען מוז אָבער באפרייען זיך פון דעם דאָזיגען שלאָף.

— פריער האָב איך עס פּרובירט איז עס מיר ניט גע־לונגען, אָבער איצט. צו וואָס? קיין שום זאך רייצט ניט, די נשמה רייסט זיך ניט מער, דער שכל דרעמעלט זיך רואיג!

— האָט ער מיט אַ קוים באמערקטער פארביטערטקייט ארויס־גערעדט. — לאָמיר וועגען דעם בעסער ניט ריידען... דו דער־צעהל מיר בעסער פון וואנען קומסטו איצט.

— פון קיעוו. אין א צוויי וואָכען ארום פאָר איך קיין אויסלאנד. קום אויך מיט מיר.

— יאָ, פארוואָס ניט... — האָט אָבלאָמאָוו באשלאָסען.

— זעץ זיך טאקע גלייך אוועק און שרייב אָן א ביטע וועגען אן אויסלענדישען פּאַס, און גיב זי אָפּ מאָרגען.

—ניט אנדערש ווי מאָרגען! ...— האָט אָנגעהויבען אָב־לאָמאָוו, כאפּענדיג זיך. — מען יאָגט דאָך ניט, טאָ וואָס איילט איר זיך אזוי? מען רעדט ארויס א ווארט און זיי שוין... ב׳ווייס, אפשר צום ערשטען זיין אין דאָרף, און דערנאָך ערשט...

— פארוואס דערנאָך? דער דאָקטאָר האָט דאָך געהייסען! צום אלעם ערשטען ווארף פון זיך ארונטער די פעטקייט און די שווערקייט פון דיין קערפּער, וועט שוין פון זיך אליין פארשווינדען דער שלאָף, וואָס ליגט אויף דיין נשמה. מען דארף קערפּערליכע און גייסטיגע גימנאסטיק.

— ניין אנדרעי, פון דעם אלעם ווער איך פארמאטערט: איך בין ניט איבריג געזונט. ניין, דו פאָר דיר שוין בעסער אליין, און איך וועל בלייבען וואו איך בין...

שטאָלץ האָט א קוק געטאָן אויף דעם ליגענדיגען אבלאָ־מאָוו׳ן, אָבלאָמאָוו האָט א קוק געטאָן אויף אים.

— וואָס טוט זיך דאָ מיט דיר? — האָט איראָניש אַרויס־געדרעדט שטאָלץ. — און דו ווילסט זיך דאָס פּאַרנעמען מיט מאַכען פּלענער? זאָג מיר נאָר? קומסטו ערגעץ? זעסטו עמעצן?

— ווער האָט צייט צו געהן! איך געה זער זעלטען, איך זיץ אַלץ אין דער היים, בין פאַרנומען מיט מיין פּלאַן, איצט איז צוגעקומען דער אומגליק מיט דער דירה... טאַראַנטיעוו האָט זיך אָנגעבאָטען צו זוכען פאַר מיר א דירה...

— קומט עמעץ צו דיר?

— געוויס... עס קומט טאַראַנטיעוו, אַמאָל קומט אַלעקסעיעוו, ניט לאַנג צוריק איז דער דאָקטאָר ביי מיר אָפּגעטראָטען... פּענקין איז געווען, סודבינסקי, וואָלקאָוו..

— איך זע ביי דיר קיין ביכער ניט, — האָט געזאָגט אַנדרעי.

— אָט ליגט א בוך! — האָט באַמערקט אָבלאָמאָוו און אים אָנגעוויזען אויפ׳ן טיש, וואו עס איז געלעגען א בוך.

— וואָס פאַר א בוך איז עס? — האָט געפרעגט שטאָלץ און אַריינגעקוקט אין בוך אַריין, — „א רייזע אין אפריקא". און די זייט אויף וועלכער דו האָסט זיך אָפּגעשטעלט איז פאַר־שימעלט. מען זעט ביי דיר קיין צייטונגען ניט... דו לעזט ניט קיין צייטונגען?

— ניין, די שריפט איז צו קליין, מאַכט קאַליע די אויגען... און דערצו זע איך ניט די נויטווענדיגקייט אין צייטונגען: אויב עס איז דאָ עפּעס נייס, רעדט מען וועגען דעם א גאַנצען טאָג, וואו דו זאָלסט נאָר ניט געהן, הערסטו אַלץ וועגען דעם.

— וואָס איז מיט דיר, איליא? — האָט שטאָלץ געזאָגט, קוקענדיג אויף אָבלאָמאָוו׳ן מיט דערשראָקענע אויגען. — וואָס טוסטו? דו ליגסט דאָך ווי א שטיק טייג און באַוועגסט זיך ניט.

— ריכטיג, אַנדרעי, ווי א שטיק טייג, — האָט טרויעריג געזאָגט אָבלאָמאָוו.

— אַי, איז דאָס אַ חברה. — האָט שטאָלץ זיי פאַרגע־וואָרפען. — ווייסען ניט וויפיל געלט זיי האָבען אין טאַש.

— ניט לאַנג צוריק, דאַכט זיך, האָט איר מיכעי אנדרעי־איטש׳ן אוועקגעגעבען עפּעס געלט, — האָט זאַכאַר פּרובירט צו דערמאָנען.

— יאָ, גערעכט, טאַראַנטיעוו האָט צוגענומען נאָך אַ צען רובעלדיגען און איך האָב אינגאַנצען אָן דעם פאַרגעסען, — האָט זיך אָבלאָמאָוו אָפּגערופען צו שטאָלצ׳ען.

— פאַרוואָס לאָזטו די דאָזיגע בהמה צו זיך אין הויז אריין? — האָט געפרעגט שטאָלץ.

— ער קומט ווי צו זיך אהיים אָדער נאָך בעסער ווי אין אַ טראַקטיר אריין, — האָט זיך אריינגעמישט זאַכאַר. — צו־גענומען דעם שררה׳ס אַ העמד און וועסט, איז עס ווי אין וואַסער אריין! לעצטענס האָט ער געוואָלט צונעמען אויך דעם פראַק... אָ, פאָטערל, אנדרעי איוואַניטש, ווען איר זאָלט אים כאָטש קאָנען אביסעל אָפּהאַלטען...

— ניט דיין דאגה, זאַכאַר! קאָנסט געהן! — האָט אָב־לאָמאָוו זיך אָפּגערופען.

— גיב מיר אַ בויגען שרייב פּאַפּיר, — האָט שטאָלץ געבעטען, — איך דאַרף עפּעס אָנשרייבען.

— זאַכאַר, גיב אנדרעי איוואַניטש׳ן אַ בויגען פּאַפּיר, — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו.

— איר ווייסט דאָך, אז עס איז ניטאָ קיין פּאַפּיר, — האָט זיך פון קאָרידאָר אָפּגערופען זאַכאַר און אפילו זיך ניט אומגעקערט אין צימער אריין.

— גיב וואָסער־עס־איז שטיקעל פּאַפּיר, — איז צוגע־שטאַנען שטאָלץ.

אָבלאָמאָוו האָט אַ זוך געטאָן אויפ׳ן טיש: אפילו קיין שטיקעל איז ניט געווען.

— גיב מיר כאָטש דיין וויזיט־קאַרט.

— איך האָב שוין לאַנג קיין וויזיט־קאַרטען ניט, — האָט זיך אָבלאָמאָוו אָפּגערופען.

די פּלייצע אויסגעריבען, טראַכטענדיג וועגען דעם אומגליק. פאַרגעס ניט, אַז איך בין אַליין, אַליץ מוז איך טאָן אַליין: דאָס דאַרף מען, יענעס דאַרף מען, דאָ דאַרף מען צאָלען, דאָרט דאַרף מען צאָלען, און אינמיטען גאָר גיעה און קלייב זיך איבער! אַן אַ שיעור געלט געהט אַוועק! איך ווייס אַליין ניט אויף וואָס! אויב עס זאָל אַזוי ווייטער געהן, וועל איך בלייבען אָן אַ גראָ־שען געלט.

— ווי אַ מענש האָט זיך דאָס צובאַלעוועט: ס'איז אים שווער אַרויסצוקלייבען זיך! — האָט שטאָליץ אַרויסגערעדט מיט ערשטוינונג. — יאָ, הער זיך נאָר איין, איליא, אויב דו האָסט אַ סך געלט, גיב מיר פינף הונדערט רובעל, איך דאַרף זיי גלייך האָבען, מאָרגען גיב איך זיי דיר צוריק.

— איך ווייס אַליין ניט, לאָמיר זיך דערמאָנען... ניט לאַנג צוריק איז פון דאָרף אָנגעקומען טויזענט רובעל, געבליבען איז... אָט וועל איך אַ קוק טאָן...

אָבלאָמאָוו האָט גענומען זוכען אין די שופלאָדען.

— אָט האָסטו... צען, צוואַנציג, צוויי הונדערט... אָט האָסטו נאָך צוואַנציג. געווען נאָך קופּערנע מטבעות... זאַ־כאַר! זאַכאַר!

זאַכאַר איז אויף זיין פריערדיגען אופן אַראָפּגעשפּרונגען פון אויווען און אריין אין צימער אריין.

— נעכטען האָב איך דאָ צוויי גריוונעס אַוועקגעלייגט. וואו זיינען זיי?

— וואָס חלומ'ען זיך אייך אַלץ צוויי גריוונעס, איליא איליטש? איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, אַז דאָ זיינען קיין צוויי גריוונעס ניט געווען.

— וואָס הייסט ניט געווען? מען האָט דאָך זיי מיר גע־געבען רעשטע פון די אַפּעלסינען.

— איר האָט עס זיכער אימיצען אַוועקגעגעבען און פאַר־געסען וועמען, — האָט געזאַגט זאַכאַר, אומדרעהענדיג זיך צו דער טיר.

שטאָליץ האָט זיך צולאַכט.

טע, טועז זיך זייער ארבייט, האבען ניט קיין גרויסע אויגען; אבער איצט וועלען זיי ווערען צולאזען!... עס וועט זיך שוין איננאנצען ניט לוינען...

— יא, געוויס, אויב עס וועט אזוי זיין, ווי דו זאגסט, איז טאקע שלעכט, — האט געזאגט שטאלץ. — ווייסטו וואס, איליא? ריכט איין א שול אין דארף.

— מיינסט ניט, אז עס איז צו פרי? — האט געפרעגט אבלאמאוו. — בילדונג איז שעדליך פאר'ן פויער: לערן אים נאר עפעס אויס, וועט ער אויפהערען צו אקערען אפילו.

— נארישקייטען! די פויערים וועלען דאך לעזען ווי אזוי צו אקערען! אבער דאך הער זיך איין: דו מוזט אליין זיין אין דארף און טאקע נאך היי־יאר.

— יא, ביסט גערעכט; אבער מיין פלאן איז נאך ניט פארטיג אין גאנצען, — האט אבלאמאוו אויף ניך באמערקט.

— און מען דארף גאר איננאנצען קיין פלאן ניט! — האט געזאגט שטאלץ. — אלין וואס דו דארפסט איז ארויסצופארען. אויפ'ן פלאץ וועסטו זען וואס דו האסט צו טאן. דאכט זיך, אז דו שלעפסט זיך שוין זער לאנג ארום מיט דעם פלאן, פארוואס איז ער נאך אלץ ניט פארטיג? וואס דען טוסטו די גאנצע צייט?

— אוי, ברודער אנדרעי! דו מיינסט אפנים, אז איך האב בלויז צרות פון דארף און דאס איבעריגע געהט שוין ווי עס באדארף צו זיין! און וואס טוט מען צו מיין צווייטען אומגליק?

— וואס נאך פאר אן אומגליק?

— מען טרייבט מיך ארויס פון דער דירה!

— וואס הייסט, מען טרייבט?

— פשוט: זייט אזוי גוט, זאגט מען מיר, און קלייבט זיך ארויס פון דער דירה.

— וואס פאר אן אומגליק איז דאס?

— ביי דיר איז עס קיין אומגליק ניט, — האט זיך אפגערופען אבלאמאוו, — און איך האב מיר שוין די זייטען און

דורכגעלאָפען מיט די אויגען און צולאכט זיך, מסתמא, פון דעם סטאראָסטאַ׳ס סטיל.

— אָ סאר א דרעה־קאָפּ איז דאָס דיין סטאראָסטאַ! — האָט ער געזאָגט. — ער האָט אליין אָפּגעלאָזען די פּויערים און איצט קלאָגט ער זיך נאָך! בעסער זיי אינגאנצען אוועק־צוגעבען די פּאספּאָרטען און זאָלען זיי זיך געהן וואו זיי ווילען נאָר אליין.

— גאָט איז מיר דיר! וואָס רעדסטו? אלע וועלען עס דאָך וועלען! — האָט זיך אָפּגערופען אָבלאָכאָוו.

— זאָלען זיי! — האָט א זאָרגלאָזער אָפּגעענטפערט שטאָלץ. — ווער עס לוינט זיך וועט בלייבען, און אויב אי־מיצען לוינט זיך ניט צו זיין ביי דיר, לוינט זיך דיר ניט צו האַלטען אים.

— וואָס איס קאָן איינפאלען! — האָט געזאָגט איליא איליטש. — די פּויערים אין אָבלאָמאָווקע זיינען פרידליכע מענשען, היימזיצער; וואָס וועלען זיי זיך עפּעס געהן ארום־שלעפּען!...

— ווי עס זעט אויס, — האָט איס איבערגעשלאגען אנדרעי, — ווייסטו ניט, אז אין ווערכליעוו וויל מען אויפבויען א האַפען און מען פּראָייעקטירט דורכצופירען א שאָסיי; אזוי ארום וועט אָבלאָמאָווקע זיך געפינען ניט ווייט פון א הויפּטוועג, און אין שטאָדט געהט מען פאראנשטאַלטען א יאָר־מארק.

— אוי, גאָט מיינער! — האָט געזאָגט אָבלאָמאָוו. — א נייע צרה אויף מיין קאָפּ! אָבלאָמאָווקע ליגט זיך אין אזא שטילען ווינקעל, אָן א זייט, און מיטאמאָל נאָ דיר נאָר א יריד, א שאָסיי! די פּויערים וועלען זיך צוגעוועהנען צו דער שטאָדט, סוחרים וועלען זיך נעמען באוויזען אין דאָרף — מיר זיינען פארלאָרען! אָן אומגליק קלייבט זיך אויף אונז!

שטאָלץ האָט זיך ווידער צולאכט.

— וואָס לאכסטו? — האָט אָבלאָמאָוו ווייטער גערעדט. — עס איז אָן אמת׳ר אומגליק! ביז אהער זיינען זיך די פּויערים געוועזען רואינע מענשען, ניט קיין גוטע, ניט קיין שלעכ־

— דו, אנדרעי, אויך שוין געגען מיר? איין קלוגער מענש איז געווען איז ער אויך ארונטער פון זינען. וועלכער מענש פאַרט דאָס קיין אמעריקא און קיין עגיפטען! ענגלענדער בלויז: גאָט האָט זיי שוין אזוי באשאפען! דערצו האָבען זיי ניט וואו צו וואוינען ביי זיך אין דער היים. אָבער ווער פאַרט פון אונזערע מענשען? דאָס קאָן נאָר טאָן ביי אונז א פארצווייפעלטער מענש וועמען דאָס לעבען איז ניט ניחא.

— ניט קיין זער גרויסע העלדענטאטען! זעץ זיך אויף א קאָלאַס, צי אויף א שיף, אָטעם דיר פרישע לופט, באטראכט פרעמדע לענדער, שטעט, זיטען, מען זעט וואונדערבארע זאכען... עי, דו! נו, איצט דערצעהל מיר וואָס הערט זיך אין אָבלאָמאָווקע?

— אך! — האָט ארויסגערעדט אָבלאָמאָוו א מאך טוענדיג מיט דער האנט.

— וואָס האָט פאסירט?

— דאָס לעבען נעמט אויפברוזען.

— א דאנק גאָט דערפאר! — האָט געזאָגט שטאָלץ.

— וואָס הייסט: א דאנק גאָט דערפאר! אָט ווען עס זאָל גלעטען איבער'ן קעפעל איז עפּעס אנדערש, אָבער עס טשעפּעט זיך, ווי עס טשעפען זיך אין דער שול שלעכטע אינגלעך צו א פרידליכען, רואיגען אינגעל, — אָט גיט עס א קניפּ הינטערווייַלאכטס און אָט גיט עס מיר א זעץ אין פנים אריין... איך קאָן שוין מער ניט אויסהאלטען!

— דו ביסט שוין אביסעל צופיל אומרואיג. אָבער וואָס האָט פאסירט? — האָט געפרעגט שטאָלץ.

— צוויי אומגליקען!

— וואָסערע אומגליקען?

— איך בין אינגאנצען רואינירט.

— ווי אזוי?

— אָט וועל איך דיר פאָרלעזען וואָס דער סטאראָסטא שרייבט... האַ? וואו איז דער בריף? זאכאר! זאכאר!

זאכאר האָט אויפגעזוכט דעם בריף. שטאָלץ איז אים

## 3.

— וואָס מאכסטו, איליא? איך בין זער צופרידען וואָס מיר זעען זיך ווידער! ווי געהט עס דיר? ביסטו כאָטש געזונט? — האָט געפרעגט שטאָליץ.

— שלעכט מיט מיר, ברודער אנדרעי, — האָט, זיפצענדיג, געענטפערט אָבלאָמאָוו, — ניט געזונט, ברודער.

— ביסט ניט געזונט? — האָט א פארזאָרגטער געפרעגט אנדרעי.

— פון גערשטען לייד איך! ערשט לעצטע וואך איז איינער ארונטער פון מיין רעכטען אויג און איצט באווייזט זיך שוין א נייער ווידער.

שטאָליץ האָט זיך צולאכט.

— דאָס אליץ? — האָט ער געפרעגט. — פון א סך שלאָפען קומט עס דיר!

— עס ברענט דאָך א שרעק! דו האָסט געמעגט הערען וואָס ניט לאנג צוריק האָט דער דאָקטאָר מיר אָנגעזאָגט. „נאָך אויסלאנד, זאָגט ער, פאָרט גלייך אוועק, אז ניט קאָן זיין זער שלעכט: איר קאָנט קריגען אן אפּאָפּלעקציע.

— וואָס האָסטו באשלאָסען?

— איך פאָר ניט.

— פארוואָס?

— דו הער זיך נאָר איין וואָס ער האָט נאָך אָנגערעדט: „וואוינט אויף א בארג, פאָרט קיין עגיפּטען, אָדער גאָר קיין אמעריקא...“

— איז וואָס? — האָט קאלטבלוטיג ארויסגערעדט אנדרעי, — צוויי וואָכען וועט דיר נעמען קיין עגיפּטען און קיין אמעריקא — דריי.

# אבּלאמאוו

ראָמאַן אין פיר טײלַען, דרַיי ביכער

פון

א. א. גאָנטשאַראָוו.

